## אברהם פאָרסייט

# בר־כוכבא

(היסטאָרישער ראָמאַן)

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון
„יצחק אייזיק הורוויטש בר. 10“, און „היימישער ווינקל, בר. 178“
— אידיש־נאַציאָנאַלער ארבעטער פאַרבאַנד.

ניו־יאָרק, 1941

פאר דער אידישער יוגנט, — אין צייטן טראגישע, — א בלאַט פון אונדזער געשיכטע, א מעשה פון אונדזער העלדן־עפּאָס.

— א ב ר ה ם   פ אָ ר ס י י ט ,

●



PRINTED IN U.S.A.


400

# אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

דער בר־כוכבא אויפשטאַנד, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 132 (נייע צייט־רעכענונג) איז פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער באפרייאונגס־מלחמה פון די קנאים (זעלאָטן) געווען אָפּגערוקט בלויז מיט זעכציק יאָר. דער גייסט פון די זעלאָטן, זייער אידעאַליזם, זייער מוט און העלדישקייט און זייער גרייטקייט צו קעמפן ביזן לעצטן, האָט זיכער געפונען אַן אָפּקלאַנג — און ווידערקלאַנג — אין די רייען פון די בר־כוכבא גבורים. דעריבער ווערן דאָ, אין דעם בוך, די בר־כוכבא קריגער טיילווייז אויך באַצייכנט מיט דעם נאָמען „זעלאָטן", כאָטש די פירנדיקע, קעמפערישע קנאים־פּאַרטיי האָט זיך פּאַקטיש אויפגעלייזט — אין בלוט און פייער — אין דעם חורבן פון 70-טן יאָר. דער בר־כוכבא אויפשטאַנד ווערט דאָ אויפגענומען ווי אַ המשך, און דער באַגריף „זעלאָטן", ווי אַ סימבאָל און צייכן פון דעם היסטאָריש־דויערנדיקן און מערקווירדיקן אידישן קאמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

א. פּ.

# ערשטער קאַפּיטל

דאָס דאָרף ערובה איז געלעגן אין טאָל. האַרט ביים דאָרף איז פאַרבייגעגאַנגען דער וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן די בערג פון יהודה. דער טאָל איז פון לאַנג־אָן געווען דער בעס־טער וועג פאַר די קאַראַוואַנען, וועלכע האָבן געפירט די אוצרות פון יהודה צו די ברעגן פון ים. דאָרטן, ביים ים, פלעגן די קאַ־ראַוואַנען אויסלאָדן די געבראַכטע סחורות און ווידער אָנלאָדן־זיך מיט אַנדערע סחורות פון די ווייטע לענדער.

מיט שווער־געזעצטע טריט פלעגן לאַנגזאַם טרעטן די קעמלען, אָנגעלאָדענע ביי די זייטן פון די הויקערס, מיט פעסלעך בשמים, פעק מיט וואָל, און זעק מיט די בעסטע פירות און תבואות פון לאַנד. געדולדיק האָבן די אייזלען געשלעפּט דאָס אָרימע פויערישע גוטס אויף די מערק פון חברון, וועלכע זיינען פון אַלעמאָל געווען באַוואוסט מיט זייער רוישיקן האַנדל.

דאָס דאָרף ערובה איז געווען אַן אָפּשטעל־פּונקט פאַר די קאַראַוואַנען. אַרום און אַרום זיינען געלעגן און האָבן זיך געצויגן שפע׳דיק פאַרזייטע פעלדער און געדיכטע סעדער און שיין־באַארבעטע טעראַסן.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען פאַר דער גרויזאַמער מלחמה מיט די רוימער און פאַרן חורבן. איצט, אַ האַלב יאָרהונדערט נאָכן חורבן, איז די גאַנצע באַוועגלעכקייט אַרום ערובה געווען אָפּ־געשטאָרבן. זעלטן פלעגט דאָרט איצט אַ אידישער פויער דורכ־פאָרן מיט זיין אייזל, פירנדיק דאָס שניט צו פאַרקויפן; און זעלטן פלעגט זיך איצט באַווייזן אַ סוחר מיט זיין פעקל זיידנס אויף די פּלייצעס, דורכגייענדיק אויפן וועג צו די דערפער.

פון דאָרף ערובה איז איצט פאַרבליבן נאָר אַ הייפעלע הייזער. אין דעם חורבן וואָס טיטוס האָט געבראַכט, זיינען אומגעקומען אַלע העלדישע זין; פרויען און קינדער זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן און זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אין ווייטע לענדער.

# בר־כוכבא

אָבער פּרוכטבאַר איז דאָ געווען די ערד, נייע מענטשן זיינען גע־קומען. די פאַר׳שרפה׳טע הייזער אויף די פאַרשוואַרצטע שטיינער־הרודעס, זיינען ביסלעכווייז אָפּגעבויט געוואָרן. די פעלדער, פאַרוואַקסענע מיט ווילד גראָז, זיינען ביסלעכווייז צע־אַקערט געוואָרן און האָבן גענומען גרינען. דעם שטאַרקסטן ווי־דערשטאַנד האָבן געגעבן די ביימער אין די סעדער. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן דעם חורבן און, הגם ניט ארומגעשניטן, און ניט באַוואַכט גענוג פון מענטשלעכע הענט, פלעגן זיי יעדן פרילינג פאַנאַנדערוויקלען די אַלט־נייע פּראַכט פון זייער וויי־סער בליאונג און פלעגן אָנפילן די לופט מיט שמעקנדיקע ריחות.

אין דעם פאַרלאָזענעם געביי פון דוד הזרוני, וואָס איז באַ־שטאַנען פון א גרויסן שטיינערנעם בנין און שטאַלן, איז איינגע־שטאַנען דער רוימישער צענטוריאָן אַרוסוס מיט א קאָהאָרטע רוימער, אָן אָפּטיילונג פון צוועלפטן לעגיאָן. זינט עס האָבן זיך פאַרמערט די אָנפאַלן פון רויבער, און איבערהויפּט זינט עס זיינען באַפאַלן געוואָרן די שקלאַפן־הענדלער, פון וועמענס הענט מען האָט באַפרייט דעם פירער פון די מורדים — אבינדב׳ן מיט זיינע חברים, היט ארוסוס אַלע וועגן. ער לויערט אויף די באַהאַלטענע מורדים, ווען זיי וואַגן ארויסצוקומען פון זייערע באַהעלטענישן אין די בערג.

ארוסוס האָט פאַרנאכט־צו פאַנאַנדערגעשיקט די פאָסטנס. איצט איז ער געזעסן אין סאָד און האָט געשטעלט כיבוד פאַר זיין אַלטן חבר טעלעניוס און פאַר דעם פאַטריצער לאַריטיוס, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען קיין יהודה פון רוים.

הגם די נאַכט איז געווען אַ קילע, זיינען אַלע דריי רוימער גע־ווען אָנגעטאָן אין לייכטע טוניקס מיט קורצע אַרבל און קורצע הויזן, וואָס האָבן אַנטבלויזט מוסקולירטע פון זון פאַרברוינטע הענט און פיס.

די רוימער זיינען געזעסן אַרום א קיילעכדיקן שטיינערנעם טיש, איבער וועלכן ס׳האָבן זיך געהויבן די קעפּ פון שלאַנקע פאַלמען. דער טיש איז געווען פול אָנגעלאָדן מיט פלעשער וויין, קערבלעך מיט פרוכט און צוקער־געבעקס.

## אין די בערג פון יהודה

ארוסוס, אַ מיטלוואוקסיקער, שווערלעך געבויטער רוימער, אין די אָנהייב דרייסיקער, מיט א פּנים, רויט פון אויסגעטרונקענעם ווײַן, האָט אָנגעגאָסן אַלעמענס כּוסות ביז פול און צום דריטן מאָל געטרונקען א טאָוסט פאַר רוים. דעם ווײַן האָט ער געטרונקען לאַנגזאַם, פאַרהאַלטנדיק יעדן שלונג אויפן צונג.

— ביי באַקכוס! די ווײַנען פון יהודה זײַנען ניט ערגער פון אונדזערע. און — וואָס פאַר א גליק צו זײַן א רוימער! צו וויסן אַז די גאַנצע וועלט ליגט א באַזיגטע פאַר אונדזער דינסט און פאַר אונדזער פאַרגעניגן. אמת, מײַנע הוליאַנקעס אין רוים זײַנען געווען פּרעכטיקער. מער ווײַן, און מער שיינע שקלאַפינס, נאָר גאָלד, פאַרמעגנס — דאָס קען מען קריגן נאָר דאָ אין דעם באַרבאַרן־לאַנד — יהודה. האַ־האַ, גאָלד און מאַכט!

טעלעניוס האָט מיט כעס אַ שטעל געטאָן דעם כּוס אויפן טיש:

— און איך פאַרשילט דעם טאָג פון מײַן קומען אין דער פאַרשאָלטענער יהודה.

— וואָס? האָסט ווינציק נצחונות געהאַט? ווייניק גאָלד געזאַמלט?

— נו, וואָס זײַנען געווען געוואונענע שלאַכטן, גרויסקייט און גאָלד, ווען איך האָב זי ניט געקענט געווינען...

— אָה, כ׳פאַרשטיי, דו האָסט נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן די אידישקע. אין קסריה האָב איך געזען יונגע שקלאַפינס, נאָך ניט אינגאַנצן צעעפנטע רויזן. אונטער דײַנע ליבעס־שטראַלן וועלן זיי זיך צעבליען ווי ווענוס...

— זאָג דאָס ניט, ארוסוס! מעטרעסעס פאַר גאָלד, שיינע שקלאַפינס, — זיי קען איך האָבן גענוג. זי אָבער האָט אין מיר דעם רוימער דערנידעריקט; מיר באַוויזן, דאָס אַ אידין קען מען איבערוועלטיקן, אָבער ניט באַזיגן.

— מיר וועלן זיי נאָך ווייזן, טעלעניוס. נאַ, נעם נאָך א כּוס.

און ווענדנדיק זיך דערנאָך צום יונגן גאַסט, האָט ארוסוס פריינטלעך ארויפגעלייגט זײַן האַנט אויף לאַריטיוס׳עס אַקסל:

— און דו, לאַריטיוס, פאַרוואָס שווייגסטו דעם גאַנצן אָוונט? וואָס דריקט דיך?

## בר־כוכבא

— איך ווייס ניט, איידעלער ארוסוס. נאָך דעם רווישיקן, שטורמישן לעבן אין רוים, וועמען קען לאָקן דאָס שטילע לעבן אין אַ פאַרוואָרפענער פּראָווינץ? פונדעסטוועגן איז דאָ אַלץ אנדערש ווי אין די באַרבאַרן־פּראָווינצן, וואו מיר איז אויסגעקומען צו זיין. דאָרטן קרימען אַלע נאָך די רוימער. דאָ אָבער זעט מען זייער שטייגער און זייער גלויבן, פאר וועלכן זיי שטייען פעסט. אין רוים לאַכט מען זיך פון אַלץ אויס. ליבע, פריינטשאַפט, טרייהייט, אפילו אונדזערע געטער לאַכן מיר דאָך שוין אויס. נאָך דעם אַלעמען איז אָנגענעם צו אַנטדעקן אַ ווינקל אויף דער ערד, וואו מענטשן לעבן זיך אויס מיט גאַנצקייט און מיט גלויבן.

— אָהאָ! — האָט ארוסוס געזאָגט, אָנגיסנדיק ווידער פולע כוסות ווייַן, — מיין יונגער פריינט האָט געוויס שטודירט פילאָ־זאָפיע...

א סאָלדאָט, זיין באַדינער, איז אַריין און איבערגעריסן זיינע רייד:

— מיין האַר! אַ סאָלדאָט איז געקומען פון פאָסטן און ער זאָגט, אז ער מוז אייך גלייך זען.

דעם סאָלדאָט׳ס ווערטער האָבן ארוסוס׳ן אויסגעניכטערט און געבראכט צוריק צו זיך. די מיליטערישע דיסציפּלין רופט אים. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיינע געסט און איז אַרויס.

אין דעם צימער פון סאָלדאָטן־וואך האָט ער דערזען דעם סאָל־דאָט לופּיטוס, ווי יענער איז געלעגן אויף דער ערד אָן באַוואוסט־זיין, און ארום אים — פלעקן פון בלוט.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגטביים סאָלדאָט, וואָס איז אויף די קני געווען איבערגעבויגן איבער לופּיטוס׳ן און געוואַלט מיט געוואלט אריינגיסן אביסל ווייַן אין די פאַרשטשעמע־טע ליפּן.

דערזעענדיק ארוסוס׳ן האָט דער סאָלדאָט אָפּגעלאָזן לופּיטוס׳ן און זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט.

— לופּיטוס איז פאַרוואונדעט געוואָרן און איך האָב אים געבראַכט אַהער.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען?

## אין די בערג פון יהודה

— דאָס ווייס איך ניט, — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט.

— ער איז דאָך גאָר געווען אין אַן אַנדער פּאַטרול, ווי אזוי־זשע האָסטו אים געפונען?

— מיין האר! מיר זיינען געשטאַנען אויף אונדזער פּאָסטן, פאַרשטעקט הינטער פעלזן און געהאלטן דעם וועג אונטער וואַך. אַלץ אַרום איז געווען שטיל. דאָ האָט זיך אונדז געגומען דאַכטן, אַז פון דערווייטנס באַוועגט זיך אַ שוואַרצע זאַך און דערנעענטערט זיך צו אונדז. פון אָנהייב האָבן מיר דאָס אָנגענומען פאַר אַ שאַ־קאַל. מיר האָבן צודרינגלעך גענומען נאָכקוקן, אָבער באַלד איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז ניט קיין שאַקאַל, נאָר א מענטש, וועלכער האָט זיך געשלעפּט אויף אַלע פיר. מיר האָבן צוגעגרייט אונדזער געווער, זייענדיק זיכער אז דאָס איז א אידישער קריגער, וועלכער וויל זיך שטיל צו׳גנב׳ענען צו אונדז און אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט אַריינשטעכן אונדז אַ מעסער אין רוקן. דער מענטש איז געקראָכן זייער לאַנגזאַם. איז אָפּגעקראָכן עט־לעכע טריט און ווידער געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך, ביז וואַנען ער איז אינגאנצן געבליבן ליגן שטיל. דאַן זיינען מיר צו אים צוגעגאַנגען. איך האָב אָפּגעדעקט דעם לאַמטערן און מיר האָבן גאָר דערקענט אונדזער לופּיטוס׳ן. דאַן האָב איך אים געבראַכט אַהער.

— האָט ער עפּעס גערעדט?

— ער איז געווען באַוואוסטלאָז.

— איז עמיצער דורכגעפאָרן דורך דער צייט?

— קיינער ניט.

ארוסוס האָט זיך צוגעבויגן צום באַוואוסטלאָזן סאָלדאַט, גע־טאַפּט זיין דופק.

— לייג אים אַוועק אויפן בעטל.

דער סאָלדאַט און דער באַדינער האָבן אויפגעהויבן לופּיטוס׳ן און אים אויסגעצויגן אויפן בעטל.

— איצט ברענג אַריין אַ כוס וויין.

ווען דער סאָלדאַט־באַדינער האָט אריינגעבראכט דעם וויין, האָט ארוסוס מיט דער הילף פון סאָלדאַט אריינגעגאָסן אביסל וויין

אין די פאַרשטשעמעטע ווייסע ליפּן. לופּיטוס האָט קאָנוואולסיוו אַ שלונג געטאָן דעם ווײַן. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן די ווינקלען פון מויל אַ ציטער געטאָן און די דעקלעך פון די אויגן האָבן זיך עטוואָס אויפגעהויבן. לופּיטוס האָט שטאַר זיך אַרומגעקוקט. זיין בליק האָט געוואַנדערט אַרום די זאַכן אין צימער און ער האָט ניט געקענט באַנעמען וואָס דאָ קומט פאָר. ענדלעך האָט זיין בליק זיך אָפּגעשטעלט אויף אַרוסוס׳ן.

— נעם נאָך אַביסעלע ווײַן און שטאַרק זיך, — האָט אַרוסוס געזאָגט, און געגעבן לופּיטוס׳ן נאָך אַ טרונק ווײַן. ס׳האָט גע־דויערט אַ היפּשע ווײַלע, אָבער דער ווײַן האָט געווירקט. דאָס בלוט האָט גענומען צוריקומען צום פּנים.

— נו, איצט דערצייל וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט?

— גיט מיר אַ האַנט און העלפט מיר זיך אויפזעצן, — האָט לופּיטוס אַרויסגערעדט מיט אַ שוואַכער שטים.

אַרוסוס מיטן סאָלדאַט האָבן געהאָלפן לופּיטוס׳ן זיך זעצן און דאַן האָט ער דערציילט:

— מיר האָבן פאַרנומען אונדזער פּאָסטן אין די בערג, האָבן זיך באַהאַלטן הינטער אַ פעלז און געהאַלטן אונדזערע אויגן גע־ווענדט צום וועג. ווען ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער, האָבן מיר דערהערט טריט. ווען די טריט זיינען געוואָרן גאָר נאָענט, זיינען מיר אַרויס פון אונדזער באַהעלטעניש.

— האַלט! ווער גייט? — האָבן מיר אויסגעשריען. אַ הויכע געשטאַלט פון אַ מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט. פאַר אונדז איז געשטאַנען אַ פּאַטריצער. לאַמבוס און פינאָ זיינען אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט, בעטנדיק אַנטשולדיקונג. מיר אָבער איז געוואָרן אויפפאַלנדיק: וואָס וועט אַ רוימישער פּאַטריציער טאָן איצט אין די בערג אַליין? און דערמאָנענדיק זיך ווי כיטרע די אידן זיינען, האָב איך צוגעטראָגן מיין לאָמטערן צו זיין געזיכט.

— ביי יופּיטער! שמעון פון טראַנסטיבעריע! — האָב איך אויסגעשריען דערקענענדיק אים.

ווי נאָר ער האָט דערהערט זיין נאָמען, איז ער פלינק אָפּגע־שפּרונגען פון אונדז, אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און איידער איך

## אין די בערג פון יהודה

האָב צייט געהאַט צו נעמען זיך צום געווער, האָב איך דערפילט אַ שטויס אין ברוסט און בין געפאַלן באַוואוסטלאָז. אַז איך בין געקומען צו זיך, האָב איך קיינעם מער ניט געזען. איך האָב גע־פּרוּווט רופן לאַמבוס׳ן און פינאַ׳ן. קיינער האָט מיר ניט געענט־פערט. דאַן האָב איך זיך געלאָזט פויזען. מיינע צוויי חברים זיי־נען געלעגן ניט ווייט.ביידע טויט. כ׳האָב זיך געלאָזן דאַן צום צווייטן פּאָסטן, ביז וואַנען איך בין געבליבן ליגן אָן כוחות.

— ווער איז ער געווען, דער פאַרשאָלטענער? — האָט ארוסוס געפרעגט.

— שמעון, דער פירער פון די יונגע רעבעלן אין טראַנסטי־בעריע.

— דו האָסט אים געקענט?

— יע. ער איז געווען דער בעסטער גלאַדיאַטאָר אין טראַנס־טיבעריע.

— שמעון זאָגסטו איז זיין נאָמען? וואַרט נאָר, וואַרט! צי־ליוס, ברענג מיר אריין די פּאַפּירוסן וואָס זיינען נעכטן אָנגעקומען.

אַז דער סאָלדאַט־באַדינער האָט אים אויף אַ הילצערנער טאַץ דערלאַנגט אַ פּעקל פּאַפּירוסן האָט ארוסוס אין זיי געזוכט לאַנג און געלייענט, ביז זיינע אויגן האָבן אַ פריידיקן גלי געטאָן.

— דאָס איז ער. ביי יופּיטער! פאָרטונע איז מיט מיר. העי, ציליוס! וועק אויף די גאַנצע אָפּטיילונג. מיר טרעטן באַלד אַרויס!

ציליוס איז אַרויס און ארוסוס איז אריין צו זיינע געסט. באַ־זויפענע פון וויין, האָבן זיי שוין געדרעמלט. טעלעניוס איז גע־לעגן מיטן קאָפּ אויפן טיש און לאַריטיוס, — אָנשפּאַרנדיק זיך אָן דער באַנק.

ארוסוס האָט געזאָגט:

— ווען מאַרס רופט, דאַן שלאָפט עראָס! בעסער אַזוי, די 5,000 סעסטערציעס פאַר באַלוינונג וויל איך זיך מיט קיינעם ניט טיילן. און דעם כבוד פון כאַפּן א געפערלעכן רעבעל — אוודאי ניט!

ער איז אַרויס צו די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן פאַרשלאָפענער־

הייט, אויף גיך זיך אַנגעטאָן, זיך באַוואָפנט, און זיך אויסגעשטעלט אין אָרדענונג. ארוסוס האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע און די קליינע מחנה האָט זיך גערירט אין וועג אריין.

די לבנה, וואָס האָט זיך שפּעט ארויסגערוקט אויפן הימל, האָט קוים באַוויזן דורך די געדיכטע צווייגן פון דיביימער אַביסל צו באַלייכטן דעם וועג. רואיקע, איינגעוויקלט אין מידן שלאָף, זיינען די ביימער געשטאַנען אַן אַ ריר, אָן אַ שאָרך. אין דער שטילקייט פון דער נאכט האָט זיך נאָר געטראָגן דאָס ריטמישע קלאַפּן פון די סאָלדאַטן־טריט. ארוסוס האָט זיין אָפּטיילונג געפירט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. אָנקומענדיק צום בארג־שטעג, וואָס האָט געפירט צום פּלאַץ, וואו ס׳זיינען, נאָך זיין אויסרעכענונג, געווען די אידישע רעבעלן, האָט ער די מחנה צעטיילט אויף צוויי.

— גייט וואָס שטילער! — האָט ער זיי באַפוילן, און אליין האָט ער זיך געלאָזט גיין פאָראויס.

דער וועג, וואָס איז געגאַנגען אַלץ פעלזיקער, דרייענדיק זיך צווישן די בערג איז געוואָרן ברייטער. די ווענט פון שמאָלן וועג האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט און זיך פאַרענדיקט מיט א ברייטן פּלאַטאָ. דאָרטן, אין אַ טיפער הייל, האָט זיך אויפגעהאלטן דער אַנטלאָפענער גבור אבינדב דער שמיד, און א קליין הייפעלע מיט־קעמפער. די רוימישע סאָלדאַטן זיינען נאָך ניט געווען אָפּגעגאַנגען צו ווייט, ווען אַ וואַך־פאָסטן פון די זעלאָטן האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג.

— ראובן! לויף צו דער הייל און זאָג אָן אבינדב אז דער שונא קומט! — האָט חנן אַ זאָג געטאָן צו זיין חבר. אליין האָט ער זיך אוועקגעשטעלט הינטער א פעלז און איז געווען גרייט צו באַפאַלן די רוימער און זיי פאַרהאלטן ווי לאַנג נאָר מעגלעך.

דייטלעכער און דייטלעכער האָבן געקלאַפּט די טריט פון די מארשירנדיקע רוימער. ווען זיי זיינען געווען שוין גאָר נאָענט, איז חנן ארויס פון זיין באַהעלטעניש. מיט זיין אַנטבלויזטן שווערד אין האַנט האָט ער זיך געוואָרפן אויף דעם פאָראויסגייענדיקן ארוסוס׳ן. דער אָנפאַל איז פאר דעם לעצטן געווען אומדערוואַר־טעט און ווען ניט די סאָלדאַטן פון דער ערשטער ריי, וועלכע האָבן

## אין די בערג פון יהודה

חנן׳ען באַצייטנס פאַרשטעלט דעם וועג, וואָלט ארוסוס דערשלאָגן געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן געענטפערט אויף חנן׳ס אָנגריף. דער לעצטער, אונטער דעם דרוק פון די רוימער, האָט געמוזט אָפּטרעטן, אָנשטרענגענדיק זיך צו פאַרהאַלטן די רוימער וואָס לענגער. ארוסוס האָט אָבער באַוויזן ארומצוגיין חנן׳ען פון הינטן אַרום און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אים אַוועקגעלייגט. חנן איז געפאַלן אין אַ טייך בלוט.

אין דעם מאָמענט איז געקומען צולויפן אבינדב מיט זיין קליי־נער מחנה. דערזעענדיק די רוימער ארויפשטייגן אויבן אויפן וועג, וואָס האָט געפירט צום פּלאַטאָ, האָט ער מאָמענטאַל באַגריפן די גרויסע געפאַר. מיט אַן אימפּעט, וואָס ווערט נאָר ארויסגערופן פון פאַרצווייפלונג, האָט ער זיך אריינגעריסן אין די רייען פון די רוימער, און נאָך אים: ראובן, בנימין פון קדרה, כלב און נאָך עטלעכע קריגער. אונטער דעם דרוק פון זייערע שטאַרקע קלעפּ זיינען די רוימער אָפּגעטראָטן אַביסל און די שלאַכט, אַ פאַר־ביטערטע, אַ בלוטיקע, האָט זיך צעשפּילט. פאַר אַ קורצער צייט האָבן די אידן זיך מוטיק געהאַלטן. אָבער באַלד איז כלב גע־פאַלן און נאָך אים האָט אויך בנימין מאַכטלאָז ארויסגעלאָזט זיין שווערד פון האַנט. ארוסוס האָט זיך דורכגעריסן דורך דער אידי־שער ריי און האָט זיך באַוויזן אויבן אויפן פּלאַטאָ, פון הינטן. עס האָט זיך געדאַכט אַז די קליינע מחנה אידן וועט באַלד ארומגע־רינגלט און אויסגעשלאָכט ווערן. אין דעם מאָמענט האָט פון הינ־טער די רוימישע רייען, ווי אַ לייב זיך דורכגעטראָגן די מעכטיקע פיגור פון אַ רוימער, אָנגעטאָן אין אַ טייערער טאָגאָ און מיט אַן אַנטבלויזטער שווערד אין האַנט. ער האָט געגומען שניידן די רוי־מער רעכטס און לינקס. אין אַ רגע איז ער געווען אויבן אויפן פּלאַטאָ און איז געשטאַנען קעגן דעם רוימער ארוסוס.

אראָפּוואַרפנדיק זיין טאָגאָ איז ער געבליבן שטיין אין זיין טוניק, אַנטבלויזנדיק מעכטיק־מוסקולירטע הענט. ארוסוס האָט דאָס באַלד באַמערקט. אָט דאָס איז ער — שמעון פון טראַנס־טיבעריע! — איז אים דורכגעפלויגן אין געדאַנק.ביידע האָבן זיך אָפּגעמאָסטן מיט שאַרפע בליקן. ביידע האָבן פאַרזיכטיק געקריי־

ציקט זייערע שווערדן, פּרובירנדיק איינער דעם אַנדערן. א קורצע ווײַלע האָט זיך געדאַכט, אז זיי זיינען ביידע גלייך געאיבט אין געפעכט.

מיט אַ פּאָר צוריקוועגס־באַוועגונגען האָט שמעון אָפּגעצויגן ארוסוס׳ן אָן אַ זייט פון די קעמפנדיקע, איזאָלירנדיק אים פון זיינע רוימער. דערנאָך האָט ער מיט אן אימפּעט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים. ארוסוס האָט באַגעגנט זיינע קלעפּ מיט דער זעלבער עקשנות, כח און געשיקטקייט. קיינער פון זיי איז ניט אָפּגע־טראָטן אַ טראָט. שמעון האָט געכאַפּט אַ בליק צו די קעמפנדיקע. אין דער גרויקייט פון באגינען האָבן זיך נאָר געהערט די געשרייען און קלעפּ פון די קעמפער. געשרייען ווילדע, געשרייען פון פאַר־צווייפלונג און געשרייען פון נצחון. שמעון האָט גוט געקענט די רוימער, און נאָך די געשרייען נאָך האָט ער פאַרשטאַנען אז די לאַגע פון די אידן איז ווייט ניט קיין נצחונ׳דיקע. דערווייל האָט ארוסוס האָפּערדיק גענומען אָנגרײַפן שמעונ׳ען, פאַרלירנדיק דער־ביי זיין פריערדיקע פאַרזיכטיקייט. שמעון האָט דאָס אויסגענוצט. אַ מעכטיקער זעץ פון זיין שווערד און — ארוסוס איז געבליבן שטיין מיט זיין שווערד צעבראָכן אויף צווייען. א קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. „וועט א איד באזיגן ארוסוס׳ן?״ — האָט אים א קלאַפּ געטאָן אין מח.

שמעון, ניט אָנגרייפנדיק מער ארוסוס׳ן, האָט געזאָגט:

— ביי גאָט, דו ביסט בראַוו און העלדיש ווי אַן עכטער רוי־מער. איך שעץ דאָס אפילו ביי אַ שונא. איך וועל ניט אָנפאַלן אויף אַן אומבאַוואָפנטן.

ארוסוס האָט געשוויגן.

— און זע, — האָט ער געוויזן מיטן האַנט אויף די קריגער, וועלכע האָבן געאיילט פון די פעלזן צו הילף זייערע געדריקטע חברים, — פון אַלע זייטן קומען זיי; איר וועט באַלד זיין ארומ־גערינגלט; איצט קענסטו אָפּציען דיינע סאָלדאַטן און מיר וועלן זיך אויף צוריקציען.

— ארוסוס זאָל אָפּטרעטן פאַר א אידן?! העברייער, דו טראָגסט אַ רוימישע טוניק און האַלסט דיין שווערד ווי א רוימער,

# אין די בערג פון יהודה

אָבער, ביי יופיטער, דו קענסט אונדז ניט. אָט מיט דעם האַלבן שווערד וועל איך זיך שלאָגן קעגן דריי אידן.

— טאָ שטארב־זשע, שטאָלצער רוימער! — האָט שמעון אויסגעשריען און מיט אַזא שטארקייט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף ארוסוס׳ן, אז דער לעצטער האָט זיך קוים געקענט שיצן מיט זיין האַלב־צעבראָכענער שווערד. באַלד האָט ארוסוס דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין שטערן און אַ שטראָם בלוט האָט פארגאָסן זיין לינקע אויג. ער האָט זיך נאָך געפּרואווט פאַרטיידיקן נאָר קלאַפּ נאָך קלאַפּ האָט שמעון טרעפלעך אים דערלאַנגט אין די אומבאַשיצטע טיילן פון קערפּער און אַ פּארבלוטיקטער איז ארוסוס אנידערגעפאלן אויף דער שטייניקער ערד.

שמעון האָט זיך איצט אַ וואָרף געטאָן אויף די רוימישע סאָלדאַטן, און דאָס איז טאַקע געשען אין דער ריכטיקער צייט, ווייל אבינדב׳ס רעכטע האַנט איז געווען פארוואונדעט און ער האָט זיך קוים געקענט שיצן מיט דער שווערד אין דער לינקער האַנט. א חוץ דעם טויטן חנב׳ען און כלב׳ן, איז נאָך בנימין פון קדרה געלעגן אין שמערצן. שמעון האָט זיך דאָ אריינגעריסן אין די רייען פון די רוימער און זיי אינגאנצן צעמישט מיט זיין קליידונג פון אַ רוימישן פּאַטריציער. זייער קאָמאַנדיר ארוסוס איז געלעגן טויט און אָן זיין מוטיקער אָנפירערשאפט האָט די מחנה אַ ציטער געטאָן. מיט אַ ווילדער שרעק האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן באַרג אַראָפּ. אין דער פּאניק, וואָס האָט זיי ארומגעכאפּט, האָט יעדערער געזוכט וואָס גיכער ארויסצערייסן זיך פון דער פּאַסטקע אין די ווילדע בערג־פעלזן. אויפן שמאָלן וועג איז געוואָרן אַ געדראנג. איינער האָט געטראָטן אויף דעם צווייטן און אלע האָבן זיך אזוי ווי געקייקלט — באַרג אַראָפּ. פון אויבן איבער זיי האָבן זיך געהערט די נצחון־געשרייען און די קלעפּ פון די נאָכיאָגנדיקע אידן.

ביי דעם חברונ׳ער וועג האָבן די אידן נאָכגעיאָגט די רוי־מער, וואָרפנדיק צווישן זיי טויט און שרעק. נאָר נאָכן שמאָלן באַרג־וועג איז שוין געווען ריזיקאַליש נאָכצויאָגן, און אבינדב האָט אָפּגעשטעלט זיינע חברים.

דאָ איז ער פנים צו פנים געבליבן שטיין פאַר דעם אומדער־

וואַרטעטן רעטער פון שלאַכט, פאַר דעם קריגער אין רוימישער קליידונג. שמעון איז געשטאַנען פאַר אים אין זיין גאַנצער קראַפט. א הויכער, ברייטפּלייציקער; העגט און פיס — קנופּן מוסקולירטע לייב. ער האָט שווער געאָטעמט און זיין מעכטיקע ברוסט האָט זיך הויך געהויבן אונטער זיין טוניק. די נאָזלעכער פון זיין לענגלעכער נאָז זיינען געווען ברייט פאַנאַנדערגעריסן. די אויגן — דראָענדיקער טיפער תהום. ביידנס בליקן זיינען געבליבן פאַרשטאַרט אַ ווײַלע. אבינדב'ס בליק האָט זיך מיט חשד אראָפּגעגליטשט איבער שמעון'ס אָנטועכץ: אַ בליק וואָס איז ניט פאַרביי שמעון'ס אויפמערקזאַמקייט. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז א רגע. אבינדב האָט אויסגעשטרעקט שמעון'ען א האנט און דער לעצטער האָט זי וואַרעם געדריקט.

שמעון האָט געזאָגט:

— קוק ניט אויף די בגדים פון פאַרהאַסטן רוים. אונטער זיי שלאָגט א אידיש האַרץ, דורכגעליטן און דורכגעווייטיקט פון אידישן פּיין און די האַנט וואָס דריקט דיינע איז אויך די האַנט פון א זעלאָט. יאָ, — האָט שמעון אויסגערופן — מיר גייען אין דעם וועג פון די אמאָליקע זעלאָטן, מיר אַליין זיינען זעלאָטן — אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון אונדזער פאָלק.

און אבינדב האָט געענטפערט:

— זיי געגריסט! זיי געגריסט! דיינע רייד וואַרעמען, דיינע רייד שטאַרקן! נאָר פאַרגיב מיר, ברודער אין קאַמף, פאַר מיין נייגעריקייט: — ווער ביסטו?

— מיין נאָמען איז שמעון בן יעקב, פון כוזיבה. איך בין געקומען איצט פון רוים, וואו איך האָב געלערנט די קונסט פון מלחמה. איצט וויל איך מיינע קענטעניש אָפּגעבן אונדזער זאַך — צו דער באַפרייאונג פון רוים. איך האָב געהערט פון דעם מוטיקן קאַמף קעגן די באַדריקער און האָב זיך געלאָזן אין די בערג דיך אויפצוזוכן, כדי זיכערער דורכצוגיין די רוימישע וואַך־פּאָסטנס, האָב איך זיך אָנגעטאָן ווי אַ רוימישער פּאַטריציער. מיינע קענטענישן פון זייער שפּראַך האָבן מיר געהאָלפן. איך וואָלט געוויס דורכגעגאַנגען אומבאַמערקטערהייט, ווען ניט איינער פון די סאָל־

## אין די בערג פון יהודה

דאַטן, וואָס האָט מיך דערקענט. כ׳האָב געטויטעט דעם גאַנצן פּאָסטן פון דריי סאָלדאַטן און האָב געבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט, כדי דיך צו וואָרענען וועגן דער געפאַר. כ׳האָב אָבער אין דער פינצטער גאָרניט געקענט אויפטאָן. ביז וואַנען כ׳האָב דערהערט די טריט פון די רוימער. דעמאָלט האָב איך זיך פאַרשטעקט אין אַ באַרג־שפּאַלט. ווען זיי זיינען דורך פאַרביי, בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש און זיי שטיל נאָכגעגאַנגען, בין נאָכגעגאַנגען און ווידער זיך פאַרשטעקט. ווען אַרוסוס האָט געמיינט, אַז ער איז שוין דער זיגער, בין איך אַרויס! געלויבט איז גאָט!

— זאָלסט זיין געבענטשט! — האָט אַבינדב אויסגערופן און ווידער וואַרעם געדריקט שמעון׳ס האַנט. ביידנס אויגן האָבן אויפגעלויכטן.

אַלע האָבן זיך פאַרנומען צוריק אין די בערג.

# צווייטער קאַפּיטל

מיט געבויגענע קעפּ האָט מען צו קבורה געבראַכט די אומ־געקומענע: בנימין פון קדרה, חנן און כּלב. אין דער האַר־טער ערד האָט מען געגראָבן אַ ברידערלעכן קבר און מען האָט מיט שטומען צער אַראָפּגעלאָזט די געפאַלענע... די קעפּ זיינען געווען געבויגן. אבינדב איז צוגעקומען גאָר נאָענט צום ראַנד פון קבר און זיך געזעגנט מיט די דריי קרבנות:

— אייער שיקזאַל קען אויך זיין אונדזער שיקזאַל. ווער היינט, ווער מאָרגן. אונדזערע לעבנס וועלן ברענען ביז וואַן יהודה וועט ווערן פריי! דער וואָס שטעלט זיך אין קאַמף קעגן דער מלכות הרשעות, דער וואָס שטייט אויף קעגן רוים, קען דערוואַרטן נאָר צוויי זאַכן: פרייהייט, אָדער טויט. שלאָפט רואיק, טייערע חברים. אייער קאַמף וועט אָנגעהאַלטן ווערן. און פאַר אייך, בנימין, חנן און כּלב, ווי אויך פאַר אַלע נאָמענלאָזע קברים, צעשפּרייטע איבער יהודה, וועלן מיר נקמה נעמען.

אזוי האָט אבינדב געזאָגט און געוואָרפן די ערשטע לאָפּעטע ערד. די אַנדערע האָבן עס נאָכגעטאָן. דער ברידערלעכער קבר איז שוין באַלד געווען פול — פאַרשאָטן. צוקאָפּנס האָט מען אַ שטיין אָוועקגעשטעלט.

— שלאָפט רואיק, — האָט נאָך אַמאָל געזאָגט אבינדב — מיר וועלן אייער זכרון אייביק טראָגן אין אונדזער הארץ.

נאָך דער קבורה איז ארום אבינדב'ן אומעטיקלעך געוואָרן. רוים וועט דאָך ניט שווייגן... דער טויט פון ארוסוס וועט ארויס־רופן גרויס צאָרן ביי די רוימער.

אבינדב האָט זיך געקליבן ארויסצושיקן אויסשפּירער אויף די וועגן, — ווען די צוויי זעלנער עמוס און שאול, זיינען אָנגעקומען אויף זייערע אייזלען מיט אָנגעלאָדענע זעק שפּייז. עמוס און שאול האָבן געהאַלטן פאַרבונדן די קליינע, צעוואָרפענע אָפּטיילונגען פון די קעמפער איבערן לאַנד; זיי פלעגן טאָן זייער אויסשפּיר־אַרבעט און פלעגן מיט פלינקייט קענען, אונטערן נאָז פון די רוימער, דורכ־

## אין די בערג פון יהודה

פירן שפייז פאר די אָפּגעריסענע, אויסגעהונגערטע קעמפער.

דער עלטערער, עמוס, איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק. פון מיטעלן וואוקס, א ברייטפּלייציקער און מיט א געדיכטער שוואַרצער באָרד. אָנגעטאָן איז ער געווען איינפאַך: א כתנת, איבערגעכאַפּט אינמיטן מיט אַ גאַרטל. דער קאָפּ ארומגעוויקלט מיט א טורבאַן, מיט וועלכן ער האָט אויך געוואָלט פאַרדעקן דעם שראַם־שניט אויפן לינקן זייט פון שטערן.

דער אינגערער איז געווען א פויער, נאָך גאָר אַ יונגער, מיט אַ מוטיקן אָפענעם פנים, שטאַרק פארברענט פון דער זון. אָנגעטאָן איז ער אויך געווען אין א כתנת מיט א גאַרטל. באָרוועסע פיס, שווארץ פון שטויב, און א טיכל אויפן קאָפּ.

ווען זיי זיינען געווען ארויס אין די בערג, האָט די אונטערגייענדיקע זון מיט אירע לעצטע גאָלדיקע שטראַלן באַלויכטן די בערג פון יהודה, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן פון וועג. די זייטן פון די בערג, געצוימטע און ארומגעטשעסעטע פון מענטשלעכע הענט, האָבן זיך פאָרמירט אין קליינע טעראַסן.גערשטן, ארבעס און אנדערע געוויקסן, געמישט מיט דער בליאונג פון די ווייס באדעקטע מאנדל־ביימער, האָבן באצירט די טעראסן. די בערג האָבן אויסגעזען ווי איינגעטונקט אין גרין און אין ווייס.

ערטערווייז האָבן זיך ארויסגעזען סמנים פון חורבן. פארברענטע דערפער באַדעקט מיט ווילד־פאַרוואַקסענעם גראָז; קופעס אַש און הרודעס אָנגעוואָרפענע שטיינער פון חרוב׳ע הייזער זיינען, ווי קברים און מצבות, געשטאנען און דערמאָנט אָן דעם קאמף.

די צוויי אויסשפּירער־זעלאָטן זיינען לאנג געריטן אומגעשטערט. ס׳איז צוגעפאלן נאכט און איינגעוויקלט דעם וועג אין סודות׳דיקן חושך. עמוס, וואָס האָט געשוויגן, האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ביי די ערשטע ווערטער האָט אים שאול אָנגעכאפּט באַם האַנט.

— ששש... רייד נישט. עפּעס איז מיר דאָ פארדעכטיק.

די וואָרענונג איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט, ווייל פון דער פינצטערניש איז א שווארצער סילועט ארויסגעשוואומען און פארשטעלט זיי דעם וועג.

— האַלט! ווער איז דאָרט?—האָט דער סילועט אויסגעשריען און גלייך נאָכדעם זיינען נאָך צוויי צוגעקומען. אַלע זיינען זיי געווען רוימער.

עמוס איז בלייך געוואָרן און א קאַלטער שווייס האָט באדעקט זיין שטערן. אָבער זיין שטימע איז געבליבן רואיק און זיכער ווען ער האָט ארויסגערעדט:

— פרידן, מיין האַר, פרידן! און ער האָט הכנעה׳דיק אָנגעבויגן זיין קאָפּ, — מיר זיינען פויערים פון דאָרף נזידה, לעבן ערובה, און אונדזער וועג איז צו חברון.

— דו, פוקס פון יהודה! ווייסט דען ניט אז דער וועג איז ניט זיכער און אז קיינער לאָזט זיך דאָ ניט אליין ביינאַכט?

— אַ מאַרק־טאָג איז מאָרגן אין חברון. און איך האָב געזאָגט צו מיין קנעכט: לאָמיר אָנלאָדן אונדזערע אייזלען און אָפּפירן אין חברון, דעם גערשטן און פרוכט פון פאַראַיאָרן.

— לוציוס! — האָט א זאָג געטאָן איינער, וועלכער איז וואר־שיינלעך געווען דער עלצטער, — ברענג אהער די לאמטערנס.

אַ סאָלדאַט האָט געבראכט די לאמטערן, וואָס איז געווען צוגעדעקט מיט א דיקער טוך. דער עלצטער האָט גענומען פון זיין האַנט די לאמטערן, אָפּגעדעקט די טוך און אַ העל ליכט האָט אויפ־געריסן די פינצטערניש פון דער נאכט. נאָכהער האָט ער אָנגע־שטעלט דאָס ליכט אויף די פּנים׳ער פון די פויערים, לאַנג געקוקט און איבערגעפירט זיין בליק פון איינעם אויפן צווייטן. קענטיק אז די פּנים׳ער פון די צוויי זיינען אים געווען אינגאנצן אומבאקאנט, ווייל ער האָט באלד אראָפּגעלאָזט די טוך איבער דעם לאמטערן און זי צוריק אָפּגעגעבן לוציוס׳ן.

— גיי, זע וואָס זיי פירן דאָרטן.

לוציוס איז צוגעגאנגען צו די אייזלען, אָפּגעדעקט די טוך און מיט דער לאמטערן גוט אריינגעקוקט אין די זעק. אין א ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען צום עלצטן, טראַגנדיק אין האנט א הויפן געטריקנטע פייגן. דאָס האָט געווירקט איבערצייגנדיק. הפּנים, זיי רייטן טאקע צום מארק... דער עלצטער האָט גענומען

# אין די בערג פון יהודה

פון סאָלדאַט'ס האַנט אַ פייג, האָט זי פלינק ארייגעלייגט אין מויל און, ווארפנדיק צו די אידן א פאראכטנדיקן בליק, איז ער, שווער, ווי אַ חיה אין דער נאכט, אָפגעטראָטן פון וועג.

עמוס מיט שאול'ן האָבן פאָרטגעזעצט זייער וועג. עמוס'עס הענט האָבן זיך צוזאמענגעדריקט אין פויסטן און זיינע צונויפגעקלעמטע ליפּן האָבן אין דער שטיל ארויסגעלאָזט א קללה. די זעלאָטן האָבן שנעלער אָנגעטריבן זייערע אייזלען. אין דער געדיכטער פינצטערניש זיינען זיי צוגעקומען צו אן עפענונג אין דער באַרגיקער זייט פון וועג. דאָ זיינען זיי ארויפגעקומען אויף א שמאָלן שטעגעלע, וואָס האָט געפירט טיף־טיף אין די בערג. שאול, האלטנדיק דעם אייזל ביים צוימל, איז געגאנגען פאָראויס, און עמוס נאָך אים. מיטאמאָל האָט זיך שאול אָפּגעשטעלט. זיין פוס האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן עפּעס א ווייכער זאַך. איינבויגנדיק זיך האָט ער דערזען א שווארצע, אומבאוועגלעכע מאסע אויף דער ערד. טאפּנדיק אין דער פינצטער האָט ער דערפילט א קאלטן קערפּער. ער האָט פון טויטנ'ס קאָפּ אראָפּגענומען א העלם פון א רוימישן סאָלדאט און עס דערלאנגט עמוס'ן. עטלעכע טריט ווייטער האָבן זיי געפונען נאָך א טויטן רוימער.

עמוס איז געבליבן געפּלעפט. א ווײַלע איז ער געשטאנען צעטומלט. ער האָט געפילט אז עפּעס אויסערגעוויינלאכעס איז דאָ היינט פאָרגעקומען, און ער איז נאָכדענקענדיק געשטאנען אומאָנטשלאָסן. פון גיין צוריק האָט קיין רייד ניט געקענט זיין, ווייל דער רוימישער פּאָסטן, פארביי וועלכן זיי זיינען נאָר־וואָס דורכגעגאנגען, וואָלט זיי זיכער ערנסטער פארדעכטיקט, דערזעענדיק זיי גיין אויף צוריק. אָבער גיין ווייטער איז אויך געווען זייער אומזיכער.

— לאָמיר זיך באַהאַלטן אין די בערג ביז מאָרגן. אז ס'וועט ליכטיק ווערן וועל איך זיך ארויסלאָזן אויף אן אויסשפּירונג, — האָט עמוס גע'עצה'ט.

זיי האָבן זיך באַהאַלטן מיט די אייזלען אין א שפּאלט פון בארג־וועג. דאָרטן זיינען זיי אָפּגעלעגן ביז באגינען. זיי האָבן געזען די אנטלויפנדיקע רוימער און די נאָכיאָגנדיקע זעלאָטן און דעם

קאמף מיט ארוסוס׳ן. זיי האָבן נאָך אָפּגעוואַרט אביסל און ערשט דעמאָלט זיינען זיי ארויס פון באהעלטעניש און אָנגעקומען צו אבינדב׳ן.

זייער אָנקומען האָט אלעמען דערפרייט. די געדריקטע שטי־מונג נאָך די נאכטיקע געשעענישן און נאָך דער קבורה פון די חברים, איז לייכטער געוואָרן. מיט אמאָל האָט יעדערער אויפסניי דערפילט אז זיי זיינען ניט אליין אין קאמף. עמוס און שאול זיינען געווען א לעבעדיקער גרוס פון אלץ און אלעמען וואָס מ׳האָט איבערגעלאָזן הינטער זיך. אלע האָבן נייגעריק ארומגערינגלט די צוויי געקומענע. אָבער אבינדב האָט באפוילן צוצוגרייטן זיך אין וועג. פון די זעק האָט מען שנעל ארויסגעשלעפּט ברויט, טרוקענע קעז, געטריקנטע פייגן, טייטלען. אלע האָבן זיך פאנאנדערגעזעצט און גענומען שטילן דעם הונגער.

אבינדב און עמוס זיינען אָפּגעגאנגען אָן א זייט און לאנג צווישן זיך גערעדט. די צייט איז געווען קורץ. די געשעענישן פון פרימאָרגן מיט דעם פאלן פון ארוסוס׳ן און די רוימישע סאָל־דאטן וועט, געוויס, דערטראָגן זיך אהין, צום פּראָקוראטאָר. נאָך היינט וועלן די וועגן און דורכגאנגען פארנומען ווערן פון די רוימישע סאָלדאטן און קיין איינער וועט ניט דורכגעלאָזט ווערן אָן א שטרענגער אונטערזוכונג. מען האָט זיך געמוזט צואיילן. פון הייל האָט מען ארויסגעטראָגן אלטע מלבושים, וואָס פלעגן דינען פאר א צודעק אין די קאלטע נעכט. דאָס און אנדערע זאכן האָט מען איינגעפּאקט אין די זעק. עמוס מיט שאול׳ן האָבן זיך געלאָזט צוריקוועגס בארג אראָפּ.

אבינדב, שטייענדיק מיט אַן איבערגעבונדענער האנט, האָט אונטערגעאיילט זיינע חברים, זיי זאָלן זיך איינציקווייז אראָפּלאָזן מיט א שטריק־לייטער פון א זייטיקן הויכן פעלז. דער לעצטער האָט פון פעלז זיך אראָפּגעלאָזט אבינדב.

אונטער דעם פעלז האָבן זיך געצויגן קליינע בערגלעך. קיין וועג איז דאָ ניט געווען. נאָר אבינדב האָט אינסטינקטיוו געשפּירט דעם וועג צו דער רעטונג. ער האָט געפירט די קריגער ארומקרייז־לענדיק די מער משופּע׳דיקע בערגלעך און שפּאנענדיק איבער פלא־

## אין די בערג פון יהודה

כע בערגלעך, ביז ער האָט געפונען א שמאָלן בארג־שטעג. אבינדב האָט פרייער אָפגעאָטעמט. דער שטעג איז אים געווען באקאנט. ער האָט געפירט צו דער הייל אחיתופל, טיפער אין די בערג פון יהודה. דאָס אָרט, לויט עמוס'עס ידיעות, איז ניט געווען קיין גאָר זיכערער, אָבער דערווייל איז נאָך דאָרטן געווען רואיק און די רוימער האָבן נאָך ניט פארכאפט די דורכגאנגען ארום יענע בערג.

עמוס און שאול האָבן געצויגן מיט די אייזלען דורך דעם זעלבן וועג, וואו עס איז ניט לאנג פאָרגעקומען דער געשלעג. עמוס האָט געקוקט אויף די געפאלענע רוימישע סאָלדאָטן און זיין פארהאר־טעוועט הארץ האָט ניט געפילט קיין מיטלייד און אויך ניט קיין האס. ס'איז אים סתם געווען שווער אויפן הארצן. נאָר אָט איז זיין בליק געפאלן אויף א רוימישן סאָלדאט, וועלכער איז געלעגן מיט א האלב־אָפענעם מויל און מיט אָפענע בלויע אויגן צום הימל. אויף זיינע ליפן איז געווען א פארגליווערטער קינדערשער אויסדרוק. עס האָט פון אים אינגאנצן געוויייעט מיט יוגנטלעכקייט. אפילו זיינע וואָנצעס האָבן נאָך ניט געהאט ארויסגעשפּראָצט אינגאנצן. עמוס איז צו אים צוגעצויגן געוואָרן. ער איז געשטאנען און גע־קוקט אין די טויטע בלויע אויגן, וועלכע האָבן אזוי רואיק געקוקט אין הימל. דערנאָך האָט ער אראָפּגענומען דעם העלם פון סאָל־דאט'ס קאָפּ און א קוטשמע העל־בלאָנדע, געקרייזלטע האָר האָט זיך צעשאָטן. א זון פון דער נעפלדיקער בריטאניע, אָדער פון דעם גאָלדענעם רהיין. געדריקט און אונטעריאָכט, ווי יהודה, אונטער רוימ'ס אייזערנער קנאפּל, איז ער דאָך געקומען אהער צו העלפן די דריקער. א געפיל האָט אויפגעוואכט: דאָרטן אין דער וויטער בריטאַניע, צי אויפן רהיין, זיצט אפשר איצט א מוטער, צי א שוועסטער און וואַרט אומזיסט אויף איר זון, אויפן ברודער, וואָס וועט זיך אומקערן מיט רייכטום און לאָרבער־קראנצן, ווי א גרוי־סער רוימישער שררה! זי זיצט, זי וואַרט...

באלד האָבן אָבער אַ שוועב געטאָן אין זיין זכרון די בילדער פון הריגות און חורבן אין יהודה, געבראכט פון אזעלכע שקלאפן ווי דער געפאלענער סאָלדאט, און זיין הארץ האָט זיך ווידער גע־נומען הארטעווען, ווערן ווי שטאָל.

## בר־כוכבא

דער טאָג האָט שוין געהאַלטן אין פאַרגיין, ווען עמוס און שאול האָט אָנגעיאָגט די מחנה. מען האָט זיך ווידער געטיילט מיט שפּייז. אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום עמוס׳ן אין אַ קרייז און ער האָט איבערגעגעבן די נייעסן פון לאַנד. מיט פאַרכאַפּנדיקן אָטעם האָבן די זעלאָטן זיך צוגעהערט. די הערצער האָבן שטאַרקער געקלאַפּט און די פאַרבענקטע בליקן האָבן גע־שטאַרט אין חלל, געזען פאַר זיך זייערע היים, דאָס רואיקע לעבן, וואָס וועט זיך שוין אפשר קיינמאָל ניט אומקערן. אַלע זיינען זיי דאָך פריער געווען פרידלעכע פּויערים און אָרעמע בעלי־מלאכות.

אבינדב איז געווען א שמיד־יונג, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט ביי אַ זיידן. דער אַלטער זיידע, יונתן, אַ הויכער, א דאַרער, מיט א לאַנגער ווייסער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, וואָס האָט אים גע־מאַכט אויסקוקן נאָך העכער, איז געווען א גאָטספאָרכטיקער איד. אַן אָפּטיילונג פון רוימער האָט זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט לעבן זיין שמידעריי. די רוימישע סאָלדאַטן, האַלב באַזויפענע פון ווייַן, האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער דעם אַלטנ׳ס באָרד, איבער זיין גלויבן. און איינער פון זיי, וועלנדיק פאַרשאַפן זיינע חברים מער שפּאַס, האָט אָנגעכאַפּט דעם אַלטן ביי דער באָרד און האָט גע־שטופּט אים אין מויל אריין א שטיק חזיר־פעטס. דער אַלטער האָט איינגאַנצן זיך א צאַפּל געטאָן. מיט די לעצטע כחות האָט ער זיך געווערט.

אבינדב׳ן איז שוואַרץ געוואָרן פאַר די אויגן. מיט איין זעץ פון האַמער האָט ער דעם סאָלדאַט אוועקגעלייגט. דערנאָך איז ער אַנטלאָפן אין די בערג. דאָרטן האָט ער געוואַנדערט ביז ער האָט אָנגעטראָפן נאָך אַזעלכע אַנטרונענע ווי ער. זיי פלעגן זיך אויפהאַלטן אין די היילן. פלעגן אָנפאַלן אויף קליינע אָפּטיילונגען פון רוימער און נעמען נקמה פון זיי. שפּייז פלעגן זיי קריגן צוביסלעך פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט־געפילט מיט זייער אומאויפהערלעכן קאַמף קעגן די רוימער. ביי איין איבערפאַל אויף די רוימער איז אבינדב געפאַנגען געוואָרן. מען האָט אים גע׳משפּ׳ט און ער האָט געזאָלט פאַרשיקט ווערן אַלס א רודערער אויף א גאַלעריע. אָבער אויפן וועג זיינען אידן

## אין די בערג פון יהודה

איבערגעפאלן די רוימישע וואך און האָבן אים באפרייט. ער איז געוואָרן נאָך מער פארביטערט קעגן די רוימער און זיינע מוטיקע ארויסטרעטונגען האָבן געמוטיקט אלע פארביטערטע קעגן רוים איבערן גאנצן לאַנד. צו אים האָט מען זיך געצויגן פון אומעטום. אבינדב דער שמיד האָט געוועקט האָפענונג אז נאָך איז ישראל ניט באזיגט!...

אליקים פון יבנה איז געווען א וועבער. ער איז געווען דער איינגסטער פון די קריגער, נאָך קיין גאנצע צוואנציק יאָר ניט אלט. איצט איז ער געווען פארוואקסן מיט א שיטער געלבלעך בערדל, און האָט אויסגעקוקט עלטער. מיט א האלב יאָר צוריק האָט ער געארבעט אין זיין פעטער׳ס וועבעריי אין יבנה. ער האָט זיך געקליבן חתונה האָבן פאר דער שיינער הדסה פון דערבייאיקן דערפל. אָבער איינמאָל ווען הדסה איז געגאנגען צוריק צום דאָרף פון יבנה, וואו זי האָט אָפּגעטראָגן א גרויסן קרוג מילך, האָבן רוימער זי געכאפט און באצוואונגען. אפריער האָט זי מאַנס געווען דער עלצטער. דערנאָך די סאָלדאָטן. מען האָט זי דער־נאָך דערשטאָכן. איר טויט האָט אויפגערודערט די גאנצע געגנט. ארום אליקימ׳ען האָבן זיך צונויפגעקליבן הונדערטער מוטיקע מע־נער, גרייט צו גיין קעגן די רוימער און אָפּרעכענען זיך מיט זיי פאר הדסה׳ס ערע און לעבן. נאָר דאָ איז געקומען יהושע בן חנניה און געגומען מיט זיינע דרשות בארואיקן דעם עולם. ער האָט זיי געבעטן אין נאָמען פון גאָט ניט צו ברענגען צו קיין בלוט־פארגיסונג און ניט ארויסרופן רוימ׳ס צאָרן גראָד איצט, ווען דער קיסר אדריאנוס האָט צוגעזאָגט אויפצושטעלן דעם בית־המקדש. די גאנצע מחנה איז זיך צעגאנגען צוריק צו זייערע היימען. אליקים האָט אָבער געשוואָרן צו נעמען נקמה. ביינאַכט האָט ער אונטער־געצונדן דאָס הויז וואו די רוימער זיינען איינגעשטאנען און איז אַנטלאָפן אין די בערג. זיינע אויגן ברענען מיט אן אומהיימלעך פייערל. אין די קאמפן איז ער דער געוואָגטסטער. ער וועט זיך ניט אונטערגעבן ביז וואנען יהודה וועט ניט זיין פריי...

די אנדערע רעבעלן האָבן געהאט ענלעכע דערפארונגען. דער וועג צוריק צו א פרידלעך לעבן, איז פאר זיי געווען אָפּגעשניטן.

זיי האָבן זייער געבענקט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, און אָט די בענקשאַפט האָבן זיי אין זייער קאַמף פאַרוועבט.

אבינדב האָט זיך געווענדט צו שמעונ׳ען:

— און דו, מיין האַר, וואָס קומסט פון רוים, מיר זיינען דאָ אזוי אָפּ־געריסן פון אונדזערע ברידער מחוץ־לארץ. דערציי? אונדז וועגן אונדזערע ברידער אין רוים.

— אָ, כ׳בעט! רוף מיך ניט „מיין האַר". קינדער זיינען מיר פון איין פאָלק און ברידער פון איין הייליקער זאך — פון אונדזער באפרייאונג. א פארפאָלגטער בין איך און אזוי ווי איר געזוכט און געיאָגט פון רוים. וואו קען זיך א זעלאָט אויסבאַ־האלטן פון רוימ׳ס אָרעם, אז יעדעס ווינקל פון דער ערד האָבן די רוימער פארכאפט. האָב איך געזאָגט: אויב שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן אין מיין היימלאַנד און פאר דער פרייהייט פון מיין היים־לאַנד. גדליה, דער ראש פון טראַנסטיבעריע, האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו יונתנ׳ען אין קיסריה און ער האָט מיר געזאָגט ווי אזוי איך קען דערגרייכן אבינדב דעם שמידער. נו, בין איך געקומען צו דיר, אבינדב, און צו אייך אַלעמען. און איצט, מיינע ברידער, וועט איר מיר לאָזן מיט אייך אינאיינעם קעמפן פאר אונדזער גאולה.

— אָ, גאָט פון אונדזערע אבות, ווען וועט זי קומען, — די גאולה? — האָט איינער געזאָגט מיט א זיפץ.

פאַרצווייפל ניט, אָ, ברודער! ניט אַליין זייט איר אין קאמף. אומעטום איבער דער גרויס און ברייט פון רוים זיינען אונדזערע אידן צעוואָרפן. אומעטום, ווי נאָר זיי קומען אביסל צו זיך, העלפן זיי אויסקויפן זייערע ברידער פון שקלאפעריי און העלפן זיי געפינען א מושב אין די נייע ערטער. און אומעטום האַלטן זיי אָן דעם גלויבן אז קומען וועט דער טאָג פון אונדזער באפרייאונג, און ווען דער טאָג וועט קומען, וועט איר זיין ניט אַליין אין דער באפרייאונג. פון אַלע עקן, פון אַלע ווינקלען פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע וועלן די אידן אייך שיקן זייער הילף און ברכה.

— אָבער דאָ אין יהודה און אין גליל זיינען אונדזערע ברי־

## אין די בערג פון יהודה

דער אזוי אַנטמוטיקט און דערשלאָגן. ווען ניט די האָפענונג, אז דער בית־המקדש וועט אויפגעבויט ווערן, וואָלט דער יאוש און צער דאָס פאָלק אינגאנצן צעדריקט.

— יאָ, „דער יאוש און צער", האָט שמעון נאָכגעזאָגט שטיל, ווי די ווערטער וואָלטן ארויסגעפלאָסן פון זיין נשמה. — גרויס איז דער כוס פון אידישן צער, נאָר אז ער וועט שוין פול ווערן און וועט זיך נאָך איבערגיסן, דעמאָלט וועט אויפברויזן אין אונדז די הייליקע שנאה, געהייליקט אין אונדזערע ליידן. אָט די שנאה וועט אונדז ברענגען לעגיאָנען, און דעמאָלט וועט א ציטער טאָן דער אונטערדריקער פון יהודה.

שמעון האָט ווייטער גערעדט:

— און ניט נאָר די אידן אליין וועלן זיין אין קאמף. צו אונדז וועלן צושטיין די אלע אונטעריאָכטע פעלקער, וועמענס זין און טעכטער וואַלגערן זיך איצט אויף אַלע שקלאַפן־מערק פון רוים און פון איר אימפעריע. אלע אונטעריאָכטע און געפלאָגטע...

זיין שטימע, וועלכע האָט פון אָנהייב געקלונגען רואיק, איז מיט יעדן וואָרט געוואקסן, זיך געשטארקט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט זיין ריידן געקלונגען אזוי פראָפעטיש, אזוי אימפעטיק שטארק, אז אלע ארומיקע זיינען הייס פארכאפט געוואָרן. זיינע אויגן האָבן געגליט און אינגאַנצן אַ מעכטיק־שטארקער, א גלויביקער, האָט ער באַלויכטן זייערע הערצער מיט א פונק פון האָפענונג, אז זייערע ליידן זיינען ניט אומזיסט און אז די גאולה וועט דאָך קומען.

זייערע געמיטער זיינען שטאַרק געוואָרן; זייערע ליידן האָבן באקומען אַ זין, און פון זייערע הערצער האָט זיך ארויסגעריסן דער האָפענונגספולער רוף פון אלע זעלאָטן:

— יחי עם ישראל!

און נאָך אַמאָל:

— יחי עם ישראל!

# דריטער קאַפּיטל

שמעון איז געבליבן מיט אבינדב׳ן. די טעג זיינען געווען אַנגעלאָדענע, שווערע פאַר די קעמפער אין די בערג פון יהודה. עמוס און שאול זיינען אַוועקגעגאַנגען און מען איז ווידער געבליבן אָפּגעשניטן פון אַלעמען. איצט האָבן די טעג זיך געצויגן לאַנג־זאם און אָן לעבן. טעג גאַנצע פלעגן די אידן ארומקריכן איבער די בערג, אָדער ליגן אין די היילן אָן עפּעס צו טאָן. שמעון, וועל־כער איז געקומען אין יהודה פול מיט קאַמפּסלוסט און אומגעדולד האָט זיך שטאַרק געערגערט.

האָט ער אָנגעהויבן אָפּצוגעבן זיך מיט די חברים־זעלאָטן מיט איבונגען אין פעכט און מושטירונג, וואָס ער האָט פריער געהאַט גוט זיך אויסגעלערנט אין דער פּאַליעסטרא פון רוים. די חברים האָבן פון אָנהייב אביסל אומגערן אַריבערגעטראָגן זיין שטרענגע דיסציפּלין. אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך איבערצייגט ווי וויכטיק און נוצלעך די איבונגען קאָנען זיין פאַר זיי, און טעג גאַנצע פלעגן זיי פארברענגען אין איבונגען און מאַנעווערס. אויסגעמאטערטע פון מאַכן טעג גאַנצע די איבונגען, פלעגט זיי שוין גרינגער זיין איבערצוטראָגן די איינזאַמקייט פון די אָוונטן. פונדעסטוועגן פלעגט אָפט דער אומעט זיך פאַרקלייבן צו זיי און זיך לייגן ווי אַ שווערער שטיין אויף זייער געמיט. אין אַזעלכע אָוונטן פלעגן זיי לאַנג זיצן שווייגנדיקע אַרום אַ פייער, שטאַרן אין דער פינצ־טער, און טראַכטן פון די פארגאַנגענע טעג. און אָט איז דאָס שטילשווייגן איבערגעריסן געוואָרן. שמעון האָט דערציילט זיין געשיכטע:

— כוזיבה איז מיין געבורט־שטאָט, אָבער לעבן גוש־חלב, צווישן די בערג פון נפתלי האָב איך געוואוינט מיט מיין פאָטער און שוועסטער. מיר האָבן פאַרמאָגט א גרויס הויז מיט א נחלה, שאָף און באַדינער. מיר האָבן געלעבט באַשיידן און גליקלעך. א רוימער, טעלעניוס, האָט ער געהייסן, פלעגט צו אונדז אָפט אריינקומען. מיין פאָטער יעקב האָט געהאסט די רוימער, נאָר צוליב דער מצווה

## אין די בערג פון יהודה

פון הכנסת אורחים, פלעגט ער אים אויפנעמען פריינטלעך. אויך מיין שוועסטער, קטורה, פלעגט אים גערן זען, זיי פלעגן אמאל זיצן ביי אונדז אין גאָרטן. אָ, קטורה! זי איז געווען די שענסטע בלום פון די נפתלי־בערג! פריש ווי אַן ערשט אויסגעבאָדענער פרימאָרגן אין טוי, שלאַנק ווי אַ פּאַלמע, און פלינק ווי אַן אינדין. זי פלעגט פאַרן רוימער זינגען די לידער פון ציון און אָפטמאל פלעגן זיי ביידע לייענען די שריפטן פון גריכישע פּאָעטן.

איינמאל האָט טעלעניוס פאַרבראַכט מיט מיין שוועסטער לענגער ווי געוויינלעך. האָט מיט איר היציק עפּעס איינגע׳טענה׳ט, און ווען ער איז אַוועק, איז זיין פּנים געווען צעטראָגן און פאַר־צאָרנט. אויך מיין שוועסטער איז געווען צעטראָגן.

עטלעכע טעג זיינען אַריבער און ער איז מער צו אונדז ניט געקומען. און איינמאל, אין אַ פרימאָרגן, ווען מיין שוועסטער איז געגאַנגען מיטן קרוג צום ברונעם נאָך וואסער, זיינען זי רוימער באַפאַלן. איינער האָט איר פאַרשטאָפּט דאָס מויל. די אַנדערע האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף איר אַ טוך און זי אוועקגע־טראָגן. דאָס האָט ער, דער רוימער, זי אַוועקגערויבט פון אונדז!

אַז מיר האָבן זיך דערוואוסט, וואו דער רוימער, טעלעניוס, האָט זיך באַהאַלטן, האָבן מיר זיך באַוואָפנט מיט דרענגער, מיט שטיינער, מיט שטיקער אייזן און זיינען באַפאַלן דעם פלאַץ. נאָר וואָס האָבן מיר געקענט טאָן קעגן די שטאַרק־באַוואָפנטע און קריגס־געלערנטע רוימער? מיר זיינען באַזיגט געוואָרן... זיי האָבן אונדז גע׳משפט פאַר בונטעווען קעגן רוים. מיין פאָטער האָבן זיי גע־קרייציגט.

שמעונ׳ס שטימע האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט ווייטער ניט געקאָנט ריידן.

— און דיין שוועסטער? — האָט אימיצער ניט אויסגעהאַלטן, און געפרעגט.

— זי האָט זיך אַליין געטויט, — האָט ער קוים אַרויסגערעדט, מיט אַ פאַרשטיקט קול.

די זעלאָטן, פאַרהאַרטעוועטע אין פּיין און אין קאַמף, וועלכע האָבן ניט איינמאל שוין געזען דעם טויט פאַר די אויגן, זיינען

אָבער אזוי גערירט געוואָרן פון שמעונ׳ס צער, אז אויך ביי זיי האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און אייניקע פון זיי האָבן אָפּגעקערט זייערע פּנים׳ער, ניט ארויסצואווייזן זייער שוואכקייט...

אין די שוואַרצע, איינזאַמע אָוונטן און שלאָפלאָזע נעכט איז ביי שמעונ׳ען שטארק געוואָרן דער באַגער צו זען נאָכאַמאָל זיין גוש־חלב, — זיין נחלה, דעם וויינגאָרטן און דאָס וועלדל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז קוים וועט ער צופאַלן צום קבר פון זיין פאָטער און פון קטורה׳ן, וועט דער קאַשמאַר פון דער פאַרגאַנגענ־הייט פאַרשווינדן און עס וועט אים לייכטער ווערן.

וואָס אַ טאָג איז שמעון אַלץ אומעטיקער געוואָרן. אין די ליוטערע פרימאָרגנס, אין די בערג, ווען די לופט פלעגט זיין אזוי דורכזיכטיק, אז די ווייטע בערג פלעגן, דאַכט זיך, ליגן אזוי נאָענט, פלעגט שמעון לאנג שטיין און קוקן אַהין, ווייט, ווייט, וואו די נפתלי־בערג זיינען געלעגן.

ענדלעך האָט ער מער ניט געקענט פארשטיקן זיין בענקשאַפט צו זען זיין היימפלאַץ. ער האָט באַשלאָסן צו פארלאָזן די זעלאָטן און, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער סכנה, מיט וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן, איז ער אוועק אין די נפתלי־בערג.

ער האָט זיך איבערגעטאָן אין א לאנגן מלבוש פון אן אראבער, באַדעקט זיין קאָפּ נידעריק ביז צו די אויגן מיט א טורבאן, זיך אַרומגעוויקלט מיט א ברייטן גאַרטל, אין וועלכן ער האָט קונציק באַהאַלטן אַ קורצן מעסער, און זיך געלאָזט אין וועג אריין. פאר דער צייט פון זיין אויפהאלטן זיך אין די בערג, איז זיין פּנים גע־וואָרן מער צעווינטיקט און באַוואַקסן מיט אַ יונגער שוואַרצער באָרד. ס׳איז איצט שווער געווען צו דערקענען אין אים דעם פריערדיקן פאַטריציער.

אויסמיידנדיק באוואוינטע ערטער איז ער עטלעכע טעג אזוי געגאנגען פון די יהודה־בערג צום גליל. די בערג זיינען וואָס ווייַ־טער געוואָרן קלענער און נידעריקער און די נאַטור, — פיל פאר־ביקער און רייצנדיקער.

ס׳איז סוף פרילינג. די זון אין פרימאָרגן, אַזא מילדע און אַ לאַסטשנדיקע, האָט בייטאָג אָבער שוין שטאַרק געבריט מיט

# אין די בערג פון יהודה

אירע שטראַלן. פון ביידע זייטן וועג האָבן זיך געצויגן קוואַדראַטן פון נידעריקן גערשטן, שוין האַלב־צייטיקן, און גרינע ארבעס־פעלדער, געמישט מיט שטרעקעס פון געלבלעכן ווייץ.

ער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער ברייטקייט, אָפנקייט און שיינקייט פון דער נאַטור, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר אים. פאַרנאכט־צו האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אַ וועלדל. די זון האָט זיך געזעגנט, באַגילדנדיק די שפּיצן פון די ביימער. אונטן איז שוין געווען שאָטנדיק און קיל. אַ קליין ווינטל האָט קוים, קוים געציטערט אין די בלעטער פון די ביימער. ער האָט זיך אויסגעצויגן און אינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דער רואיקייט פון דעם אַרום. ער האָט פאַרנומען דעם זשום און לעבן פון די פליגעלעך; מאָדנע פייגל־איבעררופן האָבן פארכאפּט זיין אויער; ערגעץ־וואו האָט א יונג חיה׳לע געפּישטשעט. גאָט׳ס וועלט האָט גערוט און איינגעוויגט זיין געמיט. צעשמאָלצן איז געוואָרן זיין פאַרביטערונג און אָנגעלאָדנקייט. און די נשמה, לויטער ווי אַ באַרג־קוואַל, האָט איינגעזאַפּט די אָוונט־רואיקייט און גאנצקייט. אָט איז זי די פרייהייט, צו וועלכער זיין נשמה האָט זיך געצויגן! ערשט איצט פילט ער דעם שיכור׳נדיקן אָטעם פון דער ערד, פון דער לופט, די אייביקייט פון הימל און שטערן. ווי ווייט זיינען זיי איצט פון אים די מענטשן מיט זייער צעטיילונג אויף אידן און רוימער, אויף רייכע און אָרימע. עס האָט פאר אים אויסגעקוקט ווייט און אומבאגרייפלעך...

שמעון איז אַנטשלאָפן געוואָרן. און די נאכט האָט געשוועבט איבער אים...

ווען ער האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט שוין דער פרימאָרגן גענומען גרויען. אויף דער ערד האָט זיך נאָך געוויקלט א דורכזיכטיקער נעפל און אלץ ארום איז געווען איינגעטונקט אין טוי. ער האָט געוואשן זיינע הענט און פּנים אין טוי פון די ביימער און, שטעלנדיק זיך מיטן פּנים צו דער זייט וואו ירושלים איז געלעגן, האָט ער תפילה געטאָן, דערנאָך האָט ער גענומען שפּרייזן טיפער קיין גליל.

די זון האָט אָנגעצונדן דעם מזרח־פּאַס אין הימל. דער שי־

טערער נעפל איז געוואָרן דורכזיכטיקער און איז אינגיכן אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן. פון דערווייטנס האָבן זיך שוין גענומען באַ־ווייזן די קאָנטורן פון גוש־חלב. די דעכער פון די הייזער האָבן זיך ארויסגעזען דורך דער געדיכטער מאַסע ביימער אין די סעדער. זיין האַרץ האָט שטארקער גענומען קלאַפּן, ווען ער האָט דערזען דאָס וועלדל, וואו ער פלעגט נאָך אַלס קינד לויפן מיט זיינע חברים. עס איז דאָס זעלביקע וועלדל. די ביימער וויגן און בויגן זייערע קעפּ, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „ברוך הבא, פאַרוואָגלט קינד! קום צו אונדז און געפין פרייד ביי אונדז, ווי אמאָל!"

און אָט איז ער ביים טייכל. וויפיל גליקלעכע שעה'ן ער האָט עס דאָ פאַרבראַכט. כוואַליעס־דעראינערונגען האָבן אָנגעפילט זיין האַרץ.

ער האָט זיך דערנעענטערט צום טויער פון שטעטל. זיין אויפמערקזאַמקייט איז געפאַלן אויף אַ ווייסן פאַרמעט, צוגענאָגלט צו דער רעכטער זייט פון טויער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געלייענט:

5,000 **סעסטערציעס באַלוינונג**
פאַר כאפּן און איבערגעבן אין די הענט
פון רוים **שמעון בן יעקב,** אַנטלאָ־
פענער פון רוים, וועלכער ווערט געזוכט
פאַר דעם מאָרד פון **אָקטאַוויאוס**
**ארוסוס,** דער זון פון דעמואוויר . . .

ווייטער איז געגאַנגען אַ לאַנגער צעטל פון מענטשן, וואָס ווערן אויך געזוכט און פאַר וועמען מען וועט אויך געבן אַ היפּשע באַלוי־נונג. אָבער מער האָט ער ניט געלייענט.

זיין גאַנצע פריערדיקע פרייד און אַלע דערוואַרטונגען זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. ווי אַ געיאָגטע חיה, האָט ער זיך ארומ־געקוקט אַרום זיך, און האָט זיך געוואָלט פאַרקערעווען צוריק צום וועלדל, ווען, ווי פון דער ערד אַרויס, איז אויסגעוואַקסן אַ מאָדנע געשטאַלט פון אַ מאַן. ער איז געשטאַנען פונדערווייטנס און שמעון האָט פון אָנהייב ניט געקענט באַנעמען וואָס דאָס איז: צי אַ מענטשלעכע געשטאַלט, צי עפּעס אַ מאָנסטער. די געשטאַלט

# אין די בערג פון יהודה

איז געווען אויסטערליש־גרויס און ברייט און זיינע אברים זיינען עפּעס געווען צעדרייט, אזוי ווי אויף אַ סטראַשידלע. די לינקע האַנט און אָרעם איז געווען לאַנג, כמעט ביז צו דער ערד. אינגאנצן איז ער געווען באַוואַקסן מיט לאַנגע, קאַלטענעוואַטע האָר, וועלכע זיינען ווילד געפאַלן אויף זיינע פּלייצעס. אַ געדיכטע באָרד האָט באַדעקט דעם גאנצן פּנים, אזוי, אז נאָר די אויגן האָבן זיך ארויס־געזען. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ צעריסענעם בגד, אויסגע־שמירט אין ערד און שטרוי.

דער מאַן האָט געמאכט אַ פּאָר טריט נעענטער און גערעדט שטיל, ווי אין אַ תּפילה.

— געלויבט איז גאָט! ענדלעך האָב איך אים געפונען.

שמעון איז אָפּגעטראָטן צוריק און זיין האַנט האָט זיך א צי געטאָן צום גאַרטל־צו.

— וועמען זוכסטו?

— דיך, שמעון! שוין יאָרן אז איך זוך דיך.

דערהערנדיק זיין אייגענעם נאָמען, האָט ביי שמעון׳ען אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ.

— דו ביזט געקומען צו זען דיין היים צוריק. אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון דיינע נאָענטע, האַ?

אַ פאַרוואונדערטער האָט שמעון ניט אָפּגעריסן די אויגן פון דעם מאָדנעם מאַן. אין זיין מח האָט געברענט: „פון וואַנען ווייסט ער דאָס אַלץ?"

— הער! — האָט שמעון פּעסט ארויסגערעדט. — יע, דו האָסט געטראָפן. איך בין עס, איך — שמעון בן יעקב. נאָר אויב אין די הענט פון רוים ווילסטו מיך איבערענטפערן ווייל ביסט קעגן אונדז, טאָ היט זיך; אויב, אָבער, דו זוכסט בלויז די סעס־טערציעס, טאָ נאָ — נעם דאָס!

מיט די ווערטער האָט ער ארויסגענומען פון בוזעם א בייטל מטבעות און דאָס אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד צום מאָדנעם מאַן.

דאָס בייטל געלט איז מיט אַ קלאַנג געפאַלן אויף דער ערד. דער מאַן איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. ער האָט אפילו קיין בליק ניט געטאָן צום בייטל. נאָר די אויגן זיינע האָבן זיך פאַר־

צויגן מיט אַ שאָטן פון צער. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן דאָס בייטל און עס דערלאַנגט שמעונ׳ען.

— נאַ! נעם עס צוריק און קום נאָך מיר.

שמעון האָט ווידער דורכגעדרונגען די אויסטערלישע געשטאַלט. עס האָט זיך אים איצט גערדאכט, אַז ערגעץ־וואו האָט ער אַמאָל געזען די דאָזיקע שווארצע אויגן.

אָן ווערטער איז שמעון אים נאָכגעגאנגען. זיי האָבן געד־טראָטן איבער אַ שמאָלן וואַלד־שטעג, וועלכער האָט זיך געדרייט צווישן די ביימער, ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צו אַ שטיבל, וואָס איז געווען האַלב־איינגעגראָבן אין דער ערד. דער דאַך איז געמאַכט געווען פון צווייגן, אויבן באַשאָטן מיט ערד און שטיינד־לעך. איינבויגנדיק זיך האָט שמעון נאָכגעפאָלגט דעם מאַן אינע־ווייניק, אָבער בלייבן שטיין גלייך האָט ער דאָרט ניט געקענט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ באַנק און איז געבליבן אזוי ווארטן.

דער מאַן האָט זיך געפּאָרעט אין אַ ווינקל און שמעון האָט דערווייל זיך ארומגעקוקט. עס איז געווען אַ געווייגלעכע ערד־שטיבל, אין וועלכער ס׳פלעגן וואוינען פּאַסטוכער. אַ טיש צונויפ־געשלאָגן פון פּראָסטע ברעטער אויף צוויי קלעצער און די באַנק,— דאָס איז געווען אַלץ. יאָ, אין אַ ווינקל איז נאָך געלעגן אַ בינטל שטרוי און אַן אַלטער בגד, מסתמא א צודעק אַזאַ.

דער מאַן האָט פון אַ טאָרבעלע ארויסגענומען און צוגעטראָגן צום טיש ברויט, האָניק און טייטלען.

— איך בעט, מיין האַר, — האָט ער זיך געווענדט צו שמעונ׳ען — זאָל מיין ברויט זיין דיין ברויט און מיין אָרעם שטיבל — דיין שטיבל.

שמעון האָט נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך פון פאַר־וואונדערונג.

— איך דאַנק דיר, גוטער מענטש! אָבער מיין האַנט וועט ניט ברעכן דאָס ברויט, און מיין מויל וועט זיך ניט צורירן צו די שפּייז, ביז וואַנען דו וועסט מיר ניט זאָגן ווער דו ביסט.

— האָסטו געהערט אין דיינע יונגע יאָרן וועגן איינעם, וואָס פלעגט אליין אוועקלייגן אַ ווילדן אָקס? אפשר געדענקסטו איי־

נעם, וואָס האָט אויסגעריסן אַ יונגן צעדערבוים און מיט דעם געשלאָגן די רוימער?

— יאָ! מיר האָבן אמאָל אין די גליקלעכע צייטן, ווען מיין פאָטער האָט געלעבט, געהאַט אַ באַדינער. אבישי, האָט ער זיך גערופן, און אבישי האָט טאַקע באזעסן אזא זעלטענע גבורה.

— נו, דאָס בין איך. איך בין אבישי.

— דו? אבישי! — שמעון האָט אזש אַ שפרונג געטאָן פון איבעררראַשונג, אזוי אז זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דאַך פון שטיבל.

— יאָ, אבישי, אייער אַלטער באַדינער, אבישי. געדענקסטו ווי איך פלעג דיך טראָגן אויף די הענט, ווען דיין פאָטער פלעגט דיך נעמען אין פעלד? געדענקסטו ווי איך פלעג פאַר דיר אויס־קלייבן דאָס שענסטע שעפעלע צו שפילן זיך דערמיט?

— אבישי! אָ, גאָט פון אונדזערע אבות! דאָס ביזטו גע־שטאַנען און געהיט איך זאָל ניט אריינקומען אין שטאָט, וואו יע־דערער וואָלט מיך דערקענט? זאָל דער גאָט פון אברהם דיר גנע־דיק באַצאָלן פאַר אַלץ. אָבער... אָבער..

שמעון האָט ווידער געוואָרפן זיין בליק אויף אַבישי׳ס צע־דרייטן קערפּער. אויף זיינע הענט און אָרעמס, וואָס זיינען אראָפּ־געהאַנגען אזוי משונה׳דיק, און געזאָגט:

— אָבער דו ביזט דאָך געווען אזא גבר? ווער־זשע האָט דיך אזוי?...

— זיי, די פאַרשאָלטענע רוימער!

פון אבישי׳ס ברוסט האָט זיך ארויסגעכאפּט א טיפער קרעכץ.

— געדענקסטו אונדזער קאַמף צו באפרייען קטורה׳ן? נאָכדעם ווי זיי האָבן אונדז באַזיגט און פאַר׳משפּט, האָט דיין פאָטער גע־מוזט שטאַרבן אויפן קרייץ. דו, — דו ביזט געווען צו יונג און שיין, אַז דו זאָלסט שטאַרבן אזוי פשוט. ניין. דו האָסט געדאַרפט מיט דיין שטאַרבן אָנזעטיקן די רוימער מיט פארגעניגן — זיי האָבן דיך פאַרשיקט אין אַ גלאַדיאַטאָר־צירק. און איך, איך האָב גע־האַט געזונטע הענט און זיי האָבן מיך פאַרשיקט אויף אַ גאַליערן־שיף. מען האָט מיך צוגעשמידט צו דער רעכטער זייט פון שיף

און מיט דעם האָט זיך מיין לעבן געענדיקט. איך האָב געוואוסט נאָר איין זאַך — רודערן. טאָג־איין, טאָג־אויס, האָט געקלאַפּט דער האַמער פון האָרטאַטאָר און מיינע הענט פלעגן, קראַנקהאַפטיק האַלטנדיק דעם רודער, זיך אויפהייבן און אַראָפּלאָזן. און ווען מען פלעגט מיך אומבייטן, פלעגט מיין מידער, צעבראָכענער קערפּער זינקען אין אַ שווערן שלאָף, ביז וואַנען די שמיץ פון די אָנטרייבער פלעגן ווידער נעמען טרייבן צו די רודערס. איך האָב געפילט ווי מיין קערפּער ווערט צעקרימט. מיין געשוואָלן לייב האָט געאייטערט און געברענט פון די קלעפּ און בייטש־וואונדן. דו זעסט? — האָט ער אָפּגעוויקלט די שמאַטעס פון ברוסט און באַוויזן אַ טונקל־ברוין לייב מיט שראַמען, פלעקן און פאַרהיילטע וואונדן, — דו זעסט? דער טויט איז געשטאַנען פאַר מיר. נאָר איין־איינציקער געדאַנק האָט מיך דערהאַלטן. די גרעסטע צרות האָבן ניט געקענט דעם געדאַנק פאַרטעמפּן. אין מח האָט געברענט:

— איך מוז אויספירן מיין האַר׳ס צוואה!...

שמעון האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— מיין פאָטער׳ס צוואה?

— יאָ, דיין פאָטער׳ס צוואה. איידער מען האָט אים אוועקגעפירט צום קרייץ, אויף וועלכן ער איז מוטיק אויסגעגאנגען פאַר אונדזערע אויגן, האָט ער צו מיר אזוי געזאָגט:

— אבישי! איך גלויב און האָף אז אונדזער גרויסער גאָט וועט דיך רעטן. און טיף אין מיר לעבט אויך די האָפענונג אויף גנאָד פון דעם אַלמעכטיקן, אַז אויך שמעונ׳ען וועט ער רעטן און אונדזערע ברידער וועלן אים אויסקויפן. זאָג מיר צו, אין נאָמען פון דער הייליקער נקמה, אז דו וועסט אויספירן מיין לעצטן וואונטש.

— מיין האַר — האָב איך געענטפערט — בין איך דען ניט אַ געטרייער דינער דיינער און האָבן מיר ביידע דען ניט געליטן פון רוים׳ס גרויזאַמקייט? אין נאָמען פון הייליקער נקמה פאָדער פון מיר וואָס דו ווילסט!

— גיי, זוך אויף שמעונ׳ען און זאָג אים, דאָס זיין פאָטער׳ס

# אין די בערג פון יהודה

לעצטער וואונטש איז — ער זאָל זיין לעבן ווידמען צום קאַמף קעגן די באַדריקער. און נאָך עפּעס: אין מיין קעלער, אין א ווינקל, וועסטו געפינען א קעסטל באַגראָבן אן אייל די טיף אין דער ערד. מיין טייערסטער אוצר ליגט דאָרט. א ירושה פון די אבות...

מער האָט ער ניט געקענט ריידן. די סאָלדאַטן זיינען גע־קומען און אים אוועקגענומען. דאָ אין וועלדל געפינט זיך זיין קבר, נאָענט צו דעם קבר פון דיין שוועסטער קטורה. איך בין באלד, ווי איך האָב דאָס דיר שוין געזאָגט, פאַרשיקט געוואָרן אויף אַ שיף און צוגעשמידט געוואָרן צו די רודערס. טעג, חדשים און יאָרן האָבן מיר געפירט אונדזער שיף איבער די ים׳ען; וואָס אַ טאָג ווייטער האָב איך געפילט דאָס מיינע כחות פאַרלאָזן מיר; מיינע הענט האָבן שוין קוים, קוים געהאַלטן דעם רודער. איך האָב געזען ווי מענטשן שטאַרבן לעבן מיר און בין זיי מקנאַ געווען. פיל מאָל האָב איך זיך אליין געוואָלט אריינוואַרפן אין וואסער, נאָר יעדן מאָל האָט פון מיין פאַרצווייפלונג מיך געראַטעוועט דער גע־דאַנק, אז כ׳מוז לעבן כדי אויסצופירן מיין האַר׳ס צוואה; און פון דער טיפעניש פון מיין פיין האָב איך תפילה געטאָן: „אָ, גאָט, גיב מיר כחות״.

— נאָר ווען איך בין שוין אזוי שוואַך געוואָרן, אז רודערן האָב איך מער ניט געקענט און די בייטש האָט שוין אויך ניט גע־האָלפן, האָבן די רוצחים מיך ארויסגעוואָרפן אויפן ברעג פון מצרים, ווי מען וואַרפט ארויס א פגר. א אידישער וואַנדערער האָט מיך געפונען און געבראַכט קיין אַלעקסאַנדריע, וואו אונדזערע ברידער זיינען געווען זייער גנעדיק צו מיר. איך האָב ביי אַ גוטהאַרציקן מענטשן געפונען אַ דאַך און עסן. לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם זיינען מיר די כחות געקומען צוריק. איך האָב געווענדט מיינע טריט צוריק אהיים. דאָס הויז איז געווען פאַרברענט. די רוימער האָבן אוועקגענומען דאָס גאַנצע האָב און גוטס.

— איך האָב געשריבן צום ראש פון די אידן פון טראַנסטיבע־ריע, ר׳ גדליה, און אים געבעטן ער זאָל אויסגעפינען וועגן דיין שיקזאל. קיין ענטפער האָב איך ניט באַקומען. נאָך ארוסוס׳עס טויט האָט מען פון מויל־צו־מויל איבערדערציילט די גבורות פון

דעם נייעם העלדישן זעלאַט, וואָס איז געקומען פון רוים.ווען מ׳האָט אויפגעהאנגען אויפן טויער די מודעה וועגן א באַלוינונג פון 5,000 סעסטערציעס פאר דיין לעבן, האָב איך פארשטאנען אז דו טאקע האָסט אים געטויט און אז דו געפינסט זיך ערגעץ אין יהודה. כ׳האָב געזוכט א וועג צו פארבינדן זיך מיט די קריגער,אָבער אָן דערפאָלג. מיין האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז דו וועסט קומען זען דיין היים, קומען אויף קבר־אבות. טאָג און נאַכט פלעג איך ליגן ביים טויער פון שטאָט, ביז וואַנען גאָט האָט דערהערט מיין תפילה און מיינע אויגן האָבן ווידער דערלעבט צו זען דיך. אָ, מיין יונגער האַר! דו ביזט אזוי שיין און שטארק ווי דיין פאָטער איז געווען אין דער יוגנט, און מיר איז געגעבן געוואָרן אויסצופירן דיין פאָ־טער׳ס לעצטן וואונטש!

אבישי איז אנטשוויגן געוואָרן.

— אבישי! טייערער אבישי! — האָט שמעון געזאָגט, גערירט פון אבישי׳ס ליידן, — זאָל דיר דער גרויסער גאָט באַצאָלן פאר אלץ. און איך בעט, נעם דאָס געלט פון מיר. איך בין אָרעם, אָבער דו ביזט נאָך אָרעמער. דו וועסט האָבן צו קויפן זיך א נייעם מלבוש און, אחוץ דעם, דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס איך פאַר־מאָג איצט, מיט וואָס דיך צו באַלוינען.

אבישי, ווי ניט־דערהערנדיק די לעצטע ווערטער, האָט גע־זאָגט:

— איך האָב געזוכט דאָס קעסטל. געגראָבן אין די פינצ־טערע נעכט. און ווען איך האָב עס געפונען, האָב איך עס ווידער באַ־גראָבן אין וואלד, לעבן קבר פון דיין פאָטער. איצט קום.

ער איז ארויס און נאָך אים שמעון. זיי זיינען געגאנגען טיף אין וואלד, וואו צוויי בערגלעך ערד זיינען געווען נאָענט צוגערוקט איינס צום אנדערן.

— דאָ ליגט דיין פאָטער, און דאָ — קטורה.

שמעון איז צוגעפאלן צו די קברים. אלץ אין אים האָט גע־וויינט, נאָר קיין טרערן זיינען ניט געקומען.

ווען שמעון האָט זיך אויפגעהויבן האָט אבישי אים דערלאנגט דאָס קעסטל. שמעון האָט עס אויפגעעפנט. צום ערשטן האָט

## אין די בערג פון יהודה

ער ארויסגעשלעפּט א לאנגן שווערד, א שווערן און פאַרראָסטעטן, דערנאָך אַן אַלטע, אַלטע פּארמעט־מגילה.

— איך דאנק דיר, אבישי! קיין גרעסערן אוצר האָט דער פאָטער מיר ניט געקענט איבערלאָזן ווי אָט־דעם צייכן פון אונדזער שטאַם. דאָס איז דער שטאַם פון דוד בן ישי, וועלכער גייט אי־בער פון דור צו דור. ביי אָט־דעם צייכן, ביים אָנדענק פון מיין פאָטער און קטורה, וועמענס לעבנס זיינען פארשניטן געוואָרן, שווער איך צו נעמען נקמה פאר די ליידן פון אלע מיינע ברידער, פאר די טויזנטער אומגעקומענע אין ירושלים, פאר די צעריסענע אין די צירקן פון חיות, פאר די פארפייניקטע און פאריאָגטע, פאר אלע און פאר אלץ, וואָס די בלוטדורשטיקע רוים האָט אונדז געטאָן. די דאָזיקע נקמה וועט קומען!

:: :: ::

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן איז שמעון געזעסן מיט אבישי׳ן אין וואלד. אזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן, האָט זיך אויבן גע־שפּרייט א טיף בלויער הימל מיט פינקלענדיקע שטערן. די ביימער זיינען געשטאַנען פארצויבערטע אין דרימל. א רואיקע גאָט־גע־בענטשטע וועלט האָט זיך פאַרוויגט אין איר אייגן געזאנג. נאָר שמעונ׳ס יעדער אָטעם, יעדער ריר פון זיין גוף און נשמה, האָט וויברירט מיט איין פארלאנג:

— קאמף און נקמה.

אבישי האָט מיט דער אראָפּהענגענדיקער לאנגער לינקער האנט טונקל געשאַרט איבער דער נאַכטיקער ערד.

# פערטער קאַפּיטל

ווידער איז שמעון געווען אין די בערג פון יהודה מיט אבינדב׳ן און זיין אָפּטיילונג. אַ פיבערישע טעטיקייט איז אָנ־געגאַנגען אין די שטילע בערג. אָנגעהויבן האָט זיך עס גלייך נאָכדעם ווי שמעון איז צוריקגעקומען. צו אבינדב׳ן האָט ער דאַן געזאָגט:

— שוין צייט מיר זאָלן אויפהערן צו זיין אַ קליינע גרופּע, אָפּגעריסן פון פאָלק און זיין לעבן. מיט אונדזערע נקמה־אַקטן וועלן מיר קיין סך ניט אויפטאָן. אזוי ווי די רוימער מוזן מיר זיין געאיבט און קריגס־פייאיק; און אז עס וועט שלאָגן אונדזער שעה, זאָלן מיר זיין גרייט צום קאַמף פאר אונדזער פרייהייט.

— מיין ברודער! — האָט אבינדב געענטפערט, — דו האָסט געהערט וואָס עמוס האָט דערציילט, ווי נידערשלאָגן און יאוש־דיק אַלע זיינען. ווי־זשע וועלן מיר זיך קענען אָפּן פאַרמעסטן מיט רוים?

— מיר וועלן אָנהויבן צוגרייטן דעם פאַרמעסט. צוגרייטן די מענטשן, געווער און שפּייז. עס וועט זיך מוזן שאפן אַ גוט־דיסציפּלינירטע און מעכטיקע מחנה. דאַן, וואַרטן אויף דעם גינסטיקן מאָמענט.

שמעון האָט איבערגענומען די פירערשאַפט. פון דער גרופּע האָט ער אויסגעטיילט די שטאַרקסטע און די פייאיקערע און זיי געגומען לערנען די טעכניק פון מלחמה. די שטאַרקייט פון די רוימער איז באַשטאַנען אין דריי זאכן: זייער דיסציפּלין, זייערע לאַנגע איבונג־צוגרייטונגען און זייער קעמפן אין גרויסע מאַסן, אין לעגיאָנען. אָט דאָס אלץ האָט זיי שמעון געוואָלט אויסלערנען.

שמעון האָט גענומען צוגרייטן אָנפירער. דערנאָך — אָרגאַ־ניזירן און פאראייניגן די געהיימע אָנהענגער פון אַן אויפשטאַנד, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אין יעדער אידישער שטאָט און אין יעדן אידישן דאָרף. אונטער דער אָנפירערשאפט פון זיינע אָנ־

## אין די בערג פון יהודה

פירער־תלמידים האָבן די יונגע מענער זיך גענומען פלייסיק לער־נען ווי צו האַלטן דאָס געווער. אָבער צו פאַרמירן זיי אין גרע־סערע אָפּטיילונגען און איינצופירן די געהעריקע דיסציפּלין, דאָס איז שוין אָנגעקומען ניט גרינג. אויסער דעם איז שווער געווען צו קריגן פאַר זיי געווער און שפּייז. עס האָט אויסגעפעלט געלט, ווייל די פאַרמעגלעכע אידן האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אויפ־שטאַנד און ניט מיטגעפילט מיט די רעבעלן. שמעונ׳ען האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע זאַך פון באַפרייאונג וועט פאַרלאָרן גיין. ער האָט איבערגעלעבט שווערע טעג, און ער האָט געדאַרפט אַלץ שטאַרקן זיין אייגן האַרץ...

איינמאָל, בלאָנדזשענדיק אין די בערג, האָט ער געפונען ליגן אַ פאַרשמאַכטן אידישן פויער. ער האָט אים אויפגעהויבן, אנידער־געזעצט, און גענומען אָפּמינטערן. ער איז צוגעלאָפן צו א הייל און געבראַכט מיט זיך א קריגל וואַסער און שפּייז. ער האָט אריינגעגאָסן אביסל וואַסער אין דעם פויער׳ס פאַרשמאַכטע ליפּן. יענער האָט דורשטיק אַ שלונג געטאָן דאָס וואַסער. זיינע וויעס האָבן א ציטער געטאָן און האָבן זיך אויפגעעפנט.

— נעם נאָך אביסל וואַסער, — האָט שמעון אים ווידער צו־געטראָגן דאָס קריגל צו די ליפּן.

דער פויער האָט אָבער אזוי ווי ניט־דערהערט זיינע ווערטער. מיט שרעק האָט ער געפרעגט:

— וואו בין איך?

— שרעק זיך ניט, דו ביזט צווישן פריינט, — האָט שמעון געזאָגט, — נעם נאָך אַ טרונק וואַסער און שטאַרק דיין האַרץ.

דער פויער האָט זשעדנע צוגעכאַפּט זיך צום קרוג און אים אויסגעטרונקען ביזן דנאָ.

— דיר קומט מיין דאַנקבאַרקייט, גוטער מענטש, — האָט ער געזאָגט צו שמעונ׳ען, — נאָר איך וועל דיר ניט דאַנקען. בע־סער וואָלסטו מיר געלאָזן שטאַרבן.

— וואָס איז מיט דיר געשען? ווי אזוי ביזטו געקומען אין די בערג?

— איך בין אַנטלאָפן פון מודעין. דער שטייער־מאָנער,

כשדיאל, איז ווי א היישעריק אָנגעקומען. ער האָט פון מיר גע־וואָלט דריי הונדערט סעסטערציעס. וואו האָב איך זיי געקענט נעמען, אַז מיין פעלד איז קליין? כ'האָב דאָס ניט געהאַט. האָט ער געוואָלט צונעמען מיינע שפּאַן־אָקסן. ווען כשדיאל'ס פּאַסטוכער זיינען געקומען אוועקטרייבן די בהמות, האָב איך זיך קעגנגע־שטעלט. נאָר אַז זיי האָבן גערופן צו הילף די רוימישע סאָלדאַטן, האָב איך זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן אין די בערג.

— אַנטלאָפן?...

שמעונ'ס פּנים איז רויט געוואָרן און זיינע אויגן האָבן אויפ־געבליצט מיט אַן אומהיימלעך פייערל. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם פּויער ביי זיינע קליידער, אים אַ טרייסל געטאָן און בייז גערעדט:

— אַנטלאָפן, אַ? נבלה!... פּחדן!... דו וועסט גיין צוריק אין מודעין!

— די רוימער וועלן מיך דאָרט טויטן.

— גיי צוריק און קעמף. אויב שטאַרבן — טאָ שטאַרב פאַר עפּעס וואָס איז דיר טייער. קיין פּחדנים דאַרפן מיר ניט אין די בערג. גיי צוריק און זאָג אָן אין מיין נאָמען: — איך האָב פאַרנומען דעם וויי־געשריי פון די אָרימע, ווען כשדיאל האָט באַרויבט. ער וועט קריגן זיין פאַרדינטן סוף. אַזוי האָט געזאָגט שמעון פון די זעלאָטן.

— שמעון פון די זעלאָטן?! ביזטו עס, שמעון? דער שמעון צו וועמען אונדזערע האָפענונגען גייען אויס. אָ, כ'בעט דיך: פאַרגיב מיר מיין קליינמוטיקייט און לאָז מיך בלייבן מיט דיר אין די בערג, ווייל קיין וועג צוריק איז פאַר מיר ניטאָ.

— גיי צוריק! — האָט שמעון אַרויסגעדונערט.

דער פּויער האָט זיך אויסגעגלייכט.

— איך גיי.

---

דאָס שטעטל מודעין איז נאָך געווען איינגעהילט אין שלאָף ווען אַ מאַן, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, ווי אַ וואַנדערנדיקער בעט־

# אין די בערג פון יהודה

לער, מיט אַ שטעקן אין האַנט, האָט אָנגעקלאַפּט אין איינעם פון די שטיבער ביים עק פון שטעטל.

א מיטליעריקער מאַן איז פון דאָרט אַרויסגעקומען, רייבנ־דיק זיך די פאַרשלאָפענע אויגן. דער פרימאָרגן האָט קוים גע־נומען גרויען און אַ פאַרוואונדערטער האָט דער בעל־הבית פון הויז, אין האַלב־טונקל, אָנגעקוקט דעם מאָדנעם בעטלער.

— פאַרנעם, מיין האַר, — האָט דער בעטלער ארויסגערעדט, — אַ וואַנדערער בין איך און שוין דעם צווייטן טאָג ניט געגעסן; ס'איז מיר קאַלט פון דער נאַכט. וועט דער גוטהאַרציקער זון פון ישראל דערלויבן מיך צו געפינען שוץ אונטער זיין דאַך?

דער בעל־הבית האָט נאָכאַמאָל שארף באַטראַכט די צעריסענע, פאַרשטויבטע בגדים פונם וואַנדערער, זיין אויסגעדאַרטן, מיט שטויב באַדעקטן, פּנים, און געעפנט די טיר.

— אָ, וואַנדערער! — האָט ער געזאָגט, — ווער דו זאָלסט ניט זיין, נאָר קיינמאָל האָט נאָך יהושע פון מודעין ניט אָפּגע־זאָגט קיין אורח זיין דאַך און זיין ברויט. מער אָבער ווי ברויט און טרוקן קעז איז אין מיין שטוב ניטאָ. די לעצטע ציג האָט דער שטייער־מאָנער, כשדיאל, צוגענומען, אַ קללה אויף אים און אויף זיינע רוימישע סאָלדאַטן.

ער האָט אריינגעבראכט וואַסער. דער פרעמדער האָט זיך געוואַשן און זיך געזעצט צום טיש, האָט יהושע פון א פּאָליצע אַראָפּגענומען אַ שטיק פאַרדאַרט ברויט, אַ שטיקל געטריקנטע קעז און עס אוועקגעלייגט פארן אורח. דער וואַנדערער, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין זייער הונגעריק, האָט דאָך זיך ניט געאיילט אָנצוהייבן עסן דאָס ברויט און קעז, נאָר גענוי באַטראַכט דעם בעל־הבית.

— די לעצטע ציג צוגענומען! — האָט דער אורח גערעדט, — ביי גאָט פון אברהם, נאָך איז אזא עולה אין יהודה ניט באַגאַנ־גען געוואָרן. איז דען דער שטייער־מאָנער ניט אַ זון פון אונדזער פאָלק?

— דו רעדסט אמת! אָבער גאָטס קללה איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף אונדז און פאַרדאָרבן איז געוואָרן ישראל. דער

שטייער־אָפּקויפער, כשדיאַל, האָט טייער באַצאָלט די רוימער פאר דעם אַמט און איצט רייסט ער און רויבט אַוועק דאָס לעצטע פון אָרימאַן.

— און דאָס פאָלק שווייגט? איז שוין גאָר קיין גערעכטיקייט ניטאָ?

דער בעל־הבית איז געבליבן שטיל. ער האָט פאַרשנדיק געקוקט אויפן אורח.

— וואָס קענען מיר טאָן? ווער וועט זיך פאַר אונדז אָרימע איינשטעלן?

— האָסטו ניט געהערט, אז שמעון פון די זעלאָטן האָט פאַר־נומען אייער עולה?

— יע, איך האָב געהערט, אזוי האָט מען בסוד איבערגעגעבן אין שטעטל. איינער פון אונדזעריקע איז געקומען פון די בערג און דערציילט ווי שמעון האָט אים צוריקגעטריבן אַהער...

— זיי וויסן, — האָט דער מאָדנער אורח דאָן געזאָגט — איך קום פון שמעונ׳ען.

דער בעל־הבית האָט א ציטער געטאָן: — דו, פון שמעונ׳ען? באַפעל, איך בין גרייט צו דיין דינסט.

— זאָג, ווי גרויס איז די צאָל פון די רוימישע סאָלדאַטן?

— איך ווייס ניט גענוי, אָבער באַלד וועל איך צולויפן צום מארק, לעבן טויער, און וועל עס אויסגעפינען.

— ווייסט ניט ווען זיי טרעטן ארויס פון מודעין?

— זיי האָבן געזאָלט ארויסגיין היינט פאַרטאָג, נאָר זיי האָבן געטראָפן אַ ווידערשטאַנד ביים אויפמאָנען די שטייערן.

— גוט, גיי ארויס אין מאַרק און געפין אַלץ אויס.

אז דער בעל־הבית האָט פאַרלאָזן דאָס הויז, האָט ערשט אליקים פון יבנה גענומען זיך צום עסן.

ער איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, ווי דער בעל־הבית האָט זיך שוין צוריקגעקערט.

— זיי טרעטן באַלד ארויס און לאָזן זיך צום דאָרף, ארכנה.

דער אורח האָט זיך אויפגעהויבן אין איילעניש.

— שלום! — האָט ער געזאָגט, און אויסגעצויגן דעם בעל־

## אין די בערג פון יהודה

הבית זיין האַנט, — איך שווער ביי גאָט, נאָך איידער די זון וועט אונטערגיין, וועט דיין ציג זיין צוריק אין שטאַל.

ער איז געשטאַנען ביים טויער און געוואַרט. אינגיכן האָט ער דערהערט א פערדישן געטראַמפּל. פאָראויס איז געפאָרן א רוי־מישער סאָלדאט. נאָך אים — כשדיאל. ער האָט אויף א לייכטן וואָגן געפירט א קעסטל, וואו ער האָט געהאַלטן דעם אָנגעזאַמלטן שטייער, און פאַרשיידענע גאָלדענע און זילבערנע חפצים און מטבעות. ביי ביידע זייטן זיינען געפאָרן רוימישע סאָלדאַטן מיט אַנטבלויזטע שווערדן. הינטער זיי אַלעמען האָט מען געטריבן א סטאַדע בהמות, וואָס כשדיאל האָט אַוועקגענומען פון די פויערים. דער געטראַמפּל פון די בהמות האָט אויפגעהויבן א געדיכטן שטויב און ווען זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם טויער, וואו אליקים פון יבנה איז געשטאַנען, האָט קיינער ניט באַמערקט ווי ער האָט זיך אויסגעמישט מיט די פאַסטוכער. אַ לאַנגע צייט איז אליקים גע־גאַנגען מיט דער סטאַדע. מיטאַמאָל האָבן די בהמות, דערשפּירנ־דיק דעם ריח פון פרישן וואַסער, געלאָזן זיך צו א קליין טייכל, וואָס האָט געפלאָסן פון די בערג.

אין דעם געלאַף פון די בהמות האָט קיינער ניט באַמערקט ווי דער וואַנדערער האָט א שפּרונג געטאָן אָן אַ זייט און איז פאַר־שוואונדן אין די בערג.

וואַרטנדיק ביז וואַנען די פאַסטוכער וועלן צוריקטרייבן די סטאַדע, האָט דער שטייער־מאָנער כשדיאל זיך געזעצט ביי דער זייט פון וועג. די זון, וואָס איז געשטאַנען הויך האָט אומ׳רח־מנות׳דיק געבאַקן. ארום איז געווען שטיל. מער ניט, פון צייט־צו־צייט האָט זיך געהערט דאָס וואָיען פון שאַקאַלן.

אויף אַ פעלז, נאָענט צום וועג, האָט זיך באַוויזן שמעון, און נאָך אים זיינען, ווי פון דער ערד ארויס, אויסגעוואַקסן בערגלייט, וועלכע האָבן ארומגערינגלט כשדיאל׳ן מיט זיינע באַגלייטער.

— כשדיאל! — האָט שמעון מעכטיק ארויסגעדונערט, — גיב אָפּ דאָס אָנגערויבטע!

דאָס פּלוצלונגדיקע דערשיינען פון די רעבעלן אין מיטן העלן

טאָג האָט אַלעמען דערשראָקן און צעמישט. נאָר דער עלצטער פון די רוימישע סאָלדאַטן איז באַלד געקומען צו זיך:

— ביי יופּיטער! מיין נאָמען איז נעדוס, אויב דאָס איז ניט שמעון פון כוזיבה. פאַראויס רוימער! פאַראויס נאָך מיר! און ביי באַקכוס, מיר וועלן קריגן די 5,000 סעסטערצעס פאַר זיין קאָפּ!

מיט די ווערטער האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין שמעון׳ס זייט. די סאָלדאַטן האָבן אים נאָכגעפאָלגט. נאָר קוים זיינען די סאָלדאַטן צוגעקומען נעענטער צום פעלז, וואו שמעון איז געשטאַנען, האָט זיך דערהערט אַ זשומען פון פיילן. עטלעכע רוימער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן און די שטיינער פון וועג זיינען באַשפּרענקלט געוואָרן מיט בלוט. שמעון האָט זיך אריינגעשניטן אין דער קליינער מחנה רייטער. די לעצטע האָבן ווילד זיך געשלאָגן, אָבער זיינען איינציקוויז, איינציקוויז, געפאַלן.

כשדיאל האָט געפּרובירט אַנטלויפן, נאָר ער איז באַלד געכאַפּט געוואָרן און איז אָפּגעפירט געוואָרן אין די בערג.

דעם קאַסטן מיטן געלט און די טייערע חפצים האָט שמעון באַפוילן אוועקצוטראָגן אין הייל, נאָכדעם ווי די בערגלייט זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט די רוימער און מיטן צונויפקלייבן דאָס געווער, וואָס איז געוועזן זייער נויטיק פאַר זיי, האָט שמעון זיך פאַרנומען צו משפט׳ן כשדיאל׳ן.

דער משפט איבער אים איז געוועזן אַ קורצער, און די שטומע פעלזן האָבן אויף אייביק פאַרשטיקט און פאַרגליווערט זיין לעצטן געשריי.

# פינפטער קאַפּיטל

דער פרימאָרגן האָט געפונען דאָס שטעטל מודעין אין אַ שטאַרקער אויפרעגונג. נאָך נעכטן, ווען די שאָף, צוגענומענע פון שטייער־מאָנער, האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע בעלי־בתים און זיך צעלאָזט מיט אזא מאָדנעם פריילעכן מעקען, האָבן אַלע אין שטעטל שוין געוואוסט פון שמעונ׳ס געוואַגטן אָנפאַל. די פּאָס־טוכער וואָס האָבן שטילערהייט ממש באַוואונדערט די זעלאָטן, האָבן מיט אנטציקונג דערציילט פון שמעונ׳ס העלדישקייט. ביי די מערסטע, איבערהויפּט ביי די אָרימע, האָט די מפּלה פון די רוימער מיטן שטייער־רייסער ארויסגערופן אַ סך פרייד, כאָטש ניט אַלע האָבן די פרייד ארויסגעוויזן... נאָר ביי אנדערע האָט שמעונ׳ס אָנפאַל ארויסגערופן א טיפע זאָרג. און די זאָרג איז געווען ניט קיין אומזיסטע. אויפן צווייטן טאָג האָט אַן אָפּטיילונג רוימער, אונטער דער פירערשאַפט פון טעלעניוס, בייז ארייגעמארשירט אין שטעטל.

אַלץ איז מיטאמאָל אזוי ווי צוגעדריקט געוואָרן. יעדערער האָט געציטערט ארויסצואווייזן אז ער האָט וועלכע עס איז שייכות מיט דעם אָנפאַל.

טעלעניוס האָט גלייך געשיקט רופן צו זיך דעם עלצטן און חשוב׳סטן מאן פון מודעין, ר׳ אליעזר׳ן.

דער אַלטער אליעזר איז אוועק אין דער באַגלייטונג פון זיין איינציקער טאָכטער דינה, וועלכע האָט אים געזאָלט ארויסהעלפן צונויפצורעדן זיך מיט די רוימער.

אַ סאָלדאַט האָט זיי אריינגעפירט צו טעלעניוס׳ן אין צימער. דער לעצטער האָט זיך אויפגעהויבן און זיי באַגריסט: פרידן צו דיר, חשוב׳ער מאן. ער האָט געוויזן מיט דער האנט אויף א בענקל און ווען אליעזר און דינה האָבן זיך אוועקגעזעצט האָט טעלעניוס געזאָגט:

— א שרעקלעך פארברעכן איז דאָ באַגאַנגען געוואָרן. איך

ווייס אז דאָס איז קעגן דעם גייסט פון דיין פאָלק און דעריבער וויל איך דיין עצה און דיין הילף.

— מיין האַר, — האָט דער גרייז־גראָער אליעזר געענטפערט, — צו אַלט און שוואַך בין איך, אז איך זאָל דיר קענען העלפן. מיט וואָס קען איך דיר דען העלפן?

און טעלעניוס האָט געזאָגט:

— דו ביזט דער חשוב׳סטער מאַן פון שטאָט און איך וויל, אז ביז מאָרגן זאָלן די שולדיקע ארויסגעגעבן ווערן, כדי די אומ־שולדיקע זאָלן ניט ליידן.

— איך שווער ביי גאָט פון אונדזערע אבות, אז אומשולדיק זיינען די איינוואוינער פון מודעין אין דעם אָנפאַל אויף דעם שטייער־מאָנער און אויף די רוימישע סאָלדאַטן.

האָט געזאָגט טעלעניוס:

— מיר האָבן ידיעות אז שמעון׳ס אַ מענטש, איבערגעטאָן ווי א בעטלער, איז געווען אין מודעין. ביי וועמען האָט ער זיך אויפגעהאלטן?

— מיין האַר, אין מיינע יאָרן איז שווער צו זאָגן ליגן, און נאָך אמאָל זאָג איך, אז איך ווייס ניט.

טעלעניוס איז געוואָרן בייז:

— ווער זיינען דאָ שמעון׳ס ארויסהעלפער? דו מוזט דאָס אויסגעפינען און ארויסגעבן זיי צו מיר, אויב דו ווילסט ניט ווי אַ פּאַר׳משכנ׳טער אָפּגעפירט ווערן אין קיסריה. א לעבעדיקער משכון וועסטו זיין ביי אונדז.

טעלעניוס׳עס שטימע האָט געקלונגען האַרט און באַפעלנדיק. ער האָט געוואָלט זיין נאָך שטרענגער, נאָר די אָנוועזנהייט פון דער שיינער, צארטער דינה האָט זיין כעס געקילט און געשטילט. ער האָט זיינע אויגן ניט געקענט אָפּרייסן פון אירע שווארצע מיט טרויער לייכטנדיקע אויגן. איר גאַנץ וועזן איז געווען אזא קעגנזאַץ צו זיין אָנגעגרייטער שטרענגקייט...

די טיר האָט זיך געעפנט און לאַריטיוס איז אריין. באַגריסנ־דיק זיך מיט טעלעניוס׳ן האָט ער געזאָגט: — מיינע סאָלדאַטן האָבן

## אין די בערג פון יהודה

געפונען אַ באַרגמאַן אויפן וועג, לעבן מודעין, און זיי האָבן אים דערקענט. ער איז פון שמעונ׳ס מענטשן.

טעלעניוס׳עס פנים האָט אויפגעלויכטן:

— יופּיטער איז מיט אונדז! דער בארגמאַן וועט אונדז אַ סך קענען דערציילן. פּאפוס! נעם דעם אַלטן מיט זיין טאָכטער און האַלט זיי אין דעם אויבערשטן צימער ביז וואנען איך וועל זיי ווידער רופן.

דער סאָלדאַט האָט אליעזר׳ן און דינה׳ן באַלד ארויסגעפירט. טעלעניוס האָט באמערקט ווי לאריטיוס שטייט א פארגאפטער און קען ניט אָפּרייסן זיין בליק פון דער טיר, דורך וועלכער דינה איז נאָר־וואָס פארשוואונדן...

לאריטיוס האָט הייס גערעדט:

— ביי די הימלישע געטער, ווער איז דאָ געווען? מיר דוכט זיך אז איך שמעק דעם כשופ׳דיקן ריח פון ווענערא מיט די פאַר־חלומ׳טע אויגן!

אַ שמייכל האָט דורכגעשוועבט אויף טעלעניוסעס ליפּן:

— זיי זיינען שיין, די אידינס, נאָר בעסער היט זיך פאר זייער ליבע.

— אָבער, האָסטו ווען געזען אזא שיינהייט?

אַ לאַנגע פּאַוזע. טעלעניוסעס שטערן האָט זיך צוזאמענ־געקניייטשט און איבער זיינע אויגן איז דורכגעלאָפן אַ שאָטן. טעלעניוס איז געבליבן קוקן אין דער ווייטקייט מיט אזא מאָד־נעם אויסדרוק, און דאן שטיל געזאָגט:

— יע. אין מיין לעבן האָב איך געקענט נאָך איינע, וואָס וואָלט באמת געווען די צווייטע צו דיאנא. אויך יענע איז געווען א אידין. איך האָב זי געקענט און אויך געליבט.

— און אויך געקראָגן, גיב צו!

— ניין. זי האָט ניט געוואָלט ווערן קיין רוימערין, זי האָט ניט געוואָלט זיין מיין געליבטע.

האָט לאַריטיוס אַ זאָג געטאָן:

— אַזאַ פרוי איז אפילו ווערט מען זאָל ווערן א איד צוליב איר.

— ווערן אַ איד! — האָט טעלעניוס סאַרקאַסטיש אויסגע־רופן, — דאָס איז דאָך אַלץ איינס ווי יופּיטער זאָל דעגראַדירן צו...

— אָבער אַז דו האָסט זי אַזוי געליבט?

— איך האָב זי ליב געהאַט ווי אַ רוימער. און, אַז כ'האָב געזען דאָס זי וועט ניט איינווילליגן אויף דעם, האָב איך באַשלאָסן צו נעמען זי מיט גוואַלט. דו ווייסט דאָך מיין מאָטאָ: באַזיצן און געניס. אין אַ פרימאָרגן ווען דאָס שטעטל איז נאָך געשלאָפן און זי איז געווען די ערשטע צו גיין צום ברונים, האָבן מיינע קנעכט זי געכאַפּט, פאַרבונדן דאָס מויל, און אוועקגעפירט אין אַ פאַרבאָרגענעם פּלאַץ וואָס איך האָב צוגעגרייט. איך האָב גע־האַט דעם פּלאַץ אָנגעפילט מיט די טייערסטע זיידנס פון דמשק; שיינע קליידער, בראַסלעטן מיט רובינען, און אַלץ וואָס קען אויפ־וועקן אַ פרוי'ס באַגער! אָבער אויף דעם אַלעמען האָט זי אפילו קיין בליק ניט געטאָן. שטום איז זי געשטאַנען קעגן מיר און אין אירע ברענענדיקע אויגן האָב איך געזען נאָר האָס צו מיר.

טעלעניוס איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווידער אַ לאַנגע פּאַוזע. טעלעניוס האָט אַזוי ווי ניט געוואָלט ריידן מער וועגן דער גע־שעניש. דער פאַראינטערעסירטער לאַריטיוס האָט ניט אויסגע־האַלטן און צודרינגלעך געפרעגט:

— נו, און וואָס איז געשען ווייטער?

טעלעניוס האָט אָנגעהויבן:

— אַז די אידן האָבן זיך דערוואוסט אַז איך באַהאַלט זי אויס, האָבן זיי אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד. איך בין אוועק אי־בערנעמען די קאָמאַנדע, איבערלאָזנדיק זי צו מיינע קנעכט. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך זי געפונען אַ גוסס'דיקע. זי האָט זיך אַליין דאָס לעבן גענומען. פאַר איר אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם האָט זי אויף מיר אַזאַ שרעקלעכן בליק געגעבן. אָט דעם בליק, איר לעצטע קללה, דאָס וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

טעלעניוס איז אַנטשוויגן געוואָרן און פאַר אַ ווייַלע איז אַ שווערע שטילקייט געבליבן הענגען אין דער לופט אַרום זיי.

# אין די בערג פון יהודה

דאַן, דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם געפאנגענעם באַרג־מאַן, האָט טעלעניוס זיך געווענדט צו פאפוס׳ן:

— ברענג אריין דעם באַרג־מאַן, איז ער טאקע פון שמעונ׳ס לייט?

פאפוס האָט אריינגעפירט א צעביילטן בארג־מאן, א באָרוועסן און אין א צעריסענער כתנת. די הענט זיינען אים געווען פאר־בונדן אויף הינטן. דאָס איז געווען שאול, דער חבר פון עמוס — די צוויי אויסשפירער. שאול איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. נאָר פאפוס האָט אים געגעבן א שטארקן שטויס פאָראויס, און ער איז געשטאנען פאר טעלעניוס׳ן.

אַ ווײַלע האָט אים טעלעניוס דורכדרינגלעך אָנגעקוקט.

— דערצייל ווער ביזטו און פון וואַנען קומסטו?

שאול האָט אייגעבויגן זיין קאָפּ:

— מיין האַר! אַ פאַסטוך בין איך און בין געגאנגען קיין מודעין זוכן ארבעט.

— ביזטו געווען אין די בערג? ביי שמעונ׳ען?

— איך קום פון דער ווייט...

- פאפוס! גיב אים אַ טרונק וויין און זע אָפּפרישן זיין זכרון. מיר דאכט אז ער האָט עפעס פארגעסן, — האָט טעלעניוס באַפוילן.

שאול האָט שטום אָפּגעשטופּט פון זיך דעם וויין.

טעלעניוס האָט געמאכט א פאָר טריט נעענטער. ער איז געשטאנען האַרט פאר שאול׳ן. זיין רואיקייט האָט אים פאר־לאָזן; דער נאָז האָט זיך פאַרשפּיצט ווי ביי א רויב־פייגל; די אויגן — שווארץ און דראָענדיק.

— פארשטיי מיך, דו בארג־הונט! דיין לעבן הענגט אָפּ פון דיין ענטפער. איז, בעסער קוק מיר גלייך אין די אויגן און זאָג דעם אמת. איך ווייס — דו געהערסט צו שמעונ׳ס באַנדע און דו קומסט פון די בערג. עפן דיין מויל!

— איך ווייס פון גאָרניט.

טעלעניוס האָט געדונערט:

— זאָג, וואו געפינט זיך שמעון איצט?

— איך ווייס ניט.

טעלעניוס איז אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט אַהינטער און געזאָגט:

— איינגעשפּאַרט ווי אַלע אידן זיינען. נו, מיר וועלן באַלד זען. פּאַפּוס! עפן אים אויף דאָס מויל...

פּאַפּוס איז מיט אַ קעצישן שפּרונג צוגעקומען צו שאול'ן פון הינטן. ער האָט אריינגעכאַפּט שאול'ס פאַרבונדענע הענט אין אַן אייזערנעם הענטל און אַ דריי געטאָן דעם הילצערנעם שטאַנג, צו וועלכן דאָס הענטל איז געווען צוגעפּעסטיקט. אַ פאַרשטיקטער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון שאול'ס ברוסט. נאָך איין שטאַרקער דריי, און שאול האָט געפילט ווי עס רייסן זיך אים אָפּ די גלידער.

טעלעניוס האָט געוואָרטשעט:

— נו, איצט וועסטו שוין בעסער געדענקען פון וואַנען דו קומסט?

— איך קום פון שמעונ'ען, — האָט שאול ארויסגערעדט מיט אַ צעבראָכענעם געמיט.

אַ צופרידענער, זיגרייכער שמייכל האָט זיך באוויזן אויף טעלעניוס'עס פּנים.

— איך זע, אז דיין זכרון ארבעט שוין איצט בעסער. נו, דערציייל אונדז, וואָס האָט ער געטאָן מיט דעם געלט וואָס ער האָט אוועקגערויבט פון שטייער־מאָנער?

— דאָס ווייס איך ניט. אָבער איך גלויב, אז ער האָט עס ביי זיך.

— אזוי! באַגראָבן, מסתמא, ערגעץ אין דער ערד. נאָר ניט געו'דאגה'ט. טעלעניוס וועט שוין געפינען דעם פאַרבאָרגענעם פּלאַץ. איצט זאָג, צוליב וואָס ביזטו געגאַנגען קיין מודעין?

— צו דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך דאָ.

— ביזטו אַן אויסשפּירער, הייסט עס. נו, דו וועסט אים שוין אָבער מער גאָרנישט ניט דערציילן. זאָג נאָר: וויפיל האָט ער ביי זיך מענטשן?

— ארום פינף און דרייסיק.

## אין די בערג פון יהודה

אַ ווײַלע איז טעלעניוס געזעסן פאַרטראַכט.

— הער מיר אויס! — האָט ער זיך ווידער אַ קער געטאָן צו שאול׳ן, — דיר קומט טויט, ווײַל דו ביזט געקומען ווי אַן אויס־שפּירער פון די רעבעלן, און ווײַל דו ביזט אַ סך מאָל מיט געווער אַרויסגעטראָטן קעגן רוים. נאָר איך וועל זײַן גנעדיק צו דיר, אויב דו וועסט אונדז דורכפירן דורך די בערג צו שמעונ׳ען, וועל איך דיר שענקען דאָס לעבן און אויך וועסטו קריגן די באַלוינונג פון די פינף טויזנט סעסטערציעס פאַר שמעונ׳ס קאָפּ.

— אָ, ניין! ניין! — האָט שאול אויסגעשריִען מיט פאַרצווייפלונג, — דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טאָן. בעסער טויט מיך.

— ווי דו ווילסט, — האָט טעלעניוס קאַלטבלוטיק אַרויסגערעדט. — פּאַפּוס! נעם דעם הונט און הענג אים אויף אַ קרייץ זיך אויסצולופטערן...

דער מעכטיקער פּאַפּוס האָט גענומען שלעפּן שאול׳ן. אויפן הויף האָט ער מיט נאָך צוויי סאָלדאַטן געבונדן שאול׳ן די פיס, פאַנאַנדערגעבונדן אים די הענט, און אים אויסגעצויגן אויפן קרייץ. שאול האָט זיך געוועהרט, נאָר די סאָלדאַטן האָבן פון ביידע זײַטן אים פעסט צוגעהאַלטן צום קרייץ. פּאַפּוס איז געווען קאַלטבלוטיק, ווי דאָס וואָלט פאַר אים געווען אַ געוויינלעכע טעגלעכע באַשעפטיקונג. שאול האָט דערזען אין פּאַפּוס׳עס האַנט אַ האַמער און אַ לאַנגן טשוואָק.

אין קראַמפּן פון טויט־שרעק האָט שאול אויסגעשריִען:

— וואַרט, וואַרט צו! איך וועל אַלץ אויסזאָגן. איך וועל אַלץ טאָן.

ווידער האָט אַ צופרידענער שמייכל באַלויכטן טעלעניוס׳עס פּנים.

— בינד אים אָפּ, — האָט ער באַפוילן דעם סאָלדאַט.

ווען שאול איז שוין געשטאַנען אַן אָפּגעבונדענער און אַן אויפגעבונדענער האָט טעלעניוס אין דער שטיל לאַנג גערעדט מיט אים און דער אויסדרוק פון טעלעניוס׳עס פּנים איז וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ צופרידענער.

אין א קורצער צייט ארום האָט זיך דער גאַנצער הויף גענומען באַוועגן. די סאָלדאטן, וועלכע האָבן זיך פויל געוואַלגערט אויף דער ערד, שפּילנדיק איןביינדלעך, האָבן מיט אַמאָל קריגע־ריש זיך פאַרפאַנצערט מיט די שילדן, צוגעשפּילעט צו זיך די שווערדן און ארויפוואַרפנדיק אויף זיך די פייל־טאַשן זיינען זיי שוין געווען גרייט אין וועג אריין. אינגיכן זיינען זיי ארויס פון מודעין און זיך געלאָזט מיט דעם בארג־וועג, וועלכן שאול האָט זיי אָנגעוויזן. די אָפּטיילונג האָט מונטער געשפּרייזט בארג ארויף, און אין די הינטערשטע רייען פון די סאָלדאַטן זיינען געריטן אויף אייזלען דער אַלטער אליעזר מיט דינה׳ן, וועמען טעלעניוס האָט גענומען מיט זיך און געהאט בדעה צו האַלטן פאַר לעבעדיקע משכנות אין קיסריה אין פאַל ער וועט שמעון׳ען ניט כאַפּן.

דער שמאָלער וועג, איבער וועלכן זיי זיינען געגאַנגען איז געווען דאָס בעט פון א טייך, וואָס פלעגט ווינטער־צייט שטורמיש טראָגן זיינע וואַסערן צום ירדן, איינגראָבנדיק זיך טיף צווישן די פעלזיקע בערג. איצט איז דאָס וואסער שוין לאַנג געווען אויס־געטריקנט, א סך קליינע שטיינדלעך זיינען געלעגן אונטער די פיס און זיי האָבן שווערער געמאכט דעם גאַנג. ביי די זייטן האָבן זיך געהויבן הויכע, קאַלכיגע פעלזן. די סאָלדאטן זיינען שטום געגאַנגען פאָראויס. שאול, מיט פאפוס׳ן ביי זיין זייט, אין דער שפּיץ, און נאָך זיי טעלעניוס מיט לאַריטיוס׳ן. דער וועג האָט זיך אַלץ געדרייט צווישן די אומבאַלעבטע, מיט אומעט ווייענדיקע בערג. די געגנט איז געווען א ווילדע, א פּחד האָט ארומגעכאַפּט טעלעניוס׳ן. דאָ, צווישן די ווילדע בערג, האָט ער מיטאמאָל דער־פילט זיך צו שוואַך מיט זיין גרופּע סאָלדאטן. א געדאַנק איז אים אין קאָפּ דורכגעלאָפן אומצוקערן זיך אויף צוריק. אָבער אַזא געלעגנהייט, צו כאַפּן שמעון׳ען האָט ער דאָך ניט געקאָנט דורכ־לאָזן! ער האָט ענגער צונויפגעצויגן די רייען פון זיין אָפּטיילונג און אויסגעטיילט א קליינעם טייל אַלס אן אוואַנגאַרד.

לעבן אַ הויכן פעלז־שפּיץ האָט שאול זיך אָפּגעשטעלט. גלייך האָבן אַלע איבעריקע זיך אויך אָפּגעשטעלט.

— איידעלער רוימער, — האָט ער געזאָגט צו טעלעניוס׳ן,

# אין די בערג פון יהודה

— איך מוז ארויפשטייגן אויפן פעלז און באקוקן די געגנט צו זען ווי צוצוקומען צו שמעונ׳ען.

טעלעניוס האָט דורכגעדרונגען שאול׳ן מיט א שארפן בליק:

— פאפוס! גיי מיט אים, נאָר זע אז דער פוקס זאָל ניט אַנטלויפן. ביי דעם ערשטן פרואוו זיינעם צו אנטלויפן, שיק אים א פייל אין נאקן.

שאול און פאפוס האָבן זיך געלאָזט קלעטערן אויף די פעלזן. דער אידישער בארג־מאן איז געשפרונגען שנעל און געשיקט פון שפיץ צו שפיץ, און דער שווערער פאפוס איז ווייט אָפּגעשטאנען פון אים. ארויפשטייגנדיק אויף א הויכן פעלז איז שאול רואיק געשטאנען און געקוקט אַרום, אזוי ווי ער וואָלט עפעס געזוכט מיט די אויגן אין דער ווייטקייט. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען פאפוס האָט זיך געגרייט ארויפצולייגן זיין האנט אויף דער פלאַך פון פעלז און אויפשטייגן צו אים, האָט שאול געגעבן א געשריי:

— יחי עם ישראל!

און גלייך האָט ער פאפוס׳ן א שטויס געטאָן מיטן פוס אין קאָפּ אזוי, אז פאפוס האָט זיך איבערגעקוליעט און געגומען פאלן בארג אראָפּ. פאלנדיק האָט פאפוס מיט די צעשפרייטע הענט זיך אָנגעשטרענגט אָנצוכאפן זיך אָן די זייט־שפיצן פון די פעלזן, אָבער זיין שווערער קערפער האָט אים געשלעפּט בארג אראָפּ. צו דער שרעק פון טעלעניוס׳ן און זיין סאָלדאַטן־אָפּטיילונג האָט א קיילעכדיקער צעבלוטיקטער קערפער זיך באלד דערקייקלט און געבליבן ליגן לעבן זיי אויף דער ערד. שאול איז שוין געווען אראָפּגעשפרונגען פון פעלז און איז פארשוואונדן געוואָרן.

א ווײַלע זיינען אלע געווען געליימט פון שרעק און האָבן געקוקט מיט א פארשטארטן בליק צו דעם אָרט וואו שאול איז פארשוואונדן געוואָרן. נאָר באלד האָט שאול פון צווישן די פעלזן זיך ווידער באוויזן און ביי זיין זייט איז געווען שמעון.

פון די שפאלטן פון שטומע בערג אויף ביידע זייטן פון וועג זיינען מיט אמאָל אויסגעוואקסן הונדערטער אידישע בערגלייט מיט אָנגעצויגענע פיילן — גרייט צו שיסן.

א ציטער איז דורכגעלאָפן דורך טעלעניוס׳עס קערפער.

שמעון האָט איצט אויסגעקוקט ווי זיין פאָטער, רייפער און עלטער, און ס׳האָט זיך טעלעניוס׳ן געדאכט, אז יעקב, ווען ער האָט אליין געזען א געקרייציקטן, איז איצט אויפגעשטאנען צו נעמען נקמה! אזוי איז שמעון געווען ענלעך צו זיין פאָטער, ווי צוויי טראָפּנס וואסער.

שמעון האָט באפוילן: — רוימער, ווארפט אוועק דאָס געווער!

טעלעניוס האָט זיך אין שרעק ארומגעקוקט. ס׳איז אים איצט קלאָר געוואָרן, אז דער כיטרער בארג־מאן, שאול, האָט אים קונציק פארפירט גלייך צו שמעון׳ען אין די הענט אריין. צו פאר־טיידיקן זיך קעגן די גבורים איז כמעט געווען אוממעגלעך. ביי דעם ערשטן פרואוו וואָלטן הונדערטער פיילן זיי דורכגעשאָסן. די בערגלייט האָבן די רוימער ארומגערינגלט פון אלע זייטן. דאָך האָט טעלעניוס זיך געמאכט הארץ און געזאָגט:

— ווער ביזטו, און אין וועמענס נאָמען רעדסטו אזוי צו רוים׳ס דינער?

שמעון האָט ווידער באָפוילן: — ווארפט דאָס געווער!

— ווייסטו וועלכע פאָלגן דאָס וועט האָבן? ווייסטו אז רוים וועט נעמען רעכענונג פאר אלץ?

שמעון האָט אויף דעם געענטפערט:

— אונדזער רעכענונג מיט רוים איז ניט פון היינט. אז דער טאָג וועט קומען וועט איר אונדז פאר אלץ טייער באצאָלן. איצט צום לעצטן מאָל באַפעל איך: — ווארפט אוועק דאָס גע־ווער!

לאָריטיוס, וועמען ס׳האָבן שטארק אויפגערייצט שמעונ׳ס רייד, האָט אינסטינקטיוו זיך א כאַפּ געטאָן פארן שווערד. אין דעם מאָמענט האָבן עטלעכע פיילן מיט א זשום דורכגעריסן די בארג־לופט. א פייל האָט געטראָפן לאָריטיוס׳ן אין זייט און אים פארוואונדעט. דאָס האָט אזוי דערשראָקן טעלעניוס׳ן אז ער האָט באלד אויפגעהויבן די הענט, ווייזנדיק דאָס ער גיט זיך אונטער. ער האָט דער ערשטער אראָפּגענומען פון זיך זיין פאַנ־צער, אָפּגעשפּילעט די שווערד און אוועקגעלייגט אויף דער ערד. די סאָלדאַטן, דערשטוינט און דערשיטערט, האָבן נאָכגע־

# אין די בערג פון יהודה

טאָן טעלעניוס׳ן. זיי האָבן גערן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שווערדן, אָפּגעגעבן די בייטלען מיט די פיילן, און אַראָפּגענומען פון זיך די פאַנצער־שילדן.

באַלד האָט א מחנה קריגער זיי אַלעמען ענג ארומגערינגלט.

— פירט זיי ארויף אין די בערג! — האָט שמעון ווידער באפוילן.

די רוימער האָבן איינציקווייז געמומען קלעטערן ארויף, אין די בערג, בעת די אידן פון היגטן האָבן זיי אונטערגעאיילט:

— קריך שנעלער, דו שוויין פון לאנגאָבארדיע!

און דו, בופל־אָקס פון די סקיטישע בלאָטעס, דיר שמעקט הפנים ניט די בארג־לופט, הא? שנעלער קריך!

און איין איד האָט סארקאַסטיש באַמערקט:

— אז מיר וועלן זיי טרייבן פון יהודה וועלן זיי לויפן אביסל שנעלער...

ווען אלע רוימער זיינען שוין געווען אויבן, האָט שמעון גע־הייסן אָפּפירן די געפאנגענע סאָלדאטן טיפער אין די בערג.

טעלעניוס׳ן און לאריטיוס׳ן, ווי אויך דעם אלטן אליעזר׳ן און זיין טאָכטער דינה, האָט שמעון פארהאלטן לעבן זיך. אז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט אלע פאראָרדענונגען איז ער צוגעגאנגען צו טעלעניוס׳ן און געזאָגט:

— נו, זאָג דעם אמת, ניט געריכט זיך אויף אזא באגעגעניש. האסט געמיינט אז דו ביזט שוין פטור געוואָרן פון מיר און איצט מיטאמאָל אזא טרעפעניש.

שמעונ׳ס בליק איז געווען א פינצטערער, א דראָענדיקער. די ליפן צוזאמענגעפרעסט אין א קראמף, ווי צו דערשטיקן דעם צי־טער.

— צו וואָס דאָס ריידן? — האָט טעלעניוס זיך געמוטיקט צו באגעגענען שמעונ׳ס בליק. — באשטים דעם פרייז פון אויס־לייז־געלט און גיב מיר א מענטשן, וועט עס פינקטלעך אויסגע־צאָלט ווערן.

— אויסלייז־געלט? וואָס? אַ רויבער בין איך?

א ווייַלע איז שמעון געבליבן געפלעפט. זיין האַנט האָט

שטייפער געדריקט דאָס הענטל פון שווערד. אים האָט זיך גע־
וואָלט א וואָרף טאָן זיך אויף טעלעניוס׳ן און אים צעשניידן אויף
שטיקלך פאר דער חוצפה צו ריידן וועגן געלט... שמעון האָט ענד־
לעך געזאָגט:

— ניט קיין הויפטלינג פון א רויבער־באנדע שטייט פאר
דיר, נאָר דער פירער פון די נייע זעלאָטן. ווייס דאָס! כ׳האָב גע־
קענט רוימער וואָס האָבן נאָך געהאט אַ שמץ פון ערע און אָנשטענ־
דיקייט. דעם נידערטרעכטיקסטן רוימער זע איך איצט פאר זיך!
צו אונדז אין הויז פלעגסטו ווי א פריינט אריינקומען; אינאיינעם
מיט אונדז ברויט געטיילט; און אז מיין שוועסטער האָט דיין
באַגער אַנטזאָגט, האָסטו, ווי א רויב־פייגל, זי פון נעסט גערויבט,
דערנאָך געטריבן זי צום טויט. מיין פאָטער... אים צום קרייץ
פאר׳משפט! איצט ווילסטו וויסן דעם געלט־פרייז פון דעם? זיי
וויסן, מיט דיין בלוט וועסטו באַצאָלן!

טעלעניוס איז בלייך געוואָרן, נאָר זיין פנים האָט דאָך ניט
פארלאָרן זיין שטאָלצע מינע.

— עמוס! — האָט שמעון א רוף געטאָן און, ווען עמוס איז
צוגעגאנגען, האָט שמעון אים עפּעס באפוילן.

באלד איז עמוס מיט נאָך פיר חברים צוגעקומען צו טעלע־
ניוס׳ן. דער לעצטער, דערזעענדיק אין זייערע הענט א שטריק, איז
רויט געוואָרן פון אויפרעגונג. מאָדנע, דער זעלבער טעלעניוס,
וואָס האָט מיט פאראַכטונג געקוקט אויף זיינע געפאנגענע אידן
און האָט זיך צו זיי באַצויגן אָן רחמנות, ווען עס פלעגט זיך
האנדלען וועגן שטראָף, האָט — ער, דערזעלבער טעלעניוס, — זיך
שרעקלעך באַליידיקט, דערזעענדיק דאָס מען וויל אים בינדן. צו
אים דעם שטאָלצן רוימער, דעם זון פון א סענאַטאָר, האָבן אפילו
זיינע פיינט באדארפט באציען זיך מיט פורכט! אזוי האָט טע־
לעניוס געמיינט און זיין בלוט האָט גענומען קאָכן אין אים. קוים
האָבן די בערגלייט אים א כאפּ געטאָן, האָט ער זיך א ריס געטאָן
פון זיי ווי צו זיין גרייט צו א קאמף. אָבער—וואָס קאמף, ווען
קאמף!... באלד האָבן די אידן אים פארדרייט די הענט אויף

## אין די בערג פון יהודה

הינטער; איינער האָט קונציק פארפענטעט אים די פיס און א צי געטאָן די שטריק. דער רוימער איז אנידערגעפאלן.

— נעמט אים צום שפיץ בארג.

די בערגלייט האָבן גענומען שלעפן טעלעניוס׳ן.

דער אלטער אליעזר האָט זיך אַ ריס געטאָן צו שמעונ׳ען.

— אין נאָמען פון גאָט פון אונדזערע אבות, און אין נאָמען פון אונדזער הייליקער תורה, וועמעס געבאָט „לא תרצח״ איז הייליג פאר יעדן אידן, בעט איך: — טויט ניט, און נעם ניט אויף זיך דאָס פארגאָסענע בלוט, וואָס וועט ברענגען צרות אויף אלע אידן.

— אויך איך בין אַ רוימער. אויב געלט קען אונדז ניט אויסלייזן, דאן לאָז מיר טיילן די שטראָף פון מיין פריינט, — האָט לאַריטיוס געזאָגט.

שמעון האָט פארבייגעלאָזט לאַריטיוס׳ער רייד, און אויסדרייענדיק זיך צו אליעזר׳ן האָט ער געזאָגט:

— איך שווער ביי גאָט פון ישראל, אז גערעכטיקייט וועט געטאָן ווערן נאָכן דין פון אונדזער תורה. אויג פאַר אויג, צאָן פאר צאָן מוז ער באצאָלן. פאר די אומגעבראכטע לעבנס, וועט ער מיט זיין לעבן באצאָלן. — נעמט אים! — האָט ער באפוילן.

די אידן האָבן ווידער גענומען שלעפן טעלעניוס׳ן בארגאַרויף.

— שטייט! שטייט! — האָט טעלעניוס אויסגעשריען מיט אַלע זיינע כחות.

די בערגלייט האָבן זיך ווידער אָפגעשטעלט.

און טעלעניוס האָט מיט א שיפּען אזא גענומען ריידן:

— איך שווער ביי די פאָטערס פון רוים און ביי אלע אונדזערע געטער, אז ניט פון שרעק רייד איך. איך בין א רוימער און דער טויט שרעקט מיך ניט. נאָר זאָל מיין טויט ניט נאָכשלעפן נאָך מיר קיין שאַנדע אויף מיין נאָמען און משפחה. זאָל מען אין רוים ניט זאָגן אז ווי א געפענטעטע ציג, געשיקט לעזאזל, איז ער געשטאָרבן. אין נאָמען פון אייער אידישער גערעכטיקייט בעט איך, אז ווי איך האָב זיך באגאנגען מיט אידישע געפאנגענע,

ווען איך האָב ניט איינמאָל געגעבן אַ געלעגנהייט צו שטאַרבן מיט כבוד, אָדער געפינען זייער רעטונג אין ערלעכן קאַמף, זאָל אויך צו מיר אַזוי געטאָן ווערן.

— וואָס מיינסטו? — האָט שמעון געפרעגט.

— זאָל ער זאָגן! — האָט טעלעניוס אָנגעוויזן מיט די אויגן אויף עמוס׳ן. — איז ער דען ניט באַפרייט געוואָרן נאָכדעם ווי, אַ געפאַנגענער, האָט ער געקעמפט מיטן גבור עלינוס, און אים באַזיגט?

שמעון האָט געווענדט זיין פרעגנדיקן בליק צו עמוס׳ן.

— ס׳איז אמת, שמעון. נאָכדעם ווי איך בין אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט, האָט ער, טעלעניוס, מיר געגעבן די ברירה: שטאַרבן אויפן קרייץ, אָדער קעמפן מיט עלינוס׳ן, דעם אומבאַזיגבאַרן גאָל. מיר האָבן זיך געשלאָגן אויף שווערדן. מיט דער הילף פון אונדזער גרויסן גאָט האָב איך אים באַזיגט און בין באַפרייט געוואָרן. דעם צייכן פון יענעם קאַמף טראָג איך נאָך עד־היום, — האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויפן שניט פון זיין פנים.

— אויך דיר וועט געטאָן ווערן דאָס זעלבע, — האָט שמעון געזאָגט צו טעלעניוס׳ן. — בינדט אים אויף.

מען האָט טעלעניוס׳ן פאַנאַנדערגעבונדן די הענט און פיס און ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

— ברענגט אַהער אַ שווערד, — האָט שמעון געזאָגט. — גוט, מיט מיר וועסטו דאָ קעמפן.

שמעון האָט אים דערלאַנגט דעם געבראַכטן שווערד און איז אָפּגעטראָטן. די אידן האָבן זיך פאַנאַנדערגערוקט און פאָרמירט אַ גרויסן קרייז.

שמעון האָט געזאָגט אין טאָן פון אַ תפילה:

— גאָט פון אברהם האָט דיך געגעבן אין מיינע הענט און דורך מיינע הענט וועט ער דיר שיקן די שטראָף פאַר דיינע זינד.

שמעון האָט אַרויסגעצויגן זיין שווערד.ביידע זיינען אַזוי געשטאַנען אַ ווײַלע איינער קעגן אַנדערן מיט געצויגענע שווערדן. דערנאָך האָט טעלעניוס מיט אימפעט זיך אַ לאָז געטאָן אויף

שמעונ׳ען. דער לעצטער האָט קוים באַוויזן אָפּצוטרעטן און אָפּ־שלאָגן זיינע ערשטע קלעפּ. זיי האָבן זיך געדרייט אין קרייז, באַגלייט פון די ברענענדיקע בליקן פון די זעלנער, וועלכע האָבן געהיט יעדע באַוועגונג פון די קעמפנדיקע. דער אימפּעט און די שנעלקייט מיט וועלכערביידע האָבן זיך געשלאָגן האָט פאַרכאַפּט ביי די צושויער דעם אָטעם. עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון די שווערדן און טעלעניוס האָט געקריצט מיט די ציין, ווען ער האָט דערזען און דערפילט וואָס פאַר א קעגנער ער האָט. שמעון האָט פּרובירט אויסגעפינען טעלעניוס׳עס שוואַכקייט. דערווייל האָבן ביידע געוויזן, אַז זיי באַהערשן גוט די שווערד־געפעכט. באַמערקנדיק אַז דער לעצטער הייבט אָן צו ענטפערן שוואַכער, איז שמעון אַריבער אין אָנגריף. מיט א באַוועגונג, וועלכע ער האָט געהאַט געלערנט פון זיין לאַניסטאַ אין דער רוימישער פּאַ־לעסטראַ, האָט ער פלינק אַריבערגעוואָרפן דעם שווערד פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער, מיט וועלכער ער האָט נאָך בעסער געקערעוועט, איידער מיט דער רעכטער. ניט געבנדיק טעלעניוס׳ן קיין מעגלעכקייט צו בייטן די פּאָזיציע, האָט ער אים גענומען אַטאַקירן מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז טעלעניוס האָט געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן. דאָס קונציקע איבערוואַרפן פון שווערד, פון דער רעכטער האַנט צו דער לינקער, און טעלעניוס׳עס אָפּטרעטן, האָט אַרויסגערופן א גוואַלטיקע באַגייסטערונג ביי די זעלנער. פון אַלע זייטן זיינען געפלויגן ווילדע נצחון־געשרייען. טעלעניוס האָט איצט צוזאַמענגענומען די לעצטע כחות אָפּצושלאָגן די קלעפּ וואָס האָבן זיך צעבערענט אַלץ שטאַרקער. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט א שאַרפן ווייטיק אין זייט. די קני האָבן א ציטער גע־טאָן און זיך איינגעבויגן. די האַנט וואָס האָט נאָך געהאַלטן דעם שווערד איז געווען מאַכטלאָז. שמעון האָט נצחונ׳דיק אויסגע־שטרעקט זיין האַנט צו דערלאַנגען זיין פיינט דעם לעצטן, טויט־לעכן קאַפּ. דאָ אָבער האָט זיין בליק זיך געטראָפן מיט דינה׳ס טרויעריקע אויגן. זי איז, אָן א זייט, די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבן איר פאָטער און געפלאַטערט. און אַזוי־פיל שרעק און פּיין

# בר־כוכבא

איז געווען אין אירע אויגן, אז שמעון׳ס האנט האָט ניט פארענ־דיקט די לעצטע באוועגונג.

א ווײַלע האָט זיך שמעון פארלאָרן. דערנאָך אראָפּקוקנדיק צו דעם געפאלענעם, וועלכער איז געלעגן א האלב־טויטער, מיט בלוט פארגאָסן, האָט שמעון אריינגעלייגט זיין שווערד אין שייד.

דינה׳ס אויגן האָבן געראַטעוועט טעלעניוס׳ן פון לעצטן טויט־קלאפּ.

שמעון האָט, עטוואָס אָפּגעקילט פון זיין קאמף־לוסט, געזאָגט:

— איך וועל ניט דערשלאָגן קיין פארוואונדעטן. אויב איך וועל אים טרעפן נאָך אמאָל אין קאמף, דאן, שווער איך, וועל איך פארענדיקן זיין פארדינטע שטראָף.

# זעקסטער קאַפּיטל

אָוונט. די ווייטקייט האָט זיך גענומען פאַרציען מיט שלייערס. אפריער זיינען פאַרדעקט געוואָרן די הויקערס פון די קליינע בערגלעך, דערנאָך, די הויכע שפּיצן און צום לעצט איז אַלץ צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן אין איין טונקעלער בלויקייט.

נאָכן אָוונט איז געקומען די נאַכט.

נאַכט און רו. אַלץ איז איינגעלייליעט געוואָרן אין דעם שויס פון דער נאַכט. די בערג ליגן צוגעדעקטע מיט א טיף בלויען שטערנדיקן הימל.

אין דעם לאַגער פון שמעון׳ס חיל איז איצט אויך שטיל. די רוימער זיינען אוועקגעפירט געוואָרן, אונטער וואך, אין א הייל. דעם אַלטן אליעזר׳ן מיט זיין טאָכטער, דינה, האָט שמעון באַזאָרגט מיט נאַכטלעגער, מיטגעבנדיק זיי וואַרימע מלבושים צום צודעקן זיך. אַלץ ארום, האָט זיך געדאַכט, איז געווען איינגעזונקען אין טיפן שלאָף. נאָר שמעון אַליין האָט זיך קיין רו ניט געקענט געפינען. נאָך דער באַגעגעניש און געפעכט מיט טערעניוס, האָט די פאַרגאַנגענהייט אויפגעטויכט פאַר אים מיט בילדער, וואָס האָבן זיך געיאָגט איינער נאָך דעם אנדערן, ווי שוימיקע ים־כוואַליעס.

...אָט איז דאָס קליינע צירק־קעמערל, וואו ער איז געווען איינגעשפּאַרט מיט נאָך א פאַראורטיילטן אידן, משקילי פון לוד. ווי א חיה, וואָס איז אָט ערשט געקומען פון די פרייע מדבריות, לויפט ער ארום איבערן שמאָלן קעמערל, שטעלט זיך אָפּ ביי די אייזערנע גראַטעס, כאַפּט זיי אריין אין זיינע הענט און טרייסלט, טרייסלט, ביז ער פאַלט אנידער אין אָנמאַכט. ער ליגט אזוי א לאַנגע צייט אָן באַוועגונג, אָן געדאַנקען, אָן האָפענונג. און מיט אמאָל גיט אים עפּעס א געהיימער כח א הייב אויף. ווידער הייבט ער אָן צו לויפן איבער דער שמאָלער שטייג, אהין און צוריק, אהין און צוריק. לויפט לאַנג, לאַנג. כאַפּט ווידער טרייסלען די גראַטעס און פאַלט ווידער אנידער אָן אויסגעשעפּטער.

און, אזוי־אָ ליגנדיק, גיט אים א בליץ אין מח: — „דער וועג

צו מיין פרייהייט קען קומען דורך משקילי״. ער גיט זיך מיט־אַמאָל א הייב אויף און קוקט אָן משקילי׳ן. דער לעצטער איז די גאנצע צייט געזעסן אַ דערשלאָגענער אין ווינקל. זיין קאָפּ טיף איינגעגראָבן אין די גרויסע הענט. אַ שווידער נעמט דורך שמעונ׳ען. משקילי, וועלכער איז דורך די געמיינזאַמע צרות און ליידן, אים אזוי טייער ווי אן אייגענער ברודער, ער, משקילי, זאָל זיין דער פּרייז פון זיין פרייהייט? ער טרייבט דעם געהיימען געדאנק פון זיך, אזוי ווי מען טרייבט אַ פליג... אָבער ער פילט ווי די טונקעלע מחשבה קריכט אריין אין אים — טיפער, טיפער... כדי ניט צו טראכטן מער וועגן דעם, טראָגט ער אריבער זיינע גע־דאנקן צו זיין היים. די היימאָט פילט אָן זיין געמיט מיט א מאָדנער, נאָגנדיקער בענקשאַפט. ער זעט פאר זיך די בערג פון נפתלי, באַגאָסענע מיט זוניקע שטראַלן. ער זעט דעם וועלדל, זיין פאָטער, זיין שוועסטער קטורה. און מיטאמאָל — אַלץ פאר־שווינדט. ער דערזעט בלויז זיך און משקילי׳ן.

... פון דעמאָלט אָן האָט אים שוין ניט אָפּגעלאָזט דער גע־דאַנק: „ער קען זיך דערווערבן די פרייהייט, ווע ער זאָל זיגן אין די קומענדיקע גלאַדיאַטאָר־שפּילן!״ דער יאוש האָט גענומען פאר־שווינדן און אַ האָפענונג, שוואַך ווי די ערשט שפּראָצונג פון אַ גרעזל, האָט גענומען וואַקסן אין זיין נשמה...

... איצט, אז מען האָט אים געבראכט דאָס עסן, האָט ער שוין ניט געטראכט ווי פריער, אז דאָס שטאָפּט מען אים, ווי א חיה פארן קוילען, נאָר מיט אַפּעטיט האָט ער אַלץ געגעסן. ווען דער לאַניסטא איז געקומען, האָט ער גאָר געפונען אן אנדער שמעונ׳ען. איצט האָט ער מיט פלייס גענומען לערנען זיך די קונסט פון שווערד־געפעכט. ער האָט דרייסט אָפּגעקלאַפּט מיטן שילד אַלע אַטאַקעס פון זיין לערער און איז אַליין אַריבער אין אַנגריף. א דערשטוינטער איז דער לאַניסטא געוואָרן, און גע־קוקט אויף דעם צעהיצטן שקלאַף. דאָס ערשטע מאָל זעט ער אים אזוי, ווייל אַלע מאָל איז שמעון געווען אזוי פאַסיוו, אז נאָר צווינגענדיק אים, האָט מען געקענט צוגרייטן אים, ווי אנדערע שקלאַפן, צו די צוקונפטיקע גלאַדיאַטאָר־פאָרשטעלונגען.

## אין די בערג פון יהודה

... און שמעון דערמאָנט זיך ווייטער ווי ער האָט מיט אומ־געדולד געוואַרט אויף דעם טאָג פון די גלאַדיאַטאָר־שפּילן. איינס פון די ביידע: אָדער פרייהייט, אָדער טויט. נאָר אין דער טיף האָט אין אים עפּעס אַ שטימע פאַרזיכערט: „פרייהייט, פרייהייט! דו וועסט ארויס דער זיגער!"

— ענדלעך איז דער טאָג געקומען. פון זיין קעמערל, דורך די שטאָלענע גראַטעס, האָט ער געזען ווי די באַדינער גרייטן צו דעם צירק פאַר די קומענדיקע גלאַדיאַטאָר־שפּילן. זעק מיט פרישן געלן זאמד זיינען געבראכט געוואָרן, און מען האָט זיי אויסגע־שאָטן אויף דער ארענא. פאַקלען זיינען אריינגעשטעלט געוואָרן אין די ווינקלען.

גאַנץ פרי האָט שוין דער המון גענומען שטראָמען צום צירק. עס זיינען געקומען די, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן בעסערע פּלעצער. אייניקע האָבן אפילו גענעכטיקט ביי די טויערן. דער טומל פון המון האָט זיך געמישט מיטן רעווען פון די ווילדע חיות, וועלכע מ'האָט אויסגעהונגערט, כדי זיי זאָלן זיך גיכער וואַרפן אויף זייערע קרבנות. ס'האָט זיך געדאכט, ווי די מענטשן און די חיות וואָלטן זיך צונויפגערעדט, אָנצוזעטיקן זיך מיטן בלוט און ליידן פון די מענטשן הינטער די גראַטעס. דאָס אַלץ האָט שמעון אָבער בלויז פאַרנומען ווי אין אַ היץ־הער־פּלעט. טיף אין זיין נשמה האָט ער זיך איצט געווענדט צו יענעם, אויף וועמען ער האָט געלייגט אַלע זיינע האָפענונגען. זיין גאנצע נשמה איז געווען ארייַנגעטאָן אין אַ שטילער תפילה...

פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט שניידנדיקע קלאַנגען פון טרו־בעס. אין די אייזערנע טירן האָט מען דריי מאָל אָנגעקלאַפּט מיט אַ האַמער. דאָס קלאַפּן האָט שמעונ'ען דערשראָקן ווי אַן אָנזאָג פון טויט. באַלד נאָכדעם האָבן די אייזערנע טירן זיך ברייט פאַ־נאַנדערגעעפנט.

אַ טרובע האָט אָנגעזאָגט: — צוויי שקלאַפן וועלן קעמפן!...

... ארויסקומענדיק אויף דער אַרענא האָט שמעון דערפילט אַ נערוועזן ציטער און איז צעטומלט געוואָרן. אַ ים מיט אויגן האָט זיך איינגעגעסן אין אים. דער המון האָט געטומלט, געשריען, זיך

געהויבן פון די ערטער, כדי גוט אָנצוקוקן די גלאַדיאַטאָרן. דאָס בילד פאר זיי איז געווען פארכאַפנדיק: אַ שיינער, יונגער בחור, כמעט נאָך גאָר א אינגל, איז געשטאַנען קעגן א ריזיקן, אומגע־לומפערטן גבור.

משקילי איז געשטאַנען א צעשראָקענער, אַ פאַרלאָרענער קעגן אים. געקומען איז ער צו זיך, ווען שמעון האָט אים אָנגעגריפן מיט א מורא׳דיקן אימפעט. ער איז אָפּגעטראָטן צוריק, ווי ער וואָלט זיינע אויגן ניט געגלויבט. ער האָט פארוואונדערט אָנגע־קוקט שמעונ׳ען. צי איז דאָס ניט אַ בייזער שפאס? אָבער שמעונ׳ען האָט משקילי׳ס אָפּטרעטן נאָך דרייסטער געמאכט און ער האָט זיך נאָך מיט מער אימפעט אַ וואָרף געטאָן אויף משקילי׳ן.

זיין דרייסטער און געשיקטער אָנהייב האָט ארויסגערופן פרייד און באגייסטערונג פון המון. צעהיצטע קולות האָבן פון אלע זייטן געשריען:

— אזוי! אזוי!

— און איצט פון רעכטס, פון רעכטס פאַל אָן!

— אַ דריק צו דער וואַנט!

— פעסטער, שטאַרקער!

אז משקילי האָט דערפילט דאָס ער קעמפט איצט פאר זיין לעבן, האָט ער זיך גענומען ווערן. א גרויסער, אַ געזונטער, נאָר אַן אומגעלומפערטער, האָט ער ניט נאָר אָפּגעקלאַפּט שמעונ׳ס אַטאַקעס, נאָר איז אליין אריבער אין אָנגריף. דער המון איז פאַרגאַפט געוואָרן. שמעון האָט אָבער מיט זיין שווערד קונציק אָפּגעקלאַפּט משקילי׳ן. דאָ איז ער אָפּגעטראָטן עטלעכע טריט, און דאָ מיטאמאָל זיך ווידער געוואָרפן אויף משקילי׳ן מיט אזא אימפעט און קראַפט, אז דער לעצטער איז אויסגעמאטערט געוואָרן און האָט זיך שוין איצט קוים־קוים געשיצט מיט זיין שילד.

וואָס לענגער זיי האָבן געקעמפט, אַלץ צעהיצטער איז געוואָרן דער המון. די הינטערשטע רייען זיינען כמעט אינגאַנצן גע־שטאַנען אויף די פיס. פון אויבן האָט די גאַלעריע אויסגעזען, ווי אַ ווינטיקער פאָכען פון טיכער. הייזעריקע געשרייען פון צע־היצטע געמיטער האָבן אָן אויפהער זיך געטראָגן און פארהילכט

## אין די בערג פון יהודה

דעם צירק:

— דערלאַנג אים! גיב אים!

— אָט איצט דערלאַנג!

— צו דער וואַנט דריק צו!

ביי שמעונ׳ען אין מח האָט נאָר איין רעיון געקלאַפּט: „הינ־טער דעם צירק איז די פרייהייט״. ער האָט ווידער אָנגעגריפן משקילי׳ן. מיטאמאָל האָט משקילי׳ס גרויסער גוף זיך א טרייסל געטאָן. די פיס האָבן זיך אים אונטערגעהאַקט און ער איז גע־פאַלן. שטייענדיק איבער דעם געפאַלענעם משקילי׳ן האָט שמעון אויפגעהויבן זיין שילד.

דער המון איז געוואָרן ווילד פון באַגייסטערונג. הילכיקע אפּלאָדיסמענטן צעמישט מיט אַלערליי אויסרופן האָבן געשטורעמט אין דעם צירק.

און שמעון איז נאָך אַלץ געשטאַנען איבער דעם געפאַלענעם משקילי מיט אן אויסגעשטרעקטער האַנט צום באַגנאַדיגונג.

דער צופרידענער המון, וועמעס בלוטיקע, בייזע אינסטינקטן עס האָבן זיך נאָך ניט געהאַט פאַנאַנדערגעשפּילט, האָט א קורצע ווײַלע איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאַן האָבן זיך דערהערט שטימען פאר באַגנאַדיגונג. די שטימען זיינען פון אָנהייב געווען איינצעל־נע און דערנאָך זיינען זיי געוואָרן מער. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט געווען צום פּלאַץ, וואו דער צעזאַר איז געזעסן. דער לעצטער האָט אביסל געטראַכט און ענדלעך נאָכגעגעבן. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיטן פינגער צו אויבן — אַ צייכן פון באַגנאַדיגונג.

אין דרויסן פון צירק, נאָענט צום אַרויסגאַנג, פון וואַנען מען פלעגט אַרויסטראָגן די דער׳הרג׳עטע און פאַרוואונדעטע, איז גע־שטאַנען א קליינע גרופּע מענטשן, אָנגעטאָן אין לאַנגע כּתונות, איבערגעכאַפּט אין מיטן מיט א גאַרטל, און אויף די קעפּ — אָריענ־טאַלישע טורבאַנעס. יעדעס מאָל, ווען פון אינעווייניק פון צירק האָט זיך דערטראָגן דער יובל־געשריי פון המון, האָט מען געקענט זען ווי זיי ליידן. דער טיפער צער אין די אויגן איז געוואָרן נאָך טיפער.

די טיר פון צירק האָט זיך געעפנט און מען האָט ארויסגעד לאָזט שמעון׳ען. מען האָט אויך ארויסגעטראָגן דעם פארוואונדעטן משקילי׳ן. די מענטשן זיינען צוגעלאָפן צוביידן.

— אחינו בני ישראל!

— און דו? אָ, גאָט פון אברהם, דו ביזט שווער פארוואונדעט?

— כלבֿ! ברענג אהער דעם וואָגן!

פון קעגנאיבער דעם צירק האָט א יונגער איד צוגעפירט א וואָגן. מ׳האָט משקילי׳ן אוועקגעלייגט אויפן וואָגן. דער וואָגן האָט זיך גערירט און אלע זיינען נאָכן וואָגן נאָכגעגאנגען.

— און דו? — האָט איינער געפרעגט שמעון׳ען.

דער לעצטער איז געשטאנען מיט די אויגן אראָפגעלאָזט צו דער ערד. עס האָט אים געברענט זיין שולדיקייט.

— אָ, גאָט! דאָס בין איך שולדיק אין שפיכת דמים פון מיין אייגענעם ברודער.

— ניין, ניט דו, נאָר די וואָס האָבן אייך געצוואונגען צו דעם, פון זייער פאַרגעניגן וועגן — האָבן אידן שמעון׳ען געטרייסט.

דער וואָגן האָט זיך דערווייל געטראָגן פארביי פרעכטיקע רוימישע פאַלאַצן, מיט די וואונדערלעכע שיינע מאַרמאָר־זיילן, מיט געזימסן פון די שענסטע שניצערייען; פאַרביי גערטנער, ארומגעד צאָמטע מיט שטיינערנע ווענט; די טויערן באַפּוצט מיט אלערליי סקולפּטור־סטאַטועןָ. דערנאָך האָט זיך דער וואָגן פארקירעוועט אויף א בריק און גלייך — אויף דער אנדער זייט בריק, איז שוין דאָס בילד אינגאנצן געווען געענדערט. דאָ זיינען די גאַסן געווען ענגע, געדרייטע און שמוציקע. אויף די ראָגן פון די גאַסן — קליינע שענקען. און פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן דער קלאנג פון דער סירישער סומבוקי. אָפט זיינען די קלאנגען געווען אויס־ געמישט מיט שכור׳ע געשרייען און זינגערייען.

אביסל ווייטער האָבן זיך געצויגן גאסן מיט קליינע, פון שטיין־ געמויערטע, הייזלעך מיט פלאכע דעכער. קענטיק אז אויך דאָ האָבן געוואוינט קינדער פון מזרח. אָבער ניט קיין סיריער. אויף די קעפּ פון די דורכגייער זיינען געווען דיזעלבע געלע, ווייסע און בלויע טורבאנעס, אָבער די פּנימ׳ער גאָר אַנדערע: טונקעלע, פאר־

## אין די בערג פון יהודה

זאָרגטע, מיט אומרואיקע, טרויעריקע בליקן — סמנים פון גלות־לעבן. דאָ האָבן געוואוינט די פאַרטריבענע אידן.

ס'האָבן זיך געצויגן גאַסן, וואו אויף די הויפן האָבן זיך געוואַלגערט קופּעס גלאָז, וואָס האָבן זיך געזילבערט אונטער דער זון. דאָס זיינען געווען די פאבריקן פון די גלאָז־ארייַנפּאסער. ווייטער זיינען געווען הויפן פאַרוואַרפענע מיט אָפּפאַל פון וואָל. דאָס זיינען געווען די וועבערייען. נאָך ווייטער זיינען געווען גאסן פון וועלכע ס'האָט זיך געטראָגן דער שטאַרקער געריך פון פעל־גאַרבערייען און פארבערייען; און שוין כמעט אויסן שטאָט האָבן זיך געצויגן, אָן וועלכער עס איז אָרדענונג פון גאסן, סתם פלעצער פון טעפּ־מאַכער און ציגל־מאַכער. דאָ האָט מען געקענט זען מענטשן, וואָס זיינען ביזן גאַרטל געגאנגען אין דעם לויזן ליים צוגעמישט מיט געהאַקטן שטרוי, און געקנאָטן דעם ליים מיט זייערע פיס.

די גאנצע געגנט האָט געהייסן טראנסטיבעריע און איז באַזעצט געוואָרן פון קריגס־געפאנגענע.

אָפּגעריסן פון זייער היימישן באָדן, וואו מערסטנס פלעגן זיי זיך פארנעמען מיט ערד־ארבעט, האָבן די אידן דאָ זיך גענומען צו מלאכה און האנדל. די רוימער זיינען געווען צו פויל צו ארבעטן און צו פארנומען מיט מלחמות, האָבן די אידן דעריבער געהאט א ברייט פעלד פון טעטיקייט פאר זיך. די שטיבלעך, ענגע, פינצטערע, זיינען געווען אָנגעפילט מיט כל־ערליי שטריקערייען. דאָס קלאַפּן פון דעם שמיד'ס האַמער אין די גאַסן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די געשרייען פון קינדער און האָבן געהילכט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאכט.

אין איינער פון אָט די שמידערייען האָט שמעון געפונען ארבעט. יעדן טאָג פלעגט ער טראָגן אין די מערק פון רוים צו פאַרקויפן די זאכן, וואָס ער און זיינע חברים פלעגן אויסארבעטן: מעסערס, העק, שפּיזן און שווערדן. יעדן טאָג פלעגט ער פארבייגיין די שיינע ווילעס, וואונדערשיין באארבעטע גערטנער מיט סטאַטוען און פאָנטאַנען; גערטנער מיט קליינע קינסטלעכע אָזיערעס, אין וועלכע ס'פלעגן זיך באָדן און גראציעז שווימען ווייסע שוואַנען; פּאַלאַצן פון א פּרעכטיקער אַרכיטעקטור. דאָס אַלץ האָט גע־

הערט צו די רוימער; דאָס אַלץ איז אָנגערויבט געוועזן פון די אָרעמע פעלקער, ווען די רוימער האָבן באַזיגט. דאָס אַלץ איז געווען — בלוט און שווייס פון טויזנטער, טויזנטער שקלאַפן.

און מיט אַ טיפן אַנגסט האָט שמעון געקוקט אויף די וואָס זיינען אַמאָל געווען פריי — אויף די גאַלן, גערמאַנער, בריטאַניער און אַנדערע. אַלע זיינען זיי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם געצנ־דינערישן שטראָם פון רוימישן לעבן און פון די רוימישע באַגריפן וועגן האַר און שקלאַף. דאָס זיינען געווען זיי, וואָס פלעגן אינאיי־נעם מיט די רוימישע פלעבעיען אָנפילן די אַמפיטעאַטערן פון אַלער־ליי געיעגן, שפּילן און גלאַדיאַטאָר־פאָרשטעלונגען. אויך זיי, ווי די רוימער, פלעגן זיך ניט קענען אָנזעטיקן מיט דעם בלוט פון די געפאַלענע גלאַדיאַטאָרן, צעריסענע פון חיות.

פאַרוואָס קען ער, שמעון, זיך ניט צונויפמישן מיט אָט דעם דאָזיקן המון? פאַרוואָס קען ער ניט זיין איינער פון זיי? פאַר־וואָס קען ער זיך ניט פרייען מיט דיזעלבע פריידן, באַגייסטערט ווערן פון דערזעלבער באַגייסטערונג? פאַרוואָס שרייט אין אים אַזוי שטאַרק דער געפיל פון אומרעכט, ווען ער טראַכט פון די מענטשלעכע לעבנס צעריסענע פון חיות?

זיין גאַנצע נשמה איז אָנגעפילט מיט שוידער און פאַר זיינע אויגן שטייען צוויי בילדער: די רייכע, אָפּגעפרעסענע פּנים׳ער פון די רוימער אין די לאָזשעס פון אַמפיטעאַטער און די מוטערס, שוועסטער, ווייבער און קינדער פון די אומגעקומענע.

ניין. רוים, געבויט אויפן אומגליק פון אַזוי פיל מענטשן, וועט לאַנג זיך ניט האַלטן. גאָט וועט ניט דערלאָזן אַזאַ צום־הימל־שרייענדיקן אומרעכט. דער טאָג פון דיין רעכענונג וועט קומען, אָ, סדום! מען דאַרף זיין גרייט. מען דאַרף דעם טאָג דערנענטערן...

און אַ ביטערער געדאַנק פלעגט אויפשיינען אין מח: — און דו, שמעון, ביזט דען בעסער? האָסטו דען ניט דיין פרייהייט גע־וואונען מיט דעם בלוט פון דעם אומגליקלעכן משקילי?...

און שמעון האָט געשוואוירן: ער וועט פון זיין פרייהייט קיין פערזענלעכע הנאה ניט האָבן. ער וועט זיין פרייהייט אויסנוצן פאַר

## אין די בערג פון יהודה

דעם קאמף קעגן רוים, פאר דער טובה פון זיינע אידישע ברידער, פאר זיין פאָלק.

דערווייל אָבער האָט זיך דאָס לעבן אין טראנסטיבעריע געצויגן גרוי און אומעטיק. אָן פונקען פון דערלייזונג. דאָס האָט געדויערט ביז צו זיי אין שמידעריי איז געקומען פּלתיאל, א געפאנגענער פון פּרתיה.

פּלתיאל איז געווען א הויכער, שטארק געבויטער, מיט קאנטיקע פּלייצעס און גרויסן קאָפּ, איינגעפאסט אין א שווארצער באָרד. אויגן — צוויי פלאַמענדיקע שטורקאצן.

אין די טרויעריקע הערצער פון די אידן אין טראנסטיבעריע, האָט דער שטאַרק־גלויביקער פּלתיאל אריינגעטראָגן בטחון, אז עס „לעבט נאָך דער גייסט פון יהודה. מיר דארפן נאָר זיין גרייט און געאיבט ווי די רוימער".

ביי שמעונ׳ען האָבן פּלתיאל׳ס ווערטער זיך טיף איינגעקריצט אין הארצן. ער האָט זיך גענומען אָפּגעבן אינגאנצן מיט לערנען די מלחמה־טעכניק. טעג גאנצע פלעגט ער פארברענגען אין די אַטריומס. אין דער פאליעסטרא איז זיין נאָמען געוואָרן פארעכנט פאר איינעם פון די בעסטע פעכטער.

דאן האָט געטראָפן דער געשלעג מיט די סיריער — א געשעעניש, וואָס האָט אינגאנצן געביטן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון שמעונ׳ס לעבן.

עס איז געווען א פרייטיק אָוונט. דער אידישער קווארטאל אין טראנסטיבעריע האָט זיך אינגאנצן געביטן. די הייזער און די הויפן זיינען געווען ריין צוגערוימט; דורך די לעכער, פארשטעלטע מיט פענכערס, אָנשטאָט גלאָז, האָט זיך דורכגעשלאָגן דער פייער פון די ברענענדיקע שבת־ליכט. די באוועגלעכקייט און האוועניש, וואָס האָט דאָ געהערשט אַ גאַנצע וואָך, איז איצט אינגאנצן ניט־געוואָרן. א מאָדנע רואיקייט איז געווען אויסגעגאסן אויף די ענגע שמאָלע געסלעך פון נידעריקע הייזלעך מיט פלאכע דעכער, — א רואיקייט, וואָס פלעגט נאָר פון צייט־צו־צייט איבערגעריסן ווערן פון די איילנדיקע טריט פון א פארשפעטיקטן לעקטיקער אָדער טאָגארבעטער. דורך די אָפענע טירן האָט זיך געריסן דאָס געזאנג פון

תפילות. און די נאַכט מיט אן אויסגעשטערנטן הימל, האָט צו־געגעבן דעם ארום נאָך מער פייערלעכקייט.

און פלוצלונג האָט זיך פון דער זייט פון בריק דערטראָגן א רעש, וואָס האָט די שטילקייט און די רואיקייט אויפגעריסן און אָנגעפילט מיט ווילדע געשרייען; געשרייען פון רציחה און הילפס־רוף געשרייען. די שמאָלע געסלעך זיינען פארפלייצט געוואָרן מיט אנטלויפנדיקע פרויען און קינדער.

ארויסלויפנדיק פון הויז האָט שמעון דערזען פאר זיך פנים׳ער צעקרימטע פון שרעק. ער איז פארציטערט געוואָרן פון דעם יאָ־מערלעכן געשריי פון די פרויען און קינדער.

— וואָס איז געשען? וואָס האָט געטראָפן?

— די סיריער און גריכן זיינען אונדז באפאלן.

— וואו זיינען זיי? וואו?

— לעבן ליזיאס׳עס שענק. זיי דראָען אלעמען אויסצו־הרג׳ע־נען דערפאר, וואָס אידישע לעקטיקער האָבן צוגענומען זייער פלאַץ ביי סענאטאָר מינערוס.

ווי מיט מעסער האָבן די ווערטער געשניטן שמעון׳ען. באלד איז פון דער קוזניע ארויסגעשלעפט געוואָרן יעדע זאַך, וואָס האָט געקענט געברויכט ווערן ווי געווער. און שמעון מיט פלתיאל׳ן פאַראויס, און נאָך זיי די גאנצע יונגווארג, וואָס איז זיך צונויפגע־לאָפן, האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די גאסן, וואו די סיריער האָבן ראבירט די אידן.

אויפן וועג האָבן זיי באגעגנט דעם ראש פון טראנסטיבעריע, דעם אלטן גדליה׳ן.

דעם אלטן און פרומען גדליה׳ן האָבן געקענט קינד און קייט און געהאט פאר אים גרויס יראת־הכבוד. ער האָט זיך געזאָרגט וועגן יעדער נייער צוגעקומענער פאמיליע און האָט פארטראָטן די אידן פון טראנסטיבעריע ביי דער רוימישער מאכט. דערזעענדיק די מחנה יונגע אידן מיט געווער אין די הענט, איז דער אלטער גדליה געבליבן שטיין א פארגליווערטער.

— אום שבת מיט געווער? וואָס טוט איר?...

## אין די בערג פון יהודה

— די סיריער און גריכן זיינען אונדז באפאלן. מיר מוזן זיי פארטרייבן...

— פארגיסן בלוט אום שבת? איז נאך ניט גענוג גאט'ס צארן אויסגעגאסן אויף אונדז?

— טא וואס־זשע זאלן מיר טאן?

— באהאלטן זיך און ליידן ביז די פרעטאריאנער וועלן קומען.

— באהאלטן זיך? ליידן! א, גאט פון אברהם, האבן מיר דען ניט גענוג ליידן און פיין פון די רוימער? מוז שוין ישראל זיין אזוי צעטראטן, אז יעדער שכור'ער סיריער זאל אונדז אריינוואַרפן אין שרעק? קומט! — האט שמעון א קאמאנדע געטאן צו דער חברה יונגוואַרג און, איבערלאזנדיק דעם בלייכן און צעשראקענעם גדליה'ן, זיינען זיי אוועק קעגן די סיריער.

ווען שמעון, פלתיאל און די איבעריקע באוואפנטע אידן זיינען אהין אנגעקומען, זיינען שוין א סך הייזער און געוועלבן געווען צע־ראבירט. זיי האבן זיך געווארפן אויף די סיריער און א פארבי־טערטער געשלעג האט זיך צעברענט אין די שמאלע גאסן. אז די סיריער האבן דערפילט א שטארקן ווידערשטאנד האבן זיי זיך גע־נומען צעלויפן. פלתיאל איז ערשט איצט אריין אין היץ פון געשלעג. ער האט יעדן געכאפטן סיריער געשלאגן מכות רצח. די געסלעך זיינען באלד פול געווארן מיט געפאלענע סיריער און שמעון האט זיך געגרייט אריינצודרינגען אין סירישן קווארטאל, ווען די פרעטאריאנער האבן זיך באוויזן. זיי האבן ארעסטירט א סך סי־ריער. עס איז אויך געווארן א געיעג אויף די אידן, וואס האבן אנטייל גענומען אין געשלעג. מען האט געכאפט פלתיאל'ן. דער זעלבער גורל האט אויך געווארט אויף שמעון'ען, נאר ער האט בא־שלאסן קיינמאל מער צו די רוימער א לעבעדיקער ניט אריינצו־פאלן. עס האבן זיך פאר שמעון'ען אנגעהויבן טעג פון אנגסט און שרעק. טעג פון אויסבאהאלטן זיך. וואו ער האט געגעכ־טיקט, האט ער ניט געטאגט. אט דעמאלט האט ער באשלאסן צו פארלאזן רוים און אומקערן זיך אין יהודה. אין די בגדים פון א רוימער און מיט א בריוו פונם גבאי, ר' גדליה, איז ער ענדלעך אהין אנגעקומען.

## בר־כוכבא

אַט אזוי איז שמעון אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אריינגע־כאפּט געוואָרן אין דעם אָנרויש פון זכרונות.

ס׳האָט שוין באַלד גענומען גרויען א נייער טאָג, ווען שמעון איז ענדלעך איינגעשלאָפן. נאָר אויך אין שלאָף האָבן די בילדער פון דער פארגאנגענהייט אים ניט אָפּגעלאָזט. די שרעק־בילדער האָבן זיך, אָן קיין שום פארבינדונג, פון ווילע צו ווילע, צונויפ־געמישט מיט דער ליבער געשטאלט פון דער יונגער פרוי, וואָס ער האָט ערשט היינט צום ערשטן מאָל באגעגנט. דאָ פלעגט די שרעק אים אָפּלאָזן און א ווארעמער געפיל פלעגט פארפלייצן זיין הארץ...

צום פרימאָרגן, ווען די זון האָט אים אויפגעוועקט, איז שוין זיין גאנצעס וועזן געווען פול מיט דינה׳ן. ער האָט זיך דערמאָנט וויפיל שרעק און פיין ס׳איז געווען אין אירע אויגן ווען ער האָט געהאלטן אין דערשלאָגן טעלעניוס׳ן, און מיט ווייטיק אין הארצן האָט ער זיך געפרעגט: וואָס איז ער, טעלעניוס, פאר איר? פאר־וואָס האָבן אירע מיט צער־אָנגעפילטע אויגן שטום געבעטן רחמים פאר אים?

## זיבעטער קאַפּיטל

צוויי טעג זײַנען אַריבער זינט אליעזר מיט דינה׳ן זײַנען גע־וועז אין די בערג מיט די בערגלײַט, און שמעון האָט דערפילט ווי עפּעס אינגאַנצן אַ נײַער שטראָם פון געפילן האָבן זיך גענומען יאָגן אין אים.

אַן אומרו און אַ בענקעניש האָט אים אַרומגענומען. ס׳האָט אים שטאַרק געמאַטערט דער געדאַנק, אַז דינה געהערט מיט איר האַרצן צו טעלעניוס׳ן. ער האָט אײַפערזיכטיק נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג אירע, און די אומרואיקייט געזוכט צו דערשטיקן מיט אָפּגעבן זיך אינגאַנצן צו די פליכטן און זאָרגן פון דער מחנה. ער האָט אַרויסגעשיקט אַ קליינע אָפּטיילונג אויף די אַרומיקע שטעגן, אויסצוגעפינען צי די וועגן זײַנען פרײַ. אַן אַנדער גרופּע האָט ער אויסגעטיילט צו פאַרנעמען זיך מיט די געפאַנגענע רוימער, פון וועלכע ס׳איז געבליבן קוים אַ העלפט. די יעניקע פון זיי, קעגן וועלכע די אידן האָבן געטראָגן אַ כעס פאַר אַלטע קריוודעס, האָבן געפונען זייער טויט צווישן די פעלזן פון די בערג.

אַליין האָט ער געזוכט גרינגער צו מאַכן די לאַגע פון אַלטן אליעזר׳ן און פון דער צאַרטער דינה׳ן, שיקנדיק זיי די בעסטע שפּייז, וואָס ער האָט געהאַט און באַזאָרגנדיק זיי מיט באַקוועמע נאַכטלעגערס.

און זײַענדיק פאַרטאָן אין אַלע זײַנע זאָרגן און פליכטן, האָט דאָך זײַן בליק ניט ווילנדיק נאָכגעפאָלגט דינה׳ן. און האָט זיך זײַן בליק צופעליק באַגעגנט מיט דינה׳ס, האָט אויך זי דערפילט אין זיך אַ נײַעם אויפברויז. פאַר׳חלום׳טער איז געוואָרן איר יונ־גע נשמה.

און איינמאָל, ווען דינה איז געזעסן איינזאַם אויף אַ פעלז, איז שמעון צו איר צוגעגאַנגען.

— פרידן צו דיר, טאָכטער פון ישראל! זאָל דײַן זײַן דאָ מיט אונדז אין די בערג דיר ניט פאַלן צום לאַסט. אַזוי גיך, ווי אונד־

זערע אויסשפירער ווען אויסגעפינען אז דער וועג איז פריי, וועט איר אלע באגלייט ווערן צוריק קיין מודעין.

— נעם צו מיין דאנק פאר דיין באמיען זיך, מוטיקער שמעון.

— און איך בעט פארגעבונג, אויב איך האב דיר ווי געטאן, ווען איך האב פארוואונדעט...

זי האט פארשטאנען זיין געדאנק און איז רויט געווארן.

פון איר רויטקייט איז שמעון געווארן עטוואס געררייצט און האט געזאגט:

— איך מיין דעם רוימער, טעלעניוס׳ן.

זי האט אים אנגעכאפט ביי דער האנט, ווי זי וואלט געוואלט צוריקגעהאלטן עפעס א באשולדיקונג און געזאגט:

— ניין! ניט פאר אים, טעלעניוס׳ן, האט זיך מיין הארץ געשראקן. א, גלויב מיר, א שונא פון מיין פאלק איז ער און א פיינט צו מיר. דאס האט ער דאך מיין פאטער און מיך ווי משכנות געפירט מיט זיך. מיין הארץ האט גאר פאר דיר געבלוטיקט. כ׳האב ארויסגעפילט דעם גאנצן פיין דיינעם הינטער דיין באגער נאך נקמה. כ׳האב געזען דיינע לאנגע יארן פון ליידן הינטער דעם האס צום רוימער.

ער האט איר האנט צוגעטראגן צו זיינע ציטערנדיקע ליפן און צוויי גרויסע טרערן האבן זיך פון די אויגן־ווינקלען אראפגעקייקלט. א בארג איז אים אראפ פון הארצן און ס׳איז אים געווארן אזוי גרינג, אזוי גוט. צום ערשטן מאל פאר לאנגע יארן הערט ער טרייסטנדיקע ווערטער, וואס גרייכן אזוי טיף, וואס ווארעמען, מוטיקן און זאגן־צו...

— איך דאנק דיר, דינה. יארן זיינען פארגאנגען זינט איך האב דורך אים, דורך טעלעניוס׳ן, אלץ פארלארן: מיין היים, מיין פאטער, מיין שוועסטער... קטורה. א, קטורה! די שענסטע פאלמע פון די נפתלי־בערג. זי וואלט איצט געווען אזוי שיין ווי דו. נאך די אלע יארן פון אנגסט, פיין און שרעק, דוכט זיך מיר, ווי דורך דיין מויל הער איך איצט אירע טרייסטנדיקע רייד.

דינה האט אים טיף ארייגעקוקט אין די אויגן און איז גע־

# אין די בערג פון יהודה

רירט געוואָרן פון דעם טיפן צער, וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין זיי. זי האָט שטיל ארויסגעפּליסטערט:

— אָ, ווען איך זאָל קענען זיין פאר דיר, ווי קטורה!

זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן און עס האָט אים געצויגן ארומנעמען זי, דריקן שטארק צום הארצן און פילן זי ווי א טייל פון זיין אייגענעם איך.

נאָר מיטאמאָל איז זיין ליכטיקער בליק פארלאָשן געוואָרן, זיין פּנים איז געוואָרן שטרענג און טרויעריק.

— איך דאנק דיר, דינה, אָבער פארגיב מיר, כ׳מוז דיך איצט פארלאָזן. פרידן צו דיר.

און ער איז האַסטיק אָפּגעגאנגען.

זי האָט נאָכגעקוקט ווי ער דערווייטערט זיך פון איר. זי איז צעמישט געוואָרן פון דער פּלוצימדיקער ענדערונג אין אים. האָט זי אים מיט עפּעס באליידיקט? א כמארע האָט זיך אראָפּגעלאָזן איבער איר שיינעם פּנים. זי האָט אויסגעקוקט נאָך א באגעגעניש מיט אים. אָבער זי האָט שמעונ׳ען כמעט ווי ניט געזען דעם גאנצן טאָג און אויך אויף מאָרגן.

שמעון האָט געזוכט צו אנטלויפן פון דעם אָנרויש פון די נייע געפילן און פון זיך אליין. ווען ער האָט דערהערט פון דינה׳ס ליפּן די צארטע ליבע־ווערטער, האָט אווארעמע כוואַליע אים א שלאָג געטאָן אין הארצן. מיט דער גאַנצער רייף־יוגנטלעכער קראפט האָט מיטאמאָל אויפגעוואכט אין אים דער באגער נאָך איר. יאָרן לאנג איז דער באגער נאָך פרוי געווען געפּענטעט אין אים. די ליידן פון א פאר׳משפּט׳ן גלאדיאַטאָר; דער האַס צו רוים און זיין גאַרן נאָך נקמה; דאָס לעבן פון אַ געיאָגטן זעלאָט אין די בערג און די טאָג־טעגלעכע געפאַר פון די רוימער, האָבן אָט־דעם געפיל דערשטיקט. איצט האָט דער מאַן־געפיל אויפגעוואכט. ער האָט שוין געוואָלט עפענען פאר דינה׳ן זיין הארץ, אָבער ער האָט זיך באלד געכאפּט, אז ער טאָר דאָס ניט טאָן. ווער איז ער? און וואָס קען ער איר געבן? איר, דער שיינער טאָכטער פון ישראל, וואָס די בעסטע מענער פון לאנד וואָלטן זיך געשעצט גליקלעך צו האָבן זי פאר א פרוי. זיין וועג איז דאָך געצייכנט. עס איז

אַ וועג פון בלוט און קאמף. א וועג פון האָפענונגען און אנטוי־
שונגען. אַ לאַנגער וועג פון פּיין און לייד. ניטאָ אויף דעם וועג
קיין אָרט פאר גענוס אין ארומיקן לעבן. און כאָטש עס האָט אים
גוואלדיק געצויגן צו דינה׳ן, האָט ער זי דורכן טאָג אויסגעמיטן.
שוין פארנאכט צו, ווען ער האָט זיי — זי און איר פאָטער — בא־
דארפט ארויסבאגלייטן צוריק אהיים, איז ער צו איר צוגעגאנגען
מיט א קלאפּנדיק הארץ און זיך גענומען געזעגענען.

— דער וועג איז פריי, דינה. באלד וועט איר באגלייט ווערן
אהיים. איך דאנק דיר פאר דיינע ווארעמע רייד. זאָל דער גאָט
פון אברהם דיר באצאָלן פאר דיין גוטסקייט. זיי געזונט. אויף
דער פריי וועסטו פארגעסן וועגן דעם אָרעמען זעלאָט. און איך...

דינה האָט אים אָנגענומען ביי א האנט און געענטפערט:

— זאָג דאָס ניט, שמעון! אייביק וועסטו בלייבן אין מיין
הארץ. כ׳האָב א גאנצע נאכט געבעטן גאָט איך זאָל דיר ווערט
זיין.

— דינה, טייערע!

ער האָט זיך שוין מער ניט געקענט באהערשן. ער האָט זי
צוגעצויגן צו זיך און זי איז געבליבן פארטייעט אויף זיין ברוסט.
אומעטיק האָט ער געזאָגט:

— אויף מיין שיקזאל איז אויסגעפאלן אזוי ווייניק גליק. וואָס־
זשע וועל איך דיר קענען געבן?

האָט זי געזאָגט:

— דאָס גליק צו טיילן מיט דיר, דיין שיקזאל פון ווייניק גליק.

— און ביזטו שטארק גענוג איבערצוטראָגן דעם גאנצן וועג
פון ליידן, פּיין און בלוט, ביז וואנען יהודה וועט ווערן פריי?

דינה האָט שטיל געפרעגט:

— איז דען ניטאָ קיין אנדער וועג צו פרייהייט?

— ניטאָ, דינה. רוים, דורכגעזאפּט מיט בלוט, וועט אין
איר בלוט דערטרונקען ווערן.

— מיין פאָטער, אויך ער האָט ליב זיין פאָלק, דאָך אַנדערש
זעט ער דעם וועג צו דער גאולה און צו דער פרייהייט.

האָט שמעון געזאָגט:

## אין די בערג פון יהודה

— אליעזר, דיין פאָטער, און די אַלע אַנדערע אידן, וואָס טראָגן אריבער אַלע ליידן און באַליידיקונגען פון די רוימער מיטן כח פון בטחון אין אונדזער גרויסן גאָט, זיינען זיך טועה. געווען אַזעלכע אידן אויך אין אנטיוכוס׳עס צייטן. אָבער ווען ניט מתתיהו הכהן און יהודה המכבי, וואָס וואָלט געוואָרן פון אונדזער פאָלק? ניין, גאָט בענטשט די הענט פון די, וואָס קעמפן אין זיין נאָמען. און דיין פאָטער, א תושב פון מודעין, וואו עס האָט אויפגעדונערט דער רוף פון די חשמונאים, ער דארף דאָס וויסן בעסער ווי אן אנ־דערער. אָפט טראכט איך. ווער ווייס? ווער קען פרעגן אויף די וועגן פון אונדזער גרויסן גאָט? אזוי איז געווען מיין גורל: ער האָט מיך פארוואָרפן אין צירק פון רוים, דאָרט אויספּרובירט און אויפגעהיט; פון דאָרט צוריקגעבראכט אין יהודה, כדי דורך מיר, אפשר, דורך מיין האנט, צו ברענגען די גאולה. שרעקלעך זיינען געווען די יאָרן פון א פאר׳משפּט׳ן גלאדיאטאָר, נאָר יעדעס מאָל ווען מיין האנט נעמט נקמה פון די רוימער פאר זייער בלוט־הער־שאפט איבער אונדזער פאָלק, פיל איך ווי א טייל פון מיינע צרות און ליידן ווערט באזיגט. און אז די צייט וועט קומען ווען יהודה׳ס באפרייאונג וועט מיך רופן, שווער איך, אז אַלץ וואָס מיין נשמה פארמאָגט, וועל איך פאר דעם אָפּגעבן. יעדע רגע, יעדער געדאנק, יעדע טאָט וועט געהערן אונדזער באפרייאונגס־קאמף.

און ריידנדיק אזוי איז שמעונ׳ס גאנץ וועזן אויפגעהויבן און עקזאלטירט געוואָרן מיט א ליכטיקער גרויסער האָפענונג. זיי־נע אויגן האָבן זיך געצונדן אין גלי פון גלויבן.

דינה איז מיטגעריסן געוואָרן. זי האָט זיך שטארקער צוגע־דריקט צו אים. אירע ליפּן האָבן שטיל ארויסגעפּליסטערט:

— גאָט! מאַך מיך שטארק צו גיין מיט אים.

זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט. קלאָר און שטום האָבן זייערע הערצער גערעדט די שפּראך פון גאָט׳ס גרעסטער בענטשונג. אָן ווערטער זיינען זייערע נשמות אויף אייביק באהעפט געוואָרן.

# אַכטער קאַפּיטל

ערשט אויף מאָרגן האָט שמעון פרייגעלאָזן אליעזר׳ן און דינה׳ן, ווי אויך די פאַרהאַלטענע רוימער.

די רוימישע סאָלדאַטן האָבן פון צווייגן געמאַכט טראָג־בעט־לעך און די צוויי פאַרוואונדעטע, טעלעניוס און לאַריטיוס, זיינען אויף זיי געבראַכט געוואָרן קיין מודעין. טעלעניוס׳ן האָבן די סאָלדאַטן אָפּגעפירט צו דעם כותי נעדאַכאַ, ניט ווייט פון מודעין, און לאַריטיוס האָט אָנגענומען די איינלאַדונג פון אליעזר׳ן און איז פאַרבליבן ביי זיי.

אונטער דינה׳ס זאָרגפעליקער אויפפאַסונג, האָט זיין וואונד זיך שנעל געהיילט. ער האָט זיך געפילט שוין שטאַרק גענוג, אָבער ער האָט זיך ניט געאיילט צו פאַרלאָזן אליעזר׳ס הויז. די גאַסטפריינטלעכקייט און אָפנקייט מיט וועלכער מען האָט אים אויפגענומען און געהאַלטן, האָט אים שטאַרק צוגעבונדן צו אָט־די מענטשן, וועלכע זיינען אים פריער געווען ווילד פרעמד. איצט האָט ער דערפילט צו זיי אַ נאָענטקייט און האָט זיך געהאלטן אין הויז ווי אַן אייגענער, א בן־בית.

דעם ערשטן טאָג האָט ער זיך דאָ, אמת, געפילט מאָדנע. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי ער וואָלט פון אַ וועלט פול מיט זונענשיין אריינגעפאַלן אין א קיל, האַלב־פינצטער קעמערל. אָבער ווען ער האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט ער אין דער האַלב־פינצטער־קייט דערזען אַזעלכע ליכטיקע, אַזעלכע פריידיקע זאַכן, אַז ער האָט גענומען צווייפלען צי זיין אייגענע זון שיינט מיט אמת׳ן ליכט...

אליעזר איז געווען פון די מער־פאַרמעגלעכע איינוואוינער פון מודעין. זיין נחלה איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן הויז, געבויט פון ניט ארומגעהאַקטע שטיינער; אַ ברייטן הויף, און ביים עק פון הויף שטאַלן פאַר בהמות און שפּייכלער פאַר די תבואות. הינטערן הויף אַ ווייגאַרטן און אַ ווייגקעלער. די ביימער פון וויינגאַרטן האָבן זיך געצויגן טיף, האָבן זיך קונציק געדרייט און געפלאָכטן אַרום הילצערנע לייטערלעך. די נחלה האָט זיך אָפּגעגרעניצט פון

## אין די בערג פון יהודה

אנדערע אזעלכע נחלות מיט א נידעריקער צאַם פון אָנגעוואָרפענע שטיינער.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע הויז אין מודעין, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי שטאָק. דער אריינגאַנג איז געווען פון הויף און האָט געפירט אין א האַלב־פינצטער צימער. א קליינער פענצ־טער איז דאָ געווען, וואָס האָט דורכגעלאָזן זייער ווינציק ליכט. דערצו איז דאָס פענצטער אויך געווען דער ארויסגאַנג פארן רויך, וואָס האָט זיך געהויבן פון אויוון אין מיטן צימער. דערנאָך איז געווען א צימער פאַר די דינער. טרעפ האָבן געפירט צום צווייטן שטאָק און צום דאַך. אויפן צווייטן שטאָק זיינען געווען די צימערן פאַר געסט, און די שלאָף־צימערן פון אליעזר׳ן און דינה. דער דאַך איז געווען ארומגערינגלט מיט אַ גדר, און פון אויבן צוגע־דעקט מיט א ביידל, אזוי אז מ׳זאָל אויך קענען זיצן דאָרטן ביי־טאָג, ווען די זון ברענט. אויפן דאַך, אָדער אויפן מעקה, ווי מען פלעגט עס רופן, פלעגט מען פארברענגען די גאנצע פרייע צייט.

דערפילנדיק זיך שוין פיל בעסער איז לאריטיוס געזעסן אויף דער מעקה און זיך צוגעקוקט צו דעם פרימיטיוון לעבן ארום אים. דער טאָג האָט געהאלטן אין פאַרגיין. א קיל ווינטל האָט געבלאָזן פון די בערג. זרכי, אליעזר׳ס עלטער דינער, האָט אָנגעטריבן אַ געשפאַן פון צוויי אָקסן אין אַ דרעש־שליטן, וועלכער איז באַשטאַ־נען פון אַ ברייטער דיקער ברעט, באַזעצט פון אונטן מיט הארטע, שפיציקע שטיינער. די אָקסן האָבן געשלעפט דעם שליטן איבער דער תבואה אזוי לאנג, ביז די קערנדלעך האָבן זיך אָפגעטיילט פונם שטרוי. דאַן האָט זרכי גענומען אַ לאַנגן הילצערנעם גאָפל און האָט די געדראָשענע תבואה געשאָפלט. דער ווינט האָט אָפגע־טראָגן די שטרויעלעך אָן אַ זייט און די געלייטערטע שווערע קע־רענדלעך האָבן פאלנדיק פאָרמירט א בערגל.

אז די זון האָט גענומען נידערן צום מערב, האָט זרכי אויס־געשפאנט די אָקסן, איז אריין אין הויז און אינאיינעם מיט אליעזר׳ן געשטעלט זיך דאַווענען מעריב. דערנאָך האָבן זיך אלע געזעצט צום אָוונט־ברויט. זרכי איז געזעסן ביים טיש אינאיינעם מיט אליעזר׳ן און דינה׳ן, ווי ער וואָלט געווען איינער פון דער פאַמי־

ליע. לאַריטיוס׳ן האָט דאָס שטאַרק געוואונדערט. ער האָט גע־וואוסט, אַז זרכי איז געווען אַ קנעכט אין הויז פון אליעזר. אין רוים פלעגן שקלאַפן געהאַלטן ווערן אָפּגעזונדערט, אין דערנידע־רונג, און אין שטענדיקן טרויער. דאָ, אָבער, זיינען די באַציאונ־גען צווישן האַר און שקלאַף געווען וואַרימער, איינפאַכער און מענטשלעכער.

די ערד אַרום מודעין איז ווייט ניט געווען קיין פרוכטבאַרע. מיט שווערער האַרעוואַניע פלעגט דער פויער אַרויסציען פון איר זיין חיונה. דאָס אָנטועכץ איז געווען איינפאַך, פשוט. אַזוי איז אויך דאָס עסן געווען זייער פּראָסט און איינפאַך און איז באַשטאַ־נען הויפּטזאַכלעך פון ברויט, גרינסן צוגעפּראַוועט מיט אויל־בירטן, אויל און וויין, האָניק און פרוכט.

יעדן פרימאָרגן, קוים האָט דער הימל געגומען גרויען, פלעגט אליעזר אַרויסגיין צו די בהמות. די ציגן און שעפּסן, צוגעוואוינט צו זיין אַריינקומען, פלעגן אים באַגעגענען מיט אַ פריידיקן מעקען. ער פלעגט זיי געבן עסן און צוגייענדיק צו יעדן פון זיי, האָט ער זיי געגלעט. פון אייניקע פון זיי פלעגט ער אַרויסנעמען די שטע־כיקע שטרוי, וואָס פלעגט זיך דורך דער נאַכט אַריינפּלעכטן אין זייער פעל. געענדיקט מיט די ציגן און שעפּסן, פלעגט אליעזר צוגיין צו די אָקסן, קי און אייזלען. אויך זיי פלעגן שוין וואַרטן אויף זיין אַריינקומען און, הגם זיי פלעגן אים באַגעגענען שטום, פלעגן זיי ווענדן צו אים זייערע רחמנות׳דיקע בליקן און נאָכפאָלגן יעדע באַוועגונג זיינע.

פאַרטיק ווערנדיק מיט די בהמות, פלעגט דאַן אליעזר אָנטאָן די תפילין און שטעלנדיק זיך מיטן פּנים צו ירושלים, פלעגט ער מיט טיפן האַרציקן גלויבן זאָגן די תפילות. נאָכן דאַווענען פלעגן אַלע צוזאַמען האָבן דעם פרישטיק־מאָלצייט. דערנאָך איז זיך יעדער אַוועק טאָן דאָס זייניקע און געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. מידע פלעגן זיי פאַרענדיקן מיט די אָוונט־תפילות און דער־נאָך מיטן אָוונט־ברויט.

אַזוי איז געווען יעדן טאָג פון וואָך. פלעגט אָבער קומען דער שבת, דעמאָלט פלעגט אַן אַנדער לעבן זיך אויסלייגן איבער דעם

גאַנצן ארום. עס האָבן גערוט די מענטשן און עס האָבן גערוט די בהמות. קיין ארבעט פלעגט ניט געטאָן ווערן. מען האָט בלויז געקענט זען ווי מען פירט די בהמות צום ברונים אָנצוטרינקען זיי. אליעזר האָט שבת זיך אינגאַנצן געענדערט. דאוועגען פלעגט ער בציבור, גיין מיט אזוינע שטילע טריט, מיט אזא רו און אינגאנצן אזוי ווייט פון ערדישע זאכן. עס איז געווען דער טאָג, ווען ער האָט זיך דערנעענטערט צו גאָט.

אָט דאָס דאָזיקע שטילע לעבן אין מודעין ביי אליעזר׳ן אין הויז, האָט אויף לאריטיוס׳ן אָנגעווייט מאָדנע געדאנקען. דאָס לעבן ביז איצט איז פאר אים געווען בלויז א קייט פון פארגעניגנס און קיינמאָל, ביז איצט, האָט ער זיך ערנסט ניט ארייננגעטראכט אין סדר העולם. לאריטיוס איז געווען א דערפאָלגרייכער, גליק־לעכער זון פון דעם מעכטיקן רוים. פרי האָט ער זיין קאריערע אלס קריגער אָנגעהויבן. צו אכצן יאָר איז ער אריין אין מיליטער־דינסט. זיין אָנקל איז דעמאָלט געווען לעגאָט אין גאלליע און ער האָט אים אַהין מיטגענומען מיט זיך. ער איז א סך מאָל ארויס־געטראָטן אין שלאכטן קעגן די גאללייער און גערמאנער און דורך זיין העלדישקייט דערוואָרבן זיך אַ נאָמען. דאן איז זיין פאָטער פלוצלונג געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אים אַ גרויסע ווילע אין פאַ־לאַטין, מיט גערטנער, אַ סך שקלאַפן־ארבעטער און א צאָל מעט־רעסעס — יונגע שקלאפינס. ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוים. דער קאָנטראַסט צווישן דעם צעלאָזענעם, פרייליכן לעבן אין רוים און דעם פרימיטיוון לעבן אין די באַרבאַרן־פּראָווינצן, איז געווען גוואלדיק גרויס. נאָך דער לאַנגער צייט אין מיליטער־דינסט מיט איר דיסציפּלין און איינטאָניקייט, האָט ער זיך ווי א שיכור אריינ־געוואָרפן אין דעם לוסטיקן, פריילעכן לעבן, וועלכע ס׳האָט גע־פירט דאָס רוב פון די רייכע רוימישע יונגוואַרג.

אַ גאַנצן טאָג פלעגט מען שפּילן אין ביינדלעך (דאַיס), אָדער מען פלעגט פאַרברענגען אין די צירקן אין פארשיידענע וועט־געיעגן. און כמעט יעדע נאַכט פלעגט די יונגוואַרג זיך ביי אים צונויפקלייבן און ביי טישן פול־געלאָדענע מיט די בעסטע ווייַנען און ווייניקסטע פרוכטן פון איטאַליע, פלעגט מען פארברענגען די

נאכט. און צום סוף, באַזויפענע און שיכור׳ע, פלעגן זיי זיך פאַרכלינען אין זנות־אָרגיעס מיט די שקלאַפינס.

אויף מאָרגן נאָך אַזאַ נאַכט־אָרגיע, פלעגט ער אויפשטיין אַ צעבראָכענער און פילן אַן עקל צו זיך און צו אַלעמען. אין האַרצן פלעגט נאָגן. עפּעס אין אים האָט זיך געראַנגלט קעגן אַזאַ לעבן. נאָר דער נייער טאָג האָט ניט געבראַכט קיין בעסערס. ווידער פלעגן קומען צו אים זיינע פריינט און עס פלעגט זיך ווידער איבער׳חזר׳ן דאָס פריערדיקע אַרט לעבן.

ענדלעך האָט אים שוין דאָס פריילעכע לעבן פון אויסגעלאַסנקייט מער ניט געלאָקט. און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין יהודה, וואו זיין פריינט טעלעניוס האָט זיך געפונען, האָט ער זיך אָן דער געלעגנהייט גלייך אָנגעכאַפּט און איז אָפּגעפאָרן קיין יהודה.

קומענדיק אין יהודה, האָט ער דערפילט אַרום זיך אַ מאָדנע, פרעמדע וועלט, וואָס האָט אים אַ אָפּגעשטויסן, אי צוגעצויגן. ווי אַן עכטער רוימער, פון זיין צייט, איז ער געבויגט געווען צו קוקן אויף אַלע אנדערע פעלקער ווי אויף באַרבאַרן, וועלכע זיינען אין אַלץ נידעריקער פון די רוימער. און די באַרבאַרן מיט זייער וועלן נאָכמאַכן און נאָכטאַנצן די רוימער, פלעגן צו זיך ארויסרופן בלויז פאַראַכטונג. דאָ — אין יהודה — איז געווען גאָר אנדערש. ניט נאָר האָבן די אידן ניט נאָכגעמאַכט די רוימער, נאָר זיי האָבן זיך האַרטנעקיק געהאַלטן ביי זייערע אייגענע מנהגים און זייער אייגן אַרט לעבן. און לאַריטיוס האָט דאָס פון אָנהייב ניט געקענט פאַרשטיין. ווי ער האָט אויך ניט געקענט פאַרשטיין דעם אידישן גאָט. אַ גאָט וואָס זאָל זיין אין איין צייט דער גאָט פון ליבע און דער גאָט פון האַס, דער גאָט פון מלחמה און דער גאָט פון שלום, און וועמעס געשטאַלט מען זאָל ניט קאָנען זען און אהנען, אז אפילו אין די קדשי קדשים פון בית־המקדש האָט פּאָמפּעאוס גאָרנישט ניט געפונען...

און, פאַרגלייכנדיק דאָס לעבן אין אליעזר׳ס הויז מיט דעם רייכן, פוסטן לעבן אין רוים, האָט ער זיך געפרעגט: איז ער מיט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין רוים געווען גליקלעך?

# אין די בערג פון יהודה

די פראַגע האָט זיך לאַריטיוס געשטעלט, ווייל אַלץ ארום אים: די ערד, דער הימל, דער מענטש און די בהמות זיינען געווען ארומ־געוועבט מיט אן אינעווייניקסטער פרייד פון לעבן און טוגנד. אין דעם שטילן ארבעטסזאמען לעבן, האָט דאָס יאָגעניש נאָך רום און פארגעניגנס אויסגעקוקט איבעריק און נאריש. דאָס גאנצע פריער־דיקע לעבן זיינס האָט ביי אים ארויסגערופן טיפע ספיקות, און דאָ האָט אים אויך גענומען שטארק פאראינטריגירן די אידישע גאָטהייט, דער אידישער הימל...

אין די שטילע פאַרנאַכטן, ווען די זון פלעגט מיט גאָלד באַ־גיסן דעם מערב־פּאָס איבער די בערג און דערנאָך לאַנגזאם באַ־האַלטן זיך הינטער זיי, פלעגט לאַריטיוס פילן א נאָגנדיקע בענק־שאפט. זיין הארץ פלעגט אָנגעפילט ווערן מיט ניט ארויסגעזאָג־טע געפילן. ווילד און אַלץ אָפּשטויסנדיקער זיינען אים געוואָרן די זכרונות פון צעלאָזענעם רוים. א בעסערע, א נייערע נשמה האָט ער געפילט קלאפט אין אים און נעענטער האָט ער זיך דערפילט צו דעם אומפאַרשטענדלעכן, גרויסן אידישן גאָט. ניט געזעענער־הייט האָט ער אים גענומען פילן. אַלץ איז געוואָרן פשוט׳ער און ליבער. דאַכט זיך אזא ווייטער גאָט, אָבער דאָך אזא נאָענטער!...

לאַריטיוס האָט זיך צוגעקוקט צום אָרום און באַנומען:

די זון האָט געגאָסן אירע ליכטיקע שטראַלן אויף דער ערד. ביימער און בלומען, פעלדער און גראָזן האָבן זיך געצויגן צו דער זון אנטקעגן. און דער מענטש — גאָט׳ס שליח אויף דער ערד, האָט נאָר אויסגעפילט גאָט׳ס ווילן און איז געגאנגען אין גאָט׳ס גלייכע וועגן. איצט איז אים פארשטענדלעכער געוואָרן די שנאה פון די אידן צו אַלע רוימישע פירונגען. צוויי גלויבנס האָבן זיך צוזאמענגעשטויסן. דער גלויבן פון אן ערד־ארבעטנדיקן פאָלק, מיט זיין נאָענטקייט צו דער נאַטור און דער גלויבן פון א פאָלק, וואָס זיין קולט איז באזירט אויף מאכט, און מארק, און גרויס־שטאָטישקייט...

אַלץ איז פאר לאַריטיוס׳ן קלאָר און קלערער געוואָרן. נאָר דינה איז נאָך אַלץ געווען פאר אים א רעטעניש. אָפט אין די פארנאכטן, ווען זיי אַלע פלעגן זיצן אויף דער מעקה, פלעגט ער

## אברהם פּאָרסייט

זיינע אויגן ניט קענען אָפּרייסן פון איר. זי פילעגט זיצן לעבן איר פאָטער פאַרטאָן אין וועלכער־עס־איז האַנט־ארבעט, אָבער איר האַרץ איז ניט געווען ביי דער ארבעט. איר פאַר'חלום'טן, פארבענקטן בליק, פלעגט זי אָפּט ווענדן צו די ווייטע ווייטקייטן פון די בערג. זי פלעגט לאַנג קוקן אהין. אן אומרואיקייט פלעגט זי ארומנעמען. זי פלעגט זיך מיט אמאָל ארומקוקן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט ארויסצוגעבן זיך, מורא געהאט פאר איר בענקשאַפט...

יעדעס מאָל, ווען, פריש ווי די פרימאָרגנס פון יהודה, און גראציעז ווי די פאלמעס ביים וועג, פלעגט זי קומען מיט די קרוגן וואסער פונם ברונים, אליין א ליכטיקע און רואיקע ווי די אויפגייענדיקע זון, פלעגט לאריטיוס טראכטן: וואָס פאר א וואונדערלעכע באַלעבאָסטע זי וואָלט געווען פאר זיין פּרעכטיקן הויז אין פאלאטין!...

און יעדן פרימאָרגן, ווען זי פלעגט צו אים ארייגגיין געוואָרפון זיין געזונט און ברענגען אים אין צימער פריש מילך, ברויט און האָניק, — פלעגט ער פילן, ווי א ווארימקייט גיט אים אַ שלאָג צום הארצן און אינגאנצן ווערט ער אן אנדערער. דאן פלעגט לאריטיוס פארלירן זיין גאנצע זיכערקייט אין זיך און אלע זיינע געפילן פלעגן זיך ארויסגעבן דורך זיינע אויגן...

זי פלעגט אָבער תמימות'דיק אויסמיידן זיינע בליקן.

ער פלעגט טראכטן:

— קען עס זיין אז זי פארשטייט אים ניט? וואו איז דער וועג צו איר?

איין זאך האָט ער געפילט קלאָר. דער עכט־רוימישער וועג פון געוואלט, מיט וועלכן עס איז געגאנגען טעלעניוס, — דאָס טויג ניט. און קיין אנדערן... און קיין אנדערן וועג האָט ער דערווייל ניט געזען.

# ניינטער קאַפּיטל

באַגאַסענע מיט גאָלדיק־העלע שטראַלן פון דער פרימאָרגנ־דיקער זון, האָבן רייען מענטשן זיך געצויגן צו מגידו. פויערים מיט פולע קערב אויף זייערע קעפּ, מיט שווערע זעק אויף די פּלייצעס, און אָנגעלאָדענע אייזלען, האָבן זיך געשטויסן צום מאַרק־פּלאַץ, וואָס איז געלעגן צווישן טויער און די שמאָלע גאַסן.

איילנדיק זיך האָבן די גרינס־פּאַרקויפער זיך אַ ווײַלע אָפּגע־שטעלט לעבן טייך קישון כדי צו באַגיסן די גרינסן מיט קאַלט וואַ־סער, זיי זאָלן אויסקוקן פרישער, ווי אַט־ערשט פון דער בייט. אַרײַנפאָרנדיק אין מגידו האָבן די מערסטע זיך פאַרנומען ניט דוקא צום מאַרק־פּלאַץ, נאָר צו די שמאָלע געסלעך און זיי האָבן דאָרט גלייך מיט הויכע קולות גענומען אויסרופן זייערע סחורות.

דער מאַרק, וועלכער האָט זיך ברייט פונאַנדערגעוואָרפן לעבן טויער פון שטאָט איז ביסלעכווייז פאַרפולט געוואָרן. אין לאַנגע רייען האָבן זיך אויסגעצויגן די אויל־פאַרקויפער. אויסשפרייטנ־דיק אַ ווייסן לייוונט אויף דער ערד, פלעגט יעדערער פון זיי אוועקשטעלן זיין קרוג אויל אויפן לייוונט און זיצנדיק דערביי רופן צו זיך די קויפער מיט א זינגעוודיקן ניגון. הינטער די רייען פון די אויל־פאַרקויפער, זיינען געשטאַנען די פאַרבער מיט רויטע, בלויע און געלע פעדעם דורכגעצויגן דורך זייערע אויערן — פאַר אַ רעקלאַמע. אויף דער זעלבער זייט האָבן זיך אויך געצויגן די רייען פון די פייגל־און־עופות־פאַרקויפער, מיט הינער און טויבן.

קעגנאיבער האָבן זיך געצויגן אַלערליי וואַרשטאַטן. אַלץ פלעגט געטאָן ווערן אין דרויסן: דאָ האָט אַ שמיד געהאַמערט אײַ־בער אַן אַלט שטיק אייזן, וועלנדיק מאַכן פון אים א שנייד־מעסער; אביסל ווייטער האָט אַ סטאָליער, ארומגעשטעלט פון אַלע זייטן מיט נייע טישן און בענק, צום פאַרקויפן, זיך גע׳עוסק׳ט מיט אַ פּיסל פון א בענקל. און דערביי האָבן די שוסטער געלאַטעט סאַנדאַלן.

די שוסטער זיינען געווען פאַרנומען מער פון אַלעמען. לעבן

איינעם פון זיי איז געשטאנען אַ באָרוועסער פּויער און געוואַרט ביז זיינע שיך וועלן פאַרטיק ווערן און דערווייל האָט ער מיט אַ רואיקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט סיי־ווי־סיי ניט וואָס צו טאָן, זיך צוגעקוקט צו דעם שוויבלענדיקן און טומלדיקן עולם ארום. זיי־נע בגדים זיינען געווען פאַרשטויבט און זיין פּנים—ברוין און צע־ווינטיקט ווי ביי אַ בארג־מענטשן. אויף זיין קאָפּ — אַ בריי־טער טורבאַן, נידעריק פאַרבונדן צו דער לינקער זייט. פון זיין פאַרשטעלטן שטערן האָט זיך ארויסגעזען אַ פלעק פון אַ שראַם.

קויפער און פארקויפער האָבן זיך געטראָגן פאַרביי אים. איי־נער האָט אָנגעבאָטן צו פאַרקויפן זיינע וויינטרויבן פון האַיאָריקער גערעטעניש; אַן אַנדערער האָט געהאט צו פאַרקויפן לינזן און ארבעס; אַ דריטער — וואָל. גערעדט האָבן זיי הויך, היציק, טומלדיק.

צו דעם שוסטער וואו דער באָרוועסער איז געשטאנען איז צוגעקומען אַן אנדער פּויער, נאָך גאָר אַ יונגער. ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט לעבן דעם שוסטער'ס וואַרשטאַט, כלומרשט קוקנדיק ווי יענער פאַרריכט די סאַנדאַלן. שטייענדיק אזוי נאָענט צום באָרוועסן בארג־מאַן, האָט ער זיך אומבאמערקטערהייט צו־געבויגן צו יענעם און שטיל געזאָגט:

— ביים טעפער עזריה'ן.

נאָכהער איז ער נאָך געשטאנען אַ קורצע ווײַלע. דאַן איז ער אוועק אויף זיין וועג.

דער שוסטער איז באַלד פאַרטיק געוואָרן מיט זיין ארבעט און דער בארג־מאַן איז שנעל אוועק צו דער ריכטונג, וואוהין ס'איז ניט לאַנג אָפּגעגאנגען דער יונגער פּויער.

— שלום, שאול! — האָט ער געזאָגט, אָניאָגנדיק דעם יונגן פּויער.

דער פּויער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעדרייט זיין קאָפּ.

— שלום, עמוס! ביי גאָט פון אונדזערע אבות, וואָס איז גע־שען; דיין פּנים איז פאַרזאָרגט, עמוס; איז אַלץ אין אָרדענונג?

עמוס האָט אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אויף „ניין״, און נאָך אַ קורצן שווייגן געזאָגט:

— מיר וועלן מוזן דאָס געווער צונעמען פון עזריה׳ן און באַהאַלטן דאָ ערגעץ. די רוימישע שפּיאָנען נישטערן אומעטום אַרום. אַביסל שפּעטער וועלן מיר זען אַרייַנ׳גב׳ענען דאָס אין די בערג.

— אַ שווערע זאַך, — האָט שאול געזאָגט, — ווי אַזוי? דורך וועמען?

עמוס האָט אַ מורמל געטאָן:

— מ׳מוז. כ׳האָב שוין געפונען דעם מאַן. דאָרטן...

א הינקענדיקער בעטלער איז צוגעגאַנגען צו זיי.

— העלפט אַן אָרעמען מענטשן! העלפט! עמוס, גיי אוועק וואָס שנעלער, אַ שפּיאָן איז אויף דיין סליאַד. גיט אַ נדבה... העלפט! גיט אַ נדבה, — איז דער הינקענדיקער ווידער אַרייַנגעפאַלן אין זיין בעטלערישן טאָן.

עמוס האָט אַרויסגענומען א מטבע און אים געגעבן און אַרייַנגעוואָרפן: „זיי דו אויך ביי יונתנ׳ען אין אכסניה. מיר וועלן דיך נאָך באַדאַרפן״. עמוס האָט זיך באַלד אָפּגעטיילט פון שאול׳ן און פון בעטלער און מיט שנעלע טריט איז ער אוועקגעגאנגען מיט אַ קרום און שמאָל געסל. דאָרט וואו דאָס געסל האָט זיך געענדיקט, לעבן א גרויס הויז, זיינען געשטאנען אין דרויסן עטלעכע קרוגן מיט ווייַן, — צו יוירן אויף דער זון. דאָס איז געווען יונתנ׳ס אכסניה. איבעווייניק איז געשטאנען אזא היץ און א פארשטיקטקייט.

עמוס האָט זיך געזעצט ביי א טישל אין א ווינקל פון אכסניה. באלד זיינען אָנגעקומען אויך שאול מיטן בעטלער און זיי האָבן זיך געזעצט לעבן אים.

דער בעל־הבית פון אכסניה, אַ הויכער דאַרער איד מיט א קורצער שוואַרצער באָרד און צוויי כעס׳עדיקע שווארצע אויגן, איז צו זיי צוגעגאנגען:

„שלום... ער האָט זיך פאָרזיכטיק ארומגעקוקט: שלום, עמוס. שוין ווידער דאָ?״

— יונתן! מיר האָבן דאָ דריי קעסטלעך געווער, וועלכע מיר מוזן דאָס דערווייל דאָ ערגעץ באהאלטן.

— גוט; מיין קעלער איז נאָך דערוווייל זיכער. נעכטן האָבן מיר אריבערגעפירט אין די בערג אַ קאַסטן שווערדן און אביסל שפייז.

עמוס האָט געזאָגט:

— זייער וואויל. היינט ווען די טעפּער וועלן פאָרן אהיים פון מאַרק, וועט איינער פון זיי צו דיר פאַרפאָרן. פיר אריין זיין פור צו זיך אין הויף און פארשפּאַר דעם טויער.

יונתן האָט געענטפערט:

— גוט, עמוס! אָבער זע זיי פאָרזיכטיק. צופיל שפּיאָנען דרייען זיך דאָ אַרום.

— דאָס וועט שוין כלב באַזאָרגן, — האָט עמוס געזאָגט, ווייזנדיק אויף כלב׳ן, וועלכער איז געווען פארשטעלט פאר א בעט־לער מיט דעם שטעקן אין האנט.

עמוס האָט מיט אַ געהעכערטער שטימע געזאָגט:

— נו, און איצט גיב אונדז עפּעס צום עסן.

— און פארגעס ניט אויך ויין צום טרינקען, — האָט שאול צוגעגעבן.

יונתן האָט זיי צוגעטראָגן אויף א שפּיז א געבראָטן שטיק פלייש און אַ קרוג וויין, און זיי האָבן זיך גענומען צו דער אכילה.

פלוצלונג איז אין דרויסן געוואָרן אן אויפרודערונג. טייל מענטשן פון דער אכסניה האָבן זיך אויפגעהויבן פון די טישלעך און ארויסגעאיילט אין גאַס. ווען עמוס, שואל און כלב זיינען ארויס אין דרויסן, איז די גאס פול געווען מיט מענטשן וועלכע האָבן זיך געשטופּט צום מארק־פּלאַץ. עמוס האָט געפּרואווט אויסגעפינען וואָס דאָ איז געשען, נאָר קיינער האָט געגוי ניט געוואוסט:

— וואָס? ווער?

מיטגעצויגן מיטן שטראָם זיינען די פון דער אכסניה אויך אוועק צום מאַרק־פּלאַץ. דאָרטן, לעבן טויער, איז שוין געווען פארזאמלט די גאנצע שטאָט און אינאיינעם מיט די שטאָט־לייט זיינען שוין אויך געווען פיל פּויערים, געקומענע צום מארק, און נאָך אנדערע — אַ גרויסער המון!

א מאן פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק, אָנגעטאָן ווי א פּאר־

## ערב שטורעם

מעגלעכער פרוש, מיט א שווארצער באָרד, נאָר וואר־ניט־וואו חשוב׳דיק דורכגעזילבערט, איז געשטאנען אויף א וואָגן און גע־רעדט:

— אַ טרויער־טאָג איז היינט ביי אונדז, ברידער! גרויס איז דער אומגליק און גרויס איז דער ווייטיק. די האָפענונג וועלכע מיר האָבן אלע געהאַט, אז אַדריאַנוס וועט האַלטן זיין צוזאָג און אויפבויען ירושלים, איז פאַרשוועכט געוואָרן. אָנשטאָט א אידישע ירושלים וועט ער אויפבויען א רוימישע פעסטונג. זאָל דער מאָרגנ־דיקער טאָג זיין א טאָג פון פאַסטן און פון תפילה צו אונדזער גאָט. לאָמיר רופן צו גאָט אז די לעסטערונג זאָל פארהיט ווערן!

די פנים׳ער פון די ארומיקע, אָנגעגאָסענע מיט טרויער, האָבן דראָענדיק געגומען פלאַמען. אין די אויגן האָט זיך צעברענט דער פייער פון שנאה און האַס.

עס האָבן זיך דערהערט פאַרשטיקטע אויסרופן:

— אַ קללה אויף זיי!

— טויט! טויט צו די רוימער!

— ברידער, וואָס שווייגן מיר?!

דער המון איז געוואָרן אלץ אָנגעצונדענער.

דאָ האָט זיך עמוס ארויפגעכאפּט אויף דעם זעלבן וואָגן אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דער פרוש און מיט זיין דונערדיקער שטי־מע, אינגאנצן ברענענדיק מיט צאָרן, אויסגעשריען:

— ברידער! זין פון יהודה! ווי לאַנג וועלן מיר אָפּקומען מיט תעניתים? ווי לאַנג נאָך וועט איר געדולדיק אריבערטראָגן די חוצפה פון די רוימער? יאָרנלאַנג האָבן זיי אונדז גענאַרט; יאָרנ־לאַנג האָבן מיר פאַרליטן אַלע באַליידיקונגען צוליב דער האָפענונג, אז זיי וועלן דאָך דערפילן זייער צוזאָג און וועלן אונדז לאָזן אויפ־בויען אונדזער הייליקע שטאָט; יאָרנלאַנג האָבן מיר געשטיקט אין זיך אונדזער צער און צאָרן. און איצט? ניט גענוג וואָס זיי האָבן חרוב געמאַכט די הייליקע ירושלים און פאַרברענט דעם בית־המקדש, וועלן זיי נאָך אויף דעם אָרט פון ירושלים אויפבויען אַ געצנדינערישע שטאָט, און אָנשטאָט דעם בית־המקדש וועלן זיי נאָך שטעלן אַ טעמפּל צו מאַרס!

— ברידער! קען נאָך זיין אַ גרעסערע חוצפה?! ווען מיר זיך ווייטער לאָזן טרעטן פון זייערע פיס? קען נאָך טיפער זיין אונדזער וואונד? דאָרטן, וואו דוד המלך האָט געקיניגט, ווערט איצט שטיין אַ צירק; מיט אונדזערע געפאַנגענע ברידער וועלן זיי דאָרט מיט נצחון און חוזק מאכן זייערע פאַרווײַלונגען, שפּילן; און דאָרטן וואו ס'איז געשטאַנען די קדשי־קדשים פון יהוה, וועלן זיי איצט רויכערן ווײַרויך צו זייער געצן־גאָט און אויפן זעלבן פּלאַץ וואו דער הייליקער מזבח איז געשטאַנען, וועט רינען דאָס פעטס פון חזרים! וועלן מיר שטילשווײַגן?! אידן! זין פון יהודה! וואו איז דער גייסט פון די אמאָליקע מכבי'ער? איז עס אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן?

און עמוס האָט נאָך העכער אויפגעהויבן זיין שטימע און געדונערט:

— גענוג! גענוג! איין זאַך איז אונדז געבליבן, — צום געווער! דער גאָט וואָס האָט אונדז געהאָלפן קעגן אנטיוכוס'ן וועט אונדז אויך איצט העלפן. מיט גאָט אין אונדזער האַרץ — שטייט אויף צום הייליקן קאַמף!

די אויסגעשרייען פון המון האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין דראָענדיקן, צאָרנדיקן פלאַם און וואָלטן דאָרט, ביים מארק, דאַן געוועזן רוימער, וואָלט קיין זאַך ניט אָפּגעהאַלטן דעם המון אָנצוּפאַלן אויף זיי און מיט הוילע הענט זיי צערייסן. אזוי אָבער ווי קיין רוימער זיינען דאָרט לעבן זיי ניט געוועזן, איז דער המון ווי איין מאסע פון ברענענדיקן צאָרן, געבליבן שטיין און געוואַרט.

דער פּרוש, וועלכער איז בלייך געוואָרן, זעענדיק וואוהין עמוס'עס רייד פירן, האָט געוואָלט דעם עולם אָפּקילן און אָפּנייגן אַלעמען צו תפילה, צו פאַסטן, צו טרויער. אָבער דער המון האָט איצט בלויז געקוקט אויף עמוס'ן און געוואַרט!

דאַן האָט עמוס אויסגעשריען:

— צום אויפשטאַנד! נאָך מיר קיין בית־רימון!

— קיין בית־רימון! קיין בית־רימון! — האָבן הונדערטער מיילער איבערגעזאָגט. די מסחרים זיינען פארגעסן געוואָרן. די פאַרקויפער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע סחורות אויסגעלייגט,

## ערב שטורם

האָבן איילנדיק זיך גענומען צונויפלייגן; די שמידן האָבן אויפגע־הערט צו קלאַפּן מיט זייערע האַמערס, די סטאָליארס און די שוס־טער האָבן אויפגעהערט צו ארבעטן. איבער אלעמען האָט זיך גע־טראָגן איין געשריי:

— קיין בית־רימון!

# צענטער קאַפּיטל

ווי אַ פונק, וואָס פאַלט אויף אַן אויסגעטריקנט פעלד, צינדט אָן דאָם גראָז און הויבט די פלאַמען הויך אין הימל, אַזוי האָט די ידיעה וועגן אויפבויען אַ רוימישע פעסטונג אויפן אָרט פון דער חרוב׳ער ירושלים, אָנגעצונדן די אידן מיט צאָרן.

יאָרנלאַנג האָט מען דאָס פאָלק גענאַרט מיט פאַלשע קלאַנגען, אַז אָט, אָט און אַדריאַנוס וועט זיי דערלויבן צוריק אויפצובויען זייער בית־המקדש. דאָס פאָלק האָט געגלויבט און געוואַרט. די הבטחות האָבן געשטילט זייער צאָרן און געגעבן כח צו ליידן און וואַרטן. איצט האָט די ידיעה, אַז אויף דעם פלאַץ פון דעם בית־המקדש וועלן די רוימער אויפשטעלן דאָרטן אַ טעמפל פאַר זייערע געצן, אַלעמען געטראָפן ווי אַ דונער. דאָס גאַנצע פאָלק האָט אויפגעוואכט. דער פּויער האָט געוואָרפן זיין אַקער, דער בעל־מלאכה זיין געצייג, און דער סוחר זיינע געשעפטן. אלע האָבן געאיילט קיין בית־רימון און שוין אין פרימאָרגן איז דער טאָל געווען שוואַרץ פון מענטשן. פון אלע זייטן האָבן געהאלטן אין איין צוקומען נייע קעמפער. אייניקע זיינען געקומען מיט פאַרטיקן געווער. די פּויערים האָבן פארכאפּט מיט זיך זייערע שניידמעסערס פון פעלד און אנדערע האָבן זיך באַוואָפנט ווער מיט וואָס ס׳האָט נאָר געקאָנט. זיי האָבן אויך מיטגענומען מיט זיך שפּייז אויף עטלעכע טעג.

אין בית־רימון איז שוין געווען עמוס מיט א סך פון די קריגער. ער האָט די מענטשן איינגעטיילט אין אָפּטיילונגען און געשטעלט אַן דער שפּיץ געאיבטע אָנפירער. דאָס געווער, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך האָט ער צעטיילט. ס׳איז אָבער געווען ווייניק. צו שאַפן ניי און נאָך געווער איז דערווייל געווען אוממעגלעך. דאָס ביסל געווער וואָס איז געזאַמלט געוואָרן דורך דעם העלדישן שמעון׳ען, איז געווען באַהאַלטן אין די בערג. עמוס האָט דאַן געשיקט אַ שטאַפעט צו שמעון׳ען און געבעטן אים אי־

## ערב שטורם

בערצונעמען די פירערשאפט פון אויפשטאַנד און צו ברענגען דאָס געווער.

און דער המון האָט דערווייל געהאַלטן אין איין שטייגן. ס׳זייַנען שוין דאָ געווען טויזנטער און עס האָבן געשטראַמט אַלץ נייע און נייע מענטשן.

אז עמוס האָט איינגעזען, אז ער אַליין וועט ניט זיין בכח צו אָרגאַניזירן און אָנפירן די מחנות, וואָס רייסן זיך צום קאַמף, האָט ער זיך געווענדט צו דעם עולם מ׳זאָל אויסקלייבן די עלצטע אויף צו באַראַטן זיך.

ס׳איז געוואָרן אַ גערודער. נעמען וואָס זייַנען אויסגערופן געוואָרן, זייַנען באַלד איבערגעשריען געוואָרן מיט אַנדערע נעמען. דער עולם איז געווען כאַאָטיש. דאַן איז מיטאמאָל שטיל געוואָרן און מיט א געמורמל איז פון מויל צו מויל איבערגעגעבן געוואָרן:

— יהושוע בן חנניה איז געקומען!

— יהושע בן חנניה איז מיט אונדז!

— זאָל ער ריידן!

— לאָזט אים ריידן!

אַלעמענס בליקן זייַנען געווענדט געוואָרן צו א גרייז־אַלטן מאַן פון א שטאַטנעם וואוקס, און צוויי שווארצע גרויסע אויגן, וואָס האָבן פון זיין צעקנייטשטן פנים ארויסגעקוקט מיט פייער פון לעבן און מיט קלוגשאַפט.

יהושע בן חנניה האָט מיט א שארפן בליק ארומגענומען די גרויסע מאַסע אויפגערעגטע מענער. ער האָט אין זייערע אויגן קלאָר געזען דעם פייער פון רעוואָלט! פאר א ווייַלע איז ער געשטאַנען באַוועגלאָז. ארום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. יהושוע בן חנניה האָט געזוכט מיט זייַנע אויגן צווישן אָט דער גרויסער מאַסע כאַטש עטלעכע וואָס זאָלן פארשטיין דעם גרויסן ווייטיק וואָס ער טראָגט מיט זיך, אָבער קיינעמס בליק האָט ניט אויסגעדריקט קיין צער... צאָרן האָט גערעדט!... דאַן האָט ער מיט אַ שטימע, אין ציטער פון אַ טיפן געראַנגל, אָנגעהויבן:

— קינדער פון יהודה! איך זע דעם פייער פון מלחמה, וואָס

האָט אייך ארומגעכאפּט. אין אייערע אויגן זע איך דעם גאַנצן אָנגעזאמלטן האַס צו אונדזערע שונאים. וואָלט איך געפילט, אז אייער האַס און צאָרן איז גענוג אראָפּצעוואַרפן פון אונדז דעם יאָך פון די רוימער, דאן, ניט־געקוקט אויף מיינע יאָרן, וואָלט איך אויך גענומען א שווערד אין האנט. אָבער זין פון יהודה! איידער מיר הייבן אָן א מלחמה מיט א שונא וואָס באהערשט די גאַנצע וועלט, מיט א שונא וואָס איז אזוי געאיבט אין מלחמה און וואָס באזיצט די רייכסטע אוצרות פון דער וועלט, — איידער מיר לאָזן זיך אויף אזא שריט, מוזן מיר זיך פאַרטראַכטן וועגן די פאָלגן וואָס דאָס קען ברענגען פאר אונדזער פאָלק אויב מיר זאָלן פאַרלירן.

און יהושוע האָט ווייטער גערעדט:

— זאָל אונדז לערנען די טרויעריקע ניט־ווייטע פאַרגאַנגענהייט. אויב דעמאָלט, ווען מיר זיינען געווען מער צוגעגרייט, געהאט מער כחות און געווער, האָט זיך די מלחמה געענדיקט אזוי טרויעריק פאר אונדז, ווי־זשע קענען מיר איצט איינשטעלן אלץ, דאָס סאָמע לעצטע, און אריינוואַרפן זיך אין אַזאַ מורא׳דיקער מלחמה?

— זעט: שרעקלעך איז געווען טיטוס׳עס מלחמה־שטורם וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן דורכן לאַנד ישראל, באַר שטארק איז אונדזער שטאַם און טיף זיינען זיינע וואָרצלען. עס זיינען פאַרביי קוים פופציק יאָר און ווידער האָט דער צעבראָכענער שטאַם פון פאָלק ישראל געלאָזן יונגע קנאָספּן, און ווידער בליט ביי אונדז אַ ניי לעבן! די צעבראָכענע, אָפּגעריסענע צווייגן פון אונדזער בוים, וואָס זיינען דורכן שטורם אין ווייטע פרעמדע לענדער פאַרטראָגן געוואָרן, האָבן, באַהעפטנדיק זיך מיטן גייסט פון אונדזער תורה, צו פרעמדער ערד זיך צוגענומען. און דאָרטן וואו די געצנדינער־פעלקער מוזן האַלטן פיל מעכטיקע לעגיאָנען כדי אויפצוהאַלטן זיך און צו באַשיצן זיך קעגן דער דרויסנדיקער וועלט, טוט דאָס אַלץ אויף פאר אונדז די תורה! זי האַלט אונדז אויף און זי באַשיצט אונדז. און וואו שמידט די תורה אירע געזעצן אויב ניט אין יהודה? שטעלט־זשע ניט איין אין סכנה דעם אידישן קיבוץ פון יהודה, וואָס איז דאָך דער אָנהאַלט פון דעם צעשפּרייטן

# ערב שטורם

פאָלק ישראל! זאָל יעדערער פון אייך גיין אהיים צו זיין פרוי און קינדער און צו זיין מלאכה. דער טאָג וועט נאָך קומען ווען גאָט וועט זיין פאָלק ישראל העלפן און מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן. דערוויילע בלייבט פאר אונדז איין זאך: ליידן און האָפן; געדולד און בטחון!

די פשוט׳ע ווערטער, דורכגעזאַפּטע מיט טיפער האַרציקייט, אין וועלכע דאָס פאָלק האָט געפילט דעם ביטערן אמת, האָבן גע־האַט זייער ווירקונג. די מילדע ווערטער פון דעם גרייז האָבן פארלינדערט דעם שארפן ווייטיק און דעם געפיל פון אָנמעכטיקייט וואָס האָט געברענט אין יעדן האַרץ.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ שטילקייט. קיינער האָט ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. מ׳איז דאָך געבליבן שטיין און ניט צעגאַנגען זיך. צו ווייטיקדיק איז דאָס אַלץ געווען אז מ׳זאָל זיך אזוי גרינג איינשטילן, בארואיקן.

אין די הינטערשטע רייען איז געוואָרן א געמורמל. דאן האָט איינער, א מער געוואַגטער, אויפגעהויבן זיין קול:

— אָבער וואו איז די הבטחה אָפּצובויען ירושלים? איר האָט דאָך אליין גערעדט מיטן קייסער!

ווידער האָט יהושע ארומגענומען די פארזאמלטע מיט זיין בליק, אזוי ווי מען נעמט אַרום א סטויג שטרוי מיט א באנד. ער האָט אין זייערע אויגן געזען די ווירקונג פון זיינע רייד. דער פייער, וואָס האָט פריער געברענט אין זייערע בליקן, איז איצט געווען פארצויגן מיט א הייטל פון צער... צער און דער געפיל פון אָנמעכטיקייט האָבן זיך צונויפגעגאָסן צוזאמען און פארשטופּט דעם פלאַם פון רעוואָלט... ער האָט ווידער גערעדט:

— זין פון יהודה! לאָזט מיר אייך דערציילן א קליין מעשה־לע:

— ביי דעם ניט־געזעטיקטן, אלמעכטיקן לייב האָט זיך איינ־מאָל ביים עסן געשטעלט א ביין אין האַלדז. דערפילט האָט דער לייב, אז ס׳זיינען געקומען זיינע לעצטע מינוטן. ניט ארויס־שפּייען דעם ביין קען ער, און ניט אַראָפּשלינגען אים. האָט ער גענומען רופן הילף, צוזאָגנדיק צו געבן דעם, וואָס וועט אים ראַ־

טעוועץ, די גרעסטע באַלוינונג. אַ שטאַרק איז געקומען צולויפן אויף דעם לייב׳ס געבעטן און אריינגרוקנדיק דעם לאַנגן שנאַבל אין לייב׳ס מויל, האָט דער שטאַרק, נאָך פיל מי, דעם ביין ארויס־געשלעפט. דערנאָך האָט ער געמאָנט זיין באַלוינונג.

— וואָס? — האָט אים דער לייב ווילד און חוצפה׳דיק אָנ־געקוקט, — דו ווילסט נאָך אַ באַלוינונג? זיי כאָטש צופרידן וואָס דו האָסט דיין פאסקודנעם שנאַבל אַרויסגעשלעפט פון מיין מויל! אזוי דארפן מיר אידן אויך זיין צופרידן, וואָס אריינפאַלנדיק אין לייב׳ס מויל, זיינען מיר נאָך ניט איינגעגעסן פארשלונגען געוואָרן.

ווידער איז געבליבן הענגען אַ שווערע שטילקייט. מ׳איז נאָך געשטאַנען א ווייַלע און דאן האָט דער המון, מיט אראָפּגע־לאָזענע קעפּ און מיט שווערע הערצער, גענומען זיך פונאנדערגיין און פארלאָזן דעם טאָל.

עמוס מיט זיינע חברים זיינען אוועק די לעצטע. זיי זיינען אוועק ערשט נאָך דעם ווי דער שטאָפּעט האָט זיך צוריקגעקערט און איבערגעגעבן שמעונ׳ס ענטפער, אז ס׳איז נאָך פריצייטיק צו פארמעסטן זיך מיט רוים, אז נאָך איז דער טאָג ניט געקומען.

---

אין דער זעלבער צייט האָט אין עמק יזראעל זיך געהאָט צונויפגעקליבן אן אנדער מחנה גבורים, ברענענדיקע קריגער, אונ־טער דער פירערשאַפט פון אלקימוס פון יבנה. פונאַנדערטיילנדיק די מחנה אין גרופּעס איז אלקימוס געבליבן וואַרטן אויף עמוס׳עס באַפעל פון בית־רימון.

די זון האָט שוין געהאלטן אין זעצן זיך, ווען א שליח איז געקומען פון בית־רימון און געבראַכט די נייעס אז יהושוע בן חנניה האָט געווירקט אז מ׳זאָל זיך פרידלעך פונאַנדערגיין.

די נייעס האָט צעטומלט און דערצאָרנט. ווידער לייַדן?!

— חברים! — האָט אלקימוס געזאָגט, — מיר וועלן ניט אוועקלייגן דאָס געווער. מיר וועלן וויַיזן די רוימער אז ס׳לעבט נאָך דער גייסט פון יהודה. קומט נאָך מיר קיין ירושלים! לאָמיר צע־שטערן די ארבעט פון די געצנדינער!

קולות:

# ערב שטורם

— גערעכט!
— לאָמיר גיין!
— אַ טויט צו די געצנדינער!
— יחי עם ישראל!
און די זעלאָטן האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון ירו־שלים.

די נאַכט איז צוגעפאַלן אַ פינצטערע. דער הימל איז געווען באַהאַנגען מיט שווערע וואָלקנס און האָט אָנגעזאָגט — אַ שטורם! די מחנה איז געגאַנגען שווייגנדיק. אין די הערצער האָט געברענט — נקמה! די נאַכט האָט זיך פאַר זיי געצויגן שווער און לאַנג. אויפן צווייטן טאָג, האָבן זיי זיך דערנענטערט צו ירושלים, וואָס האָט אמאָל געשטראַמט מיט לעבן, איז אַלץ געלעגן פאַר זיי ווי א בית־עולם. פון די אמאָליקע ווענט צעשטערטע דורך טאַראַן־מאַשינען, זיינען געבליבן הרודעס, אָנגעוואָרפענע שטיינער. קיין פייערל פון מענטשלעכן לעבן האָט זיך ארום ניט געזען. די וועלדער פון ארום ירושלים, וועלכע די רוימער האָבן אויסגעהאקט אין דער צייט פון באלאגערונג און באַנוצט דאָס האָלץ צו מאכן וואַלן, זיינען ווידער באוואקסן געוואָרן מיט יונגע, דינע ביימלעך... אָבער ס'האָט זיך געדאַכט אז דאָס לעבן איז אויף אייביק ארויס־געטריבן געוואָרן פון זיי... נאָר די גרויליקע שאַקאַלן האָבן זיך געלאָזט הערן מיט זייער וואָיען...

שטיל האָבן די קריגער זיך דורכגע'גנב'עט דורך די רואינען. קיין גאַסן זיינען איצט ניט געווען. אַלץ איז געווען אָנגעוואָרפן: צעברענטע איבערבלייבעכץ פון הייזער, אָן א שיעור שטיינער אויסגעמישט מיט ביינער פון געפאַלענע בהמות. גייענדיק אביסל ווייטער האָבן די אידן דערזען אז אייניקע גאַסן זיינען שוין געווען אָפּגערייניקט און נאָך ווייטער זיינען געלעגן גאַנצע בערג מיט פרישן האָלץ און שטיינער גרייט צו שטעלן רוימישע געביי־דעס. א גרויסער פירקאנטיקער פלאַץ איז געווען אינגאנצן אָפּגע־ליידיקט. אין מיטן האָט קעניגלעך אראָפּגעקוקט א סטאטוע פון טיטוס'ן — טיטוס רייטנדיק אויף א פערד. און טיטוס האָט

מלכות׳דיק געהאלטן זיין קאפ ארויפגעריסן אין דער הויך און מיט שפאט געקוקט אויף די ארומיקע חורבות...

דאס בילד פון טיטוס׳ן מיט טריאומף אראפקוקנדיק אויף די חורבות, האט געגעבן א ברען. א רעוועז האט זיך ארויסגעריסן פון דער מחנה גבורים. עטלעכע האבן געכאפט קלעצער האלץ און מיט אן אימפעט זיך א לאז געטאן צו דער סטאטוע. אנדע־רע האבן געווארפן שטיינער טיטוס׳ן אין קאפ אריין. עטלעכע שווערע קלפ אונטער די פיס פון דער סטאטוע און זי האט זיך געגעבן א וואקל און מיט א קראך איינגעפאלן. א באגייסטערטער נצחון־אויסגעשריי פון די קריגער האט זיך ארויסגעריסן. דאן האבן די אידן זיך גענומען צו די אנגעגרייטע בוי־מאטעריאלן. ס׳האט ניט גענומען לאנג און די אנגעגרייטע קופעס האלץ האבן העל געברענט און באלויכטן די חורבות פון דער טויטער שטאט. פארקאכטע אין מיטן זייער נאכט־אטאקע האבן די אידן גאר־ניט באמערקט די שאטנס פון רוימישע סאלדאטן וואס האבן זיי ארומגערינגלט פון אלע זייטן. זיי האבן זיך ערשט דאן געכאפט, ווען זיי האבן דערהערט א רוימישע קאמאנדע און די רוימער מיט די בלאנקע שווערדן האבן זיך אווארף געטאן אויף זיי.

א פארביטערטער האנט־צו־האנט קאמף האט זיך אנגעהויבן. מיט אימפעט האבן די אידן זיך געווארפן אנטקעגן די רוימער. די נאכט איז מיטאמאל פול געווארן מיט די קלאנגען פון געווער, מיט אויסגעשרייען פון די זיגער און מיט קללות און קרעכצן פון די באזיגטע. אלקימוס האט באנומען די האפענונגסלאזע לאגע פון זיין מחנה און מיט דעם אימפעט פון א מענטשן וואס קעמפט זיין לעצטן קאמף, האט ער מיט זיין בלאנקן שווערד זיך א לאז געטאן צו די רוימער. אנטקעגן אים זיינען געווען צוויי רוימער. מיטן ערשטן קלאפ האט ער איינעם פון זיי אוועקגעלייגט. דער צווייטער איז אבער שוין געווען פיל געאיבטער. זיי האבן ביידע — אלקימוס און דער רוימער — געקרייציקט די שווערדן און ניט־האבנדיק קיין שילד, האט אלקימוס געמוזט יעדן מאל פלינק אפ־שפרינגען פון יענעמ׳ס קלעפ. ער האט באלד דערפילט א מורא־דיקן שטויס אין זייט, א שארפן שטאך — און איז אנידערגעפאלן.

## ערב שטורם

רוימישע הענט האָבן פארצויגן זיינע פויסטן אויף הינטן מיט אַ שטריק און ער איז געבליבן מאַכטלאָז.

די קריגער, מיט דער עקשנות פון זעלאָטן, האָבן נאָך אָנגעהאלטן דעם קאמף, אָבער איינציקווייז זיינען זיי באַזיגט געוואָרן. ווען דער פרימאָרגן האָט זיך גענומען ארויסשאַרן און די זון איז ארויסגעשוואומען אויפן הימל, האָט זי באלויכטן א טרויעריק בילד: לעבן דער סטאטוע פון טיטוסן, צעשאָטענע אויף שטיקלעך, און לעבן די דערברענענדיקע האָלצאָוועשקעס האָלץ, זיינען געלעגן די קערפערס פון די אומגעקומענע אידן און אויך קערפערס פון די געפאַלענע רוימער. אַביסל ווייטער, אָן אַ זייט, איז געשטאַנען א גרופּע אידן, צע׳מזק׳טע און געבונדענע און געוואַרט אויף זייער שרעקלעכן סוף...

# עלפטער קאַפּיטל

די נייעס וועגן אַלקימוס׳עס אַנפאַל אויף דער ניי־געבויטער רוימישער ירושלים און ווי טראַגיש דער אויסגאַנג פון דעם צוזאַ־מענשטויס איז געווען, האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. די געדריקטע שטימונג אין וועלכער אַלע האָבן זיך געפונען איז נאָך שווערער געוואָרן. שטאַרקער איז געוואָרן דער האַס צו די באַדריקער. און אין דעם פלאַם פון האַס האָט אויך געטליעט די האָפענונג, אַז גאָט וועט איינזען די עוולות וואָס מען באַגייט קעגן זיין פאָלק ישראל און ס׳וועט דאָך נעמען אַ סוף צו רוים׳ס חוצפה־דיקער ממשלה.

אויסערלעך איז אַלץ געווען רואיק. אָבער טיף אין די בערג פון יהודה, דאָרטן וואו שמעון מיט זיינע גבורים זיינען געווען באַהאַלטן, — דאָרט האָט ניט אויפגעהערט די פיבערישע צוגריי־טונגס־אַרבעט.

הונדערטער קריגער האָבן מיט זייערע גראָב־אייזנס געריסן און געבויערט די פעלזן אין די בערג. קאַלכיקע שטיינערנע ווענט האָבן געעפנט שפּאַלטן און געהיימע היילן זיינען געמאַכט געוואָרן.

שמידן האָבן שפּעט אין דער נאַכט, פאַרהוילן פון מענטשלעכע אויגן, געשמידט דאָס געווער פאַר דער צוקונפטיקער מלחמה און אונטער דעם צודעק פון נאכט האָבן די קנאים איבערגעפירט דאָס געווער און באהאלטן אין זיכערע היילן.

אונטער די הייסע בלענדנדיקע זון־שטראַלן; באַגיסנדיק זיך מיט שוויס, אויסגעווייקטן אין שטויב, וואָס פלעגט פאַרוואַלקענען די אויגן, — האָבן הונדערטער קריגער געגראָבן דורכגאַנגען אין די געדערים פון די בערג. די שטיינערנע ווענט האָבן האַרטנעקיק געוואָלט האַלטן באַהאַלטן זייער אינגעווייד, נאָר די אייזנס האָבן געבראָכן און געבראָכן!... ניט געבראָכן זיך נאָר האָט דער גייסט פון די אידן, וואָס האָבן באשלאָסן אויפצושטיין קעגן די באַדרי־קער, פאַר דער פרייהייט פון פאָלק.

די שווערסטע זאַך איז פאַר זיי געווען איבערצופירן דאָס גע־

## ערב שטורעם

ווער אין די בערג, פון איין פלאַץ צום אנדערן. פאר דער ארבעט האָט שמעון צוגעצויגן די געוואגטסטע און פייאיקסטע קריגער און די גאַנצע ארבעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון עמוס'ן, וועלכער איז געווען שמעונ'ס רעכטע האַנט, אָבער א חוץ די זעלאָטן האָט מען אויך באדארפט זייטיקע ארויסהעלפער, וועלכע זאָלן זיין אויסער יעדן חשד. אָט־די אויפגאבע האָט אויף זיך גענומען דינה.

עמוס, וועלכער איז נאָכגעשפיאָנירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד, און פלעגט דעריבער אויסמיידן זיך צו באַווייזן, האָט יעדעס מאָל, ווען אַ טראַנספּאָרט געווער איז געווען פאַרטיק, איבערגעגעבן דינה'ן אלע איינצלהייטן: וואו, און ווי אזוי, מ'זאָל קומען אָפּנעמען דאָס געווער. דינה פלעגט יעדעס מאָל אוועקגיין אין די בערג. ניט ווייט פון מודעין איז געווען א פארבאָרגן אָרט וואו שמעון, אָדער אן אנדער קריגער, פלעגט שוין וואַרטן אויף איר.

אזוי פלעגט זיך שמעון אָפּט זען מיט דינה'ן. דאָס געפיל פון ליבע צו איר, וואָס האָט אים פריער אזוי ספּאָנטאַן ארומגע־כאפּט, איז געוואקסן. בייטאָג איז ער געווען פארנומען מיט הונ־דערטער זאַכן, און איז איינגאנצן געווען פאַרטאָן אין דער גרויסער אלגעמיינער צוגרייטונגס־ארבעט פארן קאמף מיט רוים. אָבער ביינאַכט, ווען ער פלעגט בלייבן מיט זיך אליין, האָבן גאָר אַנדע־רע געפילן אים באַהערשט. זיינע אייגענע באגערן און חלומות פלעגן דאַן אויפוואכן . . . אין אזוינע מינוטן האָט ער אין זיין פאנטאזיע געזען א קליין הייזל אין די בערג פון נפתלי, באוואקסן ארום און ארום מיט שטילע, הויכע פאַלמעס, וואו ער לעבט זיך רואיק מיט דינה'ן...

נאָך אָט זיינען שוין פארביי עטלעכע טעג, ווי שמעון גייט אַרום אַ פאַרזאָרגטער. צוויי מאָל איז ער אליין געגאנגען אין די בערג און אומזיסט געוואַרט אויף דינה'ן. זי האָט געדארפט קומען, און איז אָבער ניט געקומען. נעכטן, ווען דער זעלאָט אלחנן איז אויך געקומען צוריק א פאַרזאָרגטער ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף דינה'ן, האָט א מורא'דיקע אומרואיקייט שמעונ'ען ארומגענומען און ניט אָפּגעלאָזט אים. ווי נאָר די זון האָט זיך גענומען נייגן צו מערב, האָט שמעון זיך גענומען גרייטן אין וועג

אריין. ער האָט מיטגענומען מיט זיך אלחנן׳ען און אויך אבישי׳ן, וועלכער איז איצט געווען מיט אים אין די בערג, און אלע זייבען זיי אוועקגעגאנגען צום פארבאָרגענעם אָרט. אין הארצן האָט ער באשלאָסן: אויב דינה וועט היינט אויך ניט קומען, וועט ער פון דאָרטן ביינאַכט ארייג׳גנב׳ענען זיך אין מודעין.

אין די בערג איז געווען א געהיים, איינזאם ווינקל, באַוואקסן מיט ווילדע קוסטעס. דאָס ווינקל איז געלעגן אין א דריי־עקיקן אויסבויג פון די בערג. ביימלעך פון ווילדן וויין האָבן זיך געפלאָנטערט ארום די קוסטעס און פון דעם געפלאָנטער און געפלעכט איז געוואָרן אזוי ווי א דיקע וואנט, וואָס האָט דאָס אָרט נאָך מער אויסבאהאלטן פון מענטשלעכע אויגן. אָט דאָרטן פלעגט דינה זיך טרעפן מיט די געהיימע שלוחים.

ווען שמעון האָט דערגרייכט צו יענעם פארבאָרגענעם פלאץ, איז דער טאָג שוין געווען פארגאנגען. אין די בערג איז געווען אָונטיק קיל. ארום האָט אלץ געאָטעמט מיט אזא רואיקייט. א טיף־בלויער הימל האָט זיך געשפרייט פון אויבן. אָבער שמעונ׳ען האָט דער אומרו און זאָרג ניט אָפּגעלאָזט. ער איז געשטאַנען און אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט צו יעדן צוק פון ווינט און וואָס לענגער ער האָט געוואַרט, אַלץ שטארקער איז געוואָרן זיין אומרואיקייט. נאָר אָט האָט דער ווינט דערטראָגן צו אים א לייכטן שאָרך. ער האָט דערקענט דינה׳ס איילנדיקע טריט. יאָ, ס׳איז זי! ער איז איר געלאָפן אנטקעגן. באלד האָט ער זי שוין געהאַלטן ביי די הענט. וואָס האָט פאסירט? פארוואָס איז זי פריער ניט געקומען? זיינע אויגן האָבן געטראָפן איר בליק וואָס איז געווען פול מיט אזא ציטער. זי איז אָן ווערטער ארייגגעפאלן אין זיינע אָרעמס. ער האָט זי געדריקט צו זיין הארץ און מיט זיינע הייסע ליפּן געוואָלט אויסקושן די אומרואיקייט פון אירע אויגן.

— דו ביזט אומרואיק, דינה, און דיין גאנצער קערפּער ציטערט. איז עפּעס וואָס געשען?

— אָ, שמעון! פארוואָס ביזטו איצט אליין געקומען. דאָס הארץ שרעקט אזוי!

## ערב שטורעם

— פארוואָס?

דינה האָט געענטפערט זייער שטיל:

— שמעון, מיר דאכט זיך אז אימיצער שפּירט מיך נאָך. מיט אייניקע וואָכן צוריק, ווען איך האָב זיך שוין פאַרנומען אין די בערג, האָב איך געטראָפן דעם כותי נעדאָכאַ. ער האָט מיך באַגריסט און געפרעגט וואו גיי איך דאָס אליין? כ׳האָב זיך אביסל צעטומלט און געזאָגט, אז א ציג איז דאָ, ערגעץ־וואו, פארבלאָנדזשעט געוואָרן און איך גיי זי זוכן. אָבער די באגעגעניש מיט אָ כותי האָב איך אָנגענומען פאַר א שלעכטן סימן. כ׳האָב זיך אומגעקערט צוריק. מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך אים ווידער געזען און בין עטלעכע טעג ניט געקומען. היינט האָב איך זיך פאַרנומען מיט אַן אַנדער וועג, כ׳האָב זיך זייער געהיט, נאָר דאָס הארץ שרעקט אזוי...

שמעון האָט זי געוואָלט עטוואָס בארואיקן, כאָטש אויך זיין אייגן הארץ האָט אים געשראָקן. ער האָט געזאָגט:

— דיין שרעק יאָגט אָן פאַלשע שאָטנס. ס׳האָט זיך דיר, מסתמא, אויסגעדאכט.

דינה האָט געציטערט:

— זאָג דאָס ניט, שמעון! מיין הארץ נאַרט מיך זעלטן אָפּ. צו וואָס, שמעון, האָסטו אליין ריזיקירט מיט דיין קומען?

— שרעק זיך ניט. צוויי ברידער שטייען און האלטן וואך און ביי דער קלענסטער געפאר וועלן זיי אונדז לאָזן צו וויסן. איך בין געקומען, ווייל... ווייל אויך איך קען שוין מער ניט זאָגן צו מיין האַרץ: זיי שטיל! ווייל מיין גאַנץ וועזן בענקט נאָך דיר, דינה. אין דער שטילקייט און אין דעם אומרו פון די נעכט, אין דעם גלעטן פונם ווינט פיל איך דיינע צאַרטע הענט, און איך זע תמיד פאר זיך דיינע אויגן, וואָס זיינען טיף און דורכדרינגענדיק ווי דער אומעט פון מיין הארץ. כ׳בין געקומען, און זאָל דאָס מיר אפילו קאָסטן מיין לעבן...

— רייד ניט אזוי, מיין טייערער! דיינע ווערטער פאר׳שיכור׳ן מיך און ס׳דאכט זיך מיר אז דאָס הארץ אין מיר הערט אויף צו קלאַפּן. אויך מיין הארץ ברענט נעכט גאַנצע אין גלוסט צו דיר

און אומזיסט זוך איך צו פארטרייבן מיין באגער מיט תפילות. אָבער פארגעס ניט, שמעון, דו געהערסט ניט צו מיר, און ניט אפילו צו זיך אליין. דו געהערסט צו דער הייליקער זאַך און צום פאָלק. האָסטו דען ניט אמאָל געזאָגט, אז עס קען ניט אויפשטיי־נען דיין אייגן גליק ביז דאָס פאָלק וועט ווערן פריי? כ׳האָב גע־בעטן גאָט דיר ווערט צו זיין, מיין שמעון. איך קען באהערשן דאָס שטארקסטע אין זיך, ווען דאָס איז אפילו אזוי שטארק ווי מיין באגער נאָך דיר!

מיט די ווערטער האָט זי זיך צאַרט אזוי באפרייט פון זיינע אָרעמס און איז אָפּגעטראָטן א פּאָר טריט. זי האָט ארויסגענומען אַ פּאַפּירוס און עס איבערגעגעבן שמעונ׳ען: — דאָס האָט עמוס מיר צוגעשיקט שוין איבער אַ וואָך צייט. אָבער מען מוז זיך איצט היטן, שמעון, נעם דאָס צוריק און אייל אין די בערג.

שמעון האָט ניט געקענט אָפּרייסן זיינע אויפגעפלאַמטע אויגן פון דינה׳ס שטראַלנדיק פּנים און אז דינה האָט געענדיקט, האָט ער זי פיבערדיק צוגעצויגן צו זיך...

— דו ביזט מיין בענטשונג, דינה. אמת׳דיק ביזטו און אמת־דיק זיינען דיינע ווערטער.

פּלוצלונג האָט אַ שניידנדיקער אויסגעשריי, ווי פון א פאר־וואונדעטער חיה, דורכגעריסן די ארומיקע שטילקייט. שמעון האָט א שפּרונג געטאָן און זיך געוואָרפן אין דער ריכטונג פון דעם גע־שריי. ער האָט אפילו ניט באוויזן צו זאָגן א געזעגענונגס־וואָרט צו דינה׳ן.

שמעון איז צוגעלאָפן און דערזען:

אבישי איז געלעגן א באגאָסענער מיט בלוט, א שווער־פאר־וואונדעטער, און איבער אים זיינען געשטאנען צוויי רוימער. מיט זיינע לעצטע כחות האָט אבישי געפּרואווט זיי אָפּשטופּן, און אָפּ־צואווענדן זייערע טויטלעכע קלעפּ...

מיט א מעכטיקן שפּרונג איז שמעון שוין געווען לעבן אבישי׳ן. מיט דער קראַפט פון א לייב האָט ער א שלאָג און א וואָרף גע־טאָן צו דער ערד איינעם פון די רוימער. דאן האָט ער זיך גענומען צום צווייטן. דאָ זיינען אָבער ארויס פון די קוסטעס פינף אנ־

## ערב שטורם

דערע באוואפנטע רוימישע סאָלדאטן, און ארומגערינגלט אים, און דעם פארוואונדעטן אבישי׳ן פון אלע זייטן. שמעון האָט מיט אן אימפעט זיך א וואָרף געטאָן אויף זיי. באלד איז שוין נאָך איין רוימער געלעגן אַ פארוואונדעטער, געקרעכצט און גערופן צו זיינע געטער... א מינוט, און דער וועג צו אנטלויפן איז גע־וואָרן פריי פאר שמעון׳ען. אָבער דאָ האָט ער דערזען ווי א ריזי־קער רוימער האָט אויסגעשטרעקט זיין שווערד אראָפצולאָזן זי אויף אבישי׳ס קאָפּ. שמעון׳ס שווערד האָט א בליאַסק געטאָן אין דער לופט און די שווערד פון דעם רוימער איז שוין געלעגן אויף דער ערד, צעבראָכן אויף צוויי. מאכטלאָז איז געבליבן הענגען דעם רוימער׳ס האַנט... אָבער די איבערגעבליבענע רוי־מער זיינען ניט אָפּגעטראָטן און האָבן שמעון׳ען ווידער ארומגע־רינגלט. די קלעפּ האָבן זיך געשאָטן אויף אים אָן אויפהער, און אָן אויפהער האָט ער זיי קונציק געפּאַרירט, אָפּגעשלאָגן. נאָר מיט אמאָל האָט ער דערפילט ווי א שטריק האָט פארפּענטעט זיינע פיס. ער האָט נאָך ניט באוויזן צו ווערן זיך, ווי עמיצער האָט אויגנבליקלעך די שטריק א ציי געטאָן, און שמעון איז אומגעפאלן. אין דעם צווייטן אויגנבליק האָבן די רוימער אלע זיך אָנגעוואָרפן אויף אים. הארטע מוסקול־ארעמס האָבן זיינע הענט געשלעפּט אויף הינטער, און מאכטלאָז איז ער געלעגן אויף דער ערד, די ליפּן באדעקט מיט ווייסן שוים.

ער האָט באגעגנט די טריאומפירנדיקע אויגן פון כותי נע־דאָכאָ און באלד דערהערט זיין באפעל:

— פירט אים אוועק!

ווען מ׳האָט אים געפירט האָט ער דערזען דעם יונגן אלחנב׳ען ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד מיט א מעסער אין רוקן. ער האָט מיט זיינע אויגן געזוכט דינה׳ן, נאָר ער האָט זי ניט געזען. שמעון׳ס האַרץ איז אויפגעציטערט געוואָרן:

— וואו איז זי? וואו איז דינה?

# צוועלפטער קאַפּיטל

די זון, וואָס האָט געהאַלטן אין אַראָפּלאָזן זיך אין ים, האָט מיט גאָלד און פּורפּור געפאַרבט די שוימיקע כוואַליעס און דער אָפּשיין פון דעם האָט זיך איבערגעפינקלט מיט די באַלויכטענע פענצטער פון פּראָקוראַטאָרס פּאַלאַץ, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג.

די באַלויכטענע פענצטער פון פּאַלאַץ און דאָס גאַנצע ארום, האָבן עדות געזאָגט אז טיניוס רופוס גיט היינט איינעם פון זיינע רוישיקע פעסטן.

שקלאַפן און באַדינער האָבן זיך ארומגעדרייט הין־און־הער פאַרהאַוועטע לעבן דעם אריינגאַנג. געסט האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען אויף אַלט־רוימישע טראָג־בעטלעך — אויף ליטעס — געטראָגענע פון ספּעציעלע טרעגער — די לעקטיקער.

דער פּאַלאַץ איז געבויט געוואָרן נאָכן עכט־רוימישן מוסטער. א שמאָלער אריינגאַנג, אָדער וועסטיבול, האָט געפירט אין אַ זאַל, אונטערגעהאַלטן פון אַלע זייטן מיט קאָלאָנעס פון גרויען מארמאָר. ביי די זייטן פון די קאָלאָנעס זיינען געווען צימערן פון פאַרשי־דענער גרויס און פון פאַרשידענער באַצייכענונג. אין מיטן זאַל איז געווען א פירעקיקער באַסיין, אין וועלכן ס'פלעגט, דורך א ספּעציעל אויסגעבויטן דאַך, זיך צונויפקלייבן דאָס רעגן־וואַסער. דאָ, אין יהודה, איז דער באַסיין געווען אינגאַנצן אן איבעריקער, ווייל נאָך די ווינטער־מאָנאַטן פאַלט זייער ווייניק רעגן. אָבער דאָס הויז איז געבויט געוואָרן מער מיטן צוועק צו דערמאָנען אן רוים, איידער זיין צוגעפּאַסט צום היגן וועטער און צו היגע אומ־שטענדן. דער באַסיין איז דעריבער איצט, ווען קיין רעגנס זיינען ניט געווען, אָנגעפילט געוואָרן מיט ברונים־וואַסער מיט דער הילף פון שקלאַפן.

אַרום דעם באַסיין, צווישן די קאָלאָנעס, זיינען געשטאַנען פּרעכטיקע וואַזעס מיט בלומען און סטאַטועס אויף פּעדעסטאַלן.

# ערב שטורם

קונסט און בלומען־דופט — אויסגעמישט צוזאמען. אלץ נאך דעם עכט־רוימישן געשמאק.

אויף דער לינקער זייט פון דעם קאלאנען־זאל איז געווען אן ארויסגאנג צו א ווערראנדע, איינגאנצן באוואקסן מיט גרינס. אט דארטן האבן זיך די געסט געזאמלט ביים אנקומען.

די אנוועזנדיקע זיינען מערסטנטייל באשטאנען פון רוימער, וואס האבן פארנומען וויכטיקע פאסטנס אין דער אדמיניסטראציע פון יהודה און קריגס־פירער, ארמיי־לייט.

א פראצעסיע פון שקלאפן האט אריינגעמארשירט. אייניקע האבן געטראגן גרויסע קרוגן מיט ווייַן, אנדערע — קערבלעך מיט פרישע פרוכט און אויך קערבלעך מיט אלערליי געטריקנטע פרוכטן, איינגעפרעגלטע אין האניק. די שקלאפן זיינען ארומגעגאנגען ארום די פארזאמלטע, און יענע האבן זיך געלאזט וואוילגיין: האבן געטרונקען די ווייַנען און פארביסן מיט די פרוכטן.

צוויי פון די געסט האבן צווישן זיך גערעדט:

— ביי דעם טייך וואו ראמולס איז געבארן געווארן, דער ווייַן איז אויסגעצייכנט, קלאדיוס. יא, יא, אויב דער בעל־הבית האט עפעס גוטס איז דאס זיין ווייַן־קעלער, הא־הא־הא!

— און די פרוכט, — האט אפגעענטפערט קלאדיוס, קייענדיק מיט א פולן מויל, — זיי זיינען דאך אזוי זיס ווי די בעסטע פרוכטן פון איטאליע!

— יא, ער קען באווייזן אלץ, מיין קלאדיוס. פארשטייסטו, ווען מ׳קריגט אזוי פיל אויסלייז־געלט פאר די געפאנגענע ווי ער האט איצט געקראגן, קען מען אלץ באווייזן. א, יופיטער!

די שטימונג פון די געסט האט זיך געהויבן און ווען די שקלאפן האבן ווידער ארומגעטראגן די ווייַן מיט די פרוכטן, האט דער בעל־הבית אליין, טיניוס רופוס, א הויכער אטלעטיש־געבויטער, רויט־הויטיקער רוימער מיט גרויסע קאלטע אויגן, אנגעגאסן זיין באקאל און אויפהייבנדיק דאס הויך, זיך געווענדט צו זיינע געסט:

— און איצט, זין פון רוים, נאך א כוס פאר די וועמען די געטער האבן אמשטארקסטן ליב, פאר די וואס רעגירן די גאנ־

צע וועלט, פאר די וואָס ברענגען ציוויליזאציע פאר די אַלע באַר־באַרען־פעלקער, פאר די רוימער!

די געסט, אינספירירט סיי פון דעם וויין, סיי פון דעם, וואָס דער טאָסט איז געהויבן געוואָרן פון דעם בעל־הבית אַליין — דעם פּראָקוראַטור, — האָבן זייער הילכיק אַפּלאָדירט און האָבן ווידער געטרונקען.

נאָר לאַריטיוס אַליין, וועלכער איז געזעסן ביי א באַזונדער טישל מיט טעלעניוס׳ן, איז געבליבן קאַלט צו דעם אַלעמען. אויף זיין פּנים איז געלעגן א שאָטן פון מידקייט און צווישן די אויגן איז עפּעס פאַרבליבן א קנייטש, וואָס האָט צוגעגעבן זיין געשטאַלט אַן אויסדרוק פון שטילע ליידן און פאַרטראַכטקייט.

רופוס איז צו אים צוגעגאַנגען:

— און דו, מיין לאַריטיוס. ביזט נאָך אַלץ אזוי אומעטיק, ווי פריער. ביי אַלע געטער, אויב באַקכוס קען דיר ניט העלפן פאַרגעסן די אידישקע, וואָס איז ניט ווערט אפילו צו זיין א מעט־רעסע פון א רוימער, דאַן זאָל דיר יאָוו העלפן!

לאַריטיוס האָט אויפגעהויבן זיין מידן בליק צו אים און באַ־גענעגענדיק זיך מיט זיינע פרעגנדיקע אויגן, געזאָגט:

— איך ווינטש כ׳זאָל שוין קענען טרינקען א טאָסט פאר די רוימער, וואָס וועלן רעגירן פעלקער מיט גערעכטיקייט.

טיניוס האָט זיך דערפילט אביסל באַליידיקט. אין לאַריטיוס־עס טאָן איז געווען א קלאָרע אָנצוהערעניש אויף זיינע — רופוס־עס — פּירונגען אין יהודה. ער איז אביסל רויט געוואָרן, זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט כעס. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט און געזאָגט:

— דו אונטערשאַצסט די נוצן וואָס מיר רוימער, ברענגען, מיין לאַריטיוס. וואו מיר קומען ברענגען מיר אָרדענונג. וועגן ווערן אויסגעגלייכט, מסחר בליט אויף, און וואָס אָנבאַלאַנגט גע־רעכטיקייט, הם... גערעכטיקייט, דאָס וועלן מיר איבערלאָזן פארן סענאַט אין רוים. דאָ, אין מזרח, ווייסן מיר נאָר, אז מיר זיינען, אויסער אַלעמען, געקומען צו באַזיצן און געניסן: פאַרמעגן, וויין און פרויען. ביי יופּיטער, אין מיין קאַסטן זיינען דאָ גענוג טאָ־

לענטן: גאָלד צו קויפן זיך א גוטע ווילע אין פּאַלאַטין, גענוג גאָלד צו קויפן שיינע שקלאַפינס און צו באַזיסן דאָס רעשט פון מיין לעבן. און ווייסטו וויפיל ס׳האָבן מיר אויסגעצאָלט די רייכערע געפאַנגענע אין דעם ירושלים׳ער אָנפאַל? ביי מאַרס, נאָך איין אָנ־פאַל און איך וועל זיין דער רייכסטער מענטש אין מזרח!

לאַריטיוס האָט אַריינגעוואָרפן:

— גוּ, און די אָרימע?

— אָ, מיין לאַריטיוס, איך וואונדער זיך אויף דיר אַלץ מער. אַ דאַנק די געטער וואָס ניט אַלע געפאַנגענע זיינען אויסגעקויפט. יאָ, מיר וועלן האָבן אונדזער פעסט און גלאַדיאַטאָר־שפּילן מיט דעם זעלבן פּאָמפּ און גלאַנץ ווי אין רוים.

קלאַדיוס, וועלכער איז געזעסן ביי דעם שכנישן טישל, האָט אָנגעבויגן זיין קאָפּ צו דעם טישל וואו רופוס איז געשטאַנען און האָט געזאָגט:

— דער עכטער רוימישער גייסט רעדט אַרויס פון דיר, נאָ־בעלער רופוס. ביי מאַרס, קיין זאַך איז ניט אַזוי דערהאַבן ווי אַ גוט גלאַדיאַטאָר־געפעכט. ווען וועלן זיי פאָרקומען?

— אין א מאָנאַט אַרום, קלאַדיוס.

און קלאַדיוס האָט געשמייכלט:

— און וועט דער נאָבעלער רופוס מיר געבן אַן עצה אויף וועמען צו וועטן זיך? ביי פּאָלוקס, כ׳מוז אָפּגעווינען מיין האַלבן טאַלענט־גאָלד, וואָס איך האָב אין די לעצטע שפּילן פאַרלאָרן.

— דו ביזט מער מזל׳דיק פון מיר, מיין קלאַדיוס. איך האָב דאַן פאַרלאָרן נאָך מער. ביי אַלע געטער, די שפּילן וועלן איבער־שטייגן אַלץ, וואָס איז ביז איצט געזען געוואָרן אין מזרח. און נאָך די גלאַדיאַטאָר־געפעכטן וועלן מיר נאָך דערצו אַרויסלאָזן אַ יונגן טיגער און אַ לייב.

— און וועמען האָט דער נאָבעלער רוימער באַשטימט פאַר זיי אויף דער אַרענאַ?

— חמדם וועט קעמפן אַנטקעגן דעם טיגער. אָבער איך גע־פין דערווייל נאָך ניט קיינעם וואָס זאָל ווערט זיין אַרויסגעלאָזן צו ווערן קעגן דעם לייב.

דאָ האָט טעלעניוס א זאָג געטאָן:
— אָ, ניט גע׳דאגה׳ט, מיין רופוס. די נעץ איז פאַרוואָרפן, און אויב די געטער וועלן זיין גוט, וועט דער לייב שוין האָבן זיין גלייכן אויף דער ארענא.
רופוס האָט געמאכט א צייכן מיטן האנט צו די מוזיקאנטן:
— מוזיקאנטן! עפּעס רווישיקעס!
און די שפּילער האָבן אָנגעשלאָגן מיט זייערע אינסטרומענטן אַ ווילדן הימן.
אַ יונגער שקלאַף איז אריין און עפּעס א זאָג געטאָן טע־לעניוס׳ן אויפן אויער. דער לעצטער האָט זיך אויפגעהויבן און איז ארויס מיט אים.
אין א זייטיקן צימער איז געזעסן דער כותי נעדאָכאָ און אומ־געדולדיק געקוקט אויף דער טיר. ווען טעלעניוס איז אריין האָט ער הכנעה׳דיק געבויגן זיין קאָפּ און באגעגנט אים מיט א חניפה־שמייכעלע.
— זיי געגריסט ביי די געטער, נאָבעלער רוימער.
— אויך דו נעדאָכאָ, זיי געגריסט.
— איך ברענג דיר גוטע נייעס, מיין האַר.
— ביי באַקכוס, גוטע נייעס זיינען קיינמאָל ניט געווען מער ווילקאָמען, ווי איצט. וואָס ווערסטו דערציילן?
און דער כותי האָט געזאָגט:
— דיין שונא, דער שרעק פון די רוימער, דער געפערלעכער שמעון, ליגט ווי א געבונדן שעפעלע אין מיינע הענט.
— יופּיטער, מאַרס און פּאָלוקס! געבענטשטע באשיצער פון רוים! ניט אומזיסט האָב איך אָפּער געבראכט צו אייך. איז דאָס וואָר, נעדאכא?
— אזוי וואָר, מיין האַר, ווי רוים איז די הערשערין פון דער וועלט. אזוי וואָר ווי דער נאָבעלער טעלעניוס איז דער אמערסטנס געבענטשטער פון די געטער.
און טעלעניוס האָט געזאָגט:
— דו פארדינסט דיין לויב, נעדאָכא, אָבער זאָג מיר ווי אזוי האָסטו עס באוויזן?

## ערב שטורם

— איך בין אמאָל געווען אַ יעגער, מיין האַר. צו כאַפּן דעם „ער" מוז מען אפריער אויסשפּיאָנירן די „זי".

— דיין לויב צום צווייטן מאָל!

האָט דער כותי געמאַכט א פּאָר ליפּן און געזאָגט:

— איך האָף אז דער נאָבעלער טעלעניוס וועט ניט פאַרגעסן זיין צוזאָג וועגן דער באַלוינונג פאַר שמעון׳ס קאָפּ?

— דו וועסט קריגן דיינס, נעדאָכאַ.

— אָבער אַ חוץ דעם האָב איך נאָך איינעם א וויכטיקן געפאַנגענעם.

טעלעניוס האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערן:

— וועמען?

— די שיינע דינה איז אויך אין מיינע הענט, — האָט נעדאָכאָ געזאָגט און כיטרע אָנגעשטעלט זיינע אויגן.

האָט טעלעניוס אויסגערופן:

— ביי יופּיטער, איך פאַרדאָפּל דיין באַלוינונג! און א חוץ דעם, מיין טרייער נעדאָכאַ, וועסטו אָנגעשטעלט ווערן ביים פּראָקוראַטאָר מיט א גוטן געהאַלט.

א באַרוישטער פון די פריילעכע נייעס איז טעלעניוס אריין אָנזאָגן דאָס לאַריטיוס׳ן. רופוס איז שוין געווען אוועקגעגאַנגען צו אן אנדער טישל און לאַריטיוס, א שווייגנדיקער, איז געזעסן אליין.

טעלעניוס האָט האַסטיק ארויסגעפּלאַצט:

— פריי זיך, לאַריטיוס. דיין קעגנער און דער שונא פון רוים, וועט שוין מער ניט זיין דיר אין וועג. און דיין דינה . . . דו קענסט זי אפילו היינט האָבן.

לאַריטיוס איז אן אויפגערעגטער אויפגעשפּרונגען:

— ווער? ווער האָט געוואַגט צו לייגן א האַנט אויף איר?

— רעג זיך ניט אויף, מיין לאַריטיוס. דיין פאַר׳חלום׳טע, שטילע, שיינע דיאַנא איז געווען א טיכטיקע ארויסהעלפערין פון איר געליבטן שמעון און איז געכאַפּט געוואָרן אין דעם מאָמענט ווען זי האָט אים איבערגעגעבן וויכטיקע סודות.

לאַריטיוס איז זייער בלאַס געוואָרן.

## בר־כוכבא

טעלעניוס האָט אים געפּרואווט באַרואיקן:

— אָבער זיי רואיק, קיין געפאַר שטייט איר ניט פאָר. דו וועסט זיין איר ריכטער און דו וועסט זיין דער אויספירער פון איר פסק. פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר, לאַריטיוס, — און דערביי האָט טעלעניוס באַדייטונגספול אונטערגעוואונקען צו אים מיט די אויגן.

דאָ איז רופוס צו זיי ווידער צוגעגאַנגען.

טעלעניוס האָט אים אנטקעגן געטראָגן די בשורה:

— און דו, מיין רופוס, וועסט שוין האָבן וועמען צו געבן דעם לייב. דער געפערלעכער שמעון איז אין רוים׳ס פעסטער האַנט.

# דרייצנטער קאַפּיטל

ווען דינה האָט דערזען, אַז זיי זיינען אַרומגערינגלט פון די רוימער, איז איר ערשטער אימפּולס געווען צו קומען שמעון׳ען צו הילף. זי האָט זיך מיט אימפּעט אַ וואָרף געטאָן אין דער זייט וואו שמעון איז פאַרשוואונדן. נאָר שטאַרקע הענט האָבן זי באַלד געכאַפּט. זי האָט זיך געראַנגלט. געריסן זיך פון זיי, געביסן, נאָר די הענט, וואָס האָבן זי פעסט געהאַלטן, האָבן ניט אָפּגעלאָזט. זי האָט געוואָרפן אַ בליק צו שמעון׳ען, געזען ווי ער איז אַנידערגע־פאַלן און זי האָט פאַרלאָרן איר באַוואוסטזיין.

ווען זי איז צו זיך געקומען און האָט אויפגעעפנט די אויגן, איז זי אַ צייט לאַנג געלעגן און ניט פאַרשטאַנען וואו זי איז און וואָס דאָס אַלץ באַדייט.

זי איז געלעגן אויף אַ שטרוי־צונויפגעניייטן מאַטראַץ, וועלכער פלעגט געוויינלעך באַנוצט ווערן פון די רייכערע מענטשן. די ווענט פון צימער אַרום איר זיינען געווען באַמאָלן מיט בילדער פון רוימישן לעבן. לעבן מאַטראַץ איז געשטאַנען אַ קליין טישעלע, אויף וועלכן ס׳איז געווען אַ קרוג וואַסער, אַ קרוג מיט מילך און אויך אַ קריגל מיט וויין.

איר גאַנצער קערפּער האָט איר געוויייטיקט און אין קאָפּ האָט געשווינדלט. זי האָט מיט די אויגן אַרומגענומען דעם צימער, די ווענט, און שטאַר געקוקט אויף די בילדער. איין בילד האָט פאַר־געשטעלט דעם רואיק, שיינעם לעבן פון די רייכע רוימער אין די פּראַכטפולע רוימישע גערטנער: אַ גרופּע רוימישע פרויען זיינען געזעסן אַרום אַ קאָרב מיט אָנגעריסענע בלומען און געפלאָכטן קראַנצן. אויף דער אַנדער זייט וואַנט — גלייך קעגנאיבער, איז געווען אַ מלחמה־בילד: רוימער באַוואָפנטע מיט שווערדן און שילדן האָבן געקעמפט קעגן אַ מחנה איינגעבוירענע וואָס זיינען אויף זיי אָנגעפאַלן מיט אימפּעט און עקשנות.

און דאַן איז מיטאַמאָל אַרויסגעשוואומען ביי איר אין זכרון דער נעכטיקער אָנפאַל. זי האָט ווידער דערזען פאַר אירע אויגן

שמעונ׳ען, ווי ער פאַלט ווי אַן אונטערגעהאַקטער דעמב און זי האָט זיך צעוויינט. זי איז פאַרגאַנגען אין אַ שלוכצן. אַזוי איז זי געלעגן אַ היפּשע צייט. אין מוח האָט נאָר געעגבערט איין זאָרג — און די זאָרג איז געווען: שמעונ׳ס שיקזאַל.

די בילדער וואָס זי האָט זיך געמאָלן זיינען געווען פּיינלעכע, טרויעריקע. אַמאָל פלעגט אַ שטראַל פון בטחון זיך אריינ׳גנב׳ענען צו איר און האָפענונגען ליכטיקע האָבן זיך איר גענומען וועבן. און וואָס ווייטער זי האָט געטראַכט אַלץ שטאַרקער האָט זיך איר געוואָלט גלויבן אין די האָפענונגען. זי מוז געפינען, און זי וועט געפינען, אַ וועג אים צו ראַטעווען. מיט אַנטשלאָסנקייט האָט זי זיך אויפגעהויבן פון געלעגער און צורעכט געמאַכט די קליידער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די עסנס, דערפילט אַז עפּעס נאָגט איר אונטערן הארצן, נאָר זי האָט זיך צו די שפּייז ניט צוגערירט. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער. דער פרימאָרגן האָט זיך ערשט פונאַנדערגעעפנט. זי האָט מיט איר אַלע קרעפטן געפּרואווט עפענען די פענצטער, נאָר אומזיסט. עמיצער האָט קענטיק שוין באַזאָרגט, אַז פון אינווייניק זאָל מען עס ניט קענען עפענען. דאַן האָט זי מיט וואַקלדיקע טריט געלאָזן זיך צו דער טיר, אָבער אויך די טיר איז געווען פעסט צוגעשלאָסן. אַז זי האָט שוין געוואָלט אָפּטרעטן, האָט זי דערהערט ווי עמיצער עפנט די טיר פון דרויסן.

אַ פרוי אין דער אָנטועכטס פון אַ שקלאַפין און מיט אַ מילדיונגן פּנים, וואָס איז געווען אין פולן קאָנטראַסט צו די ווייס־גרויע האָר, איז אריינגעקומען.

דינה איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט. די פרוי האָט זיך טיף פאַרנויגט און געוואָרפן אַ בליק צו די שפּייז אויפן טישל, און געזאָגט אין לאַטייניש־רוימישן דיאַלעקט:

— מיין האַרין, איך זע דאָס וויין איז ניט באַרירט, דיין פּנים איז בלייך און אין דיינע אויגן שוועבט שרעק. האָב ניט מורא, קיין שלעכטס וועט דיר דאָ ניט געשען. דאָ שטייט די בעסטע וויין צו שטאַרקן דאָס האַרץ. לייג דאָס צו צו דיינע ליפּן.

## ערב שמורים

און די פרוי האָט אָנגעגאָסן א באָקאַל מיט וויין און צוגעטראָגן צו דינה'ן.

דינה האָט געקוקט אויף דער שקלאַפין, וועמעס פנים עס האָט נאָך געהאט די שפורן פון אמאָליקער שיינקייט; געזוכט צו טרעפן לויט אירע רייד און האנדלונגען ווער זי איז: — א פריינט, אָדער זי איז ספּעציעל אונטערגעשיקט פון די רוימער צו ארייננאַרן זי. דינה האָט אָבער קיין שלעכטס ניט געקענט ארויסליינען פון דער שקלאַפינ'ס ברוינע, מילדע אויגן. און מיטאמאָל האָט דינה דערפילט אז זי מוז ביי איר בעטן, פרעגן, — אפשר, אפשר וועט די שקלאַפין ארייננוואַרפן אביסל ליכט אין איר טרויעריק געמיט. דינה האָט ציטערדיק געזאָגט:

— אָ, איך בעט דיך, גוטע פרוי! ווער דו זאָלסט ניט זיין, זאָג מיר: וואָס איז מיט אים? לעבט ער נאָך? וואו איז ער, און וואו בין איך?

און דינה האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין.

די פרוי, וואָס האָט געהאלטן די גאנצע צייט דעם באָקאַל וויין און מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף דינה'ן, האָט אוועקגעשטעלט דעם באָקאַל און אָננעמענדיק דינה'ן צערטלעך פאר די הענט, ווי מ'נעמט אָן א קינד, האָט זי זי צוגעפירט און אוועקגעלייגט אויפן מאטראַץ. דאן האָט זי צוגעטראָגן צו דינה'ס מויל דעם קרוג מיט וואסער און געזאָגט:

— בארואיק דיך, מיין האַרין, בארואיק דיך. שוין באלד א מעת לעת, אז איך געפין זיך לעבן דיר. מ'האָט זיך זייער געשראקן פאר דיין לעבן. צוויי מאָל האָב איך מיט געוואלט עפעס ארייננגעגאָסן אין דיין מויל ווען דו ביסט געלעגן אין היץ. און איצט זיי רואיק. דער גרויסער גאָט אין וועלכן דו גלויבסט און וועלכער איז איצט אויך מיין גאָט, וועט דיר העלפן.

דינה האָט א טרונק געטאָן פון איר האנט אביסל וואסער און מיט פארוואונדערונג געפרעגט:

— זאָג, ווער ביזטו, גוטע פרוי?

יענע האָט געענטפערט:

— מען רופט מיך לידיא. איך בין די הויפּט־שקלאַפין ביי

דעם נאָבעלען טעלעניוס.

— א שקלאַפין? — האָט דינה איבערגע׳חזר׳ט, — דיין ריידן און דיין פּנים זאָגן עדות, אז דו ביזט ניט געבאָרן געוואָרן אין גע־פאנגענשאפט.

דער פרוי׳ס פּנים איז פארצויגן געוואָרן מיט א טרויעריקן שאָטן:

— דו האָסט ניט געמאכט קיין טעות, מיין הארין, אָבער איצט בעט איך דיך, נעם אביסל וויין און שטאַרק דיין האַרץ.

דינה האָט דערפילט מער צוטרוי צו דער הארציקער פרוי. זי האָט דער פרוי געלאָזט אלץ טאָן צו איר.

— אָבער ווער ביסטו?

א טיפער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסן פון לידיא׳ס ברוסט און אָננעמענדיק דינה׳ן פאר די הענט, האָט זי מיט א שטילער שטימע, ווי זי זאָל ריידן פון א טויטן, איר דערציילט:

— כ׳בין אמאָל אויך געווען יונג און שיין. און איצט, קוק אויף די פארלאָשענע אויגן, אויף מיינע ווייסע האָר, אויף מיינע הענט וואָס זיינען אמאָל געווען ווייך און ווייס. איצט זיינען מיינע הענט אויסגעארבעט און שווארץ.

לידיא איז א ווײַלע אנטשוויגן געוואָרן. דאן האָט זי מיט א זיפץ ווידער אָנגעהויבן:

— און מיין האַרץ — א חורבן. און דאָס האָט אויך גע־טראָפן גאָר ניט לאַנג. כ׳בין דאָך נאָך גאָר יונג, קוים דער צוויי און דרייסיקסטער פרילינג אוועק. אָ, מיין היימאט! גערדיכטע טונקע־לע וועלדער און גרינע, גרינע לאָנקעס; בערג מיט קעפּ פון ווייסן שניי און קרישטאָל פליסנדיקע טייכלעך. קיינמאָל מער וועט מיין פארבענקט אויג זיי ניט זען.

און לידיא האָט ווייטער גערעדט:

— מיר זיינען געווען שטאָלצע פרייע מענטשן און האָבן מיט אונזערע סטאַדעס געוואַנדערט לעבן דעם ברייטן דאַנובע. דער הימל איז געווען אונדזער דאָך, די וועלדער — אונדזער געצעלט, און אונדזער געזאַנג האָט זיך געגאָסן גליקלעך און פריי. צוזאמען

## ערב שטורם

מיט די וואַלד־פייגל האָבן מיר געזונגען. און דאַן זיינען געקומען זיי — די רוימער. מיין פאָטער איז געווען דער עלצסטער פון שבט: מיר האָבן געקעמפט. מיין אַלטער פאָטער, פיר ברידער, אַלע זיינען זיי געפאַלן פאַרטיידנדיק די היימישע טאָלן און וועל־דער קעגן די אַריינדרינגער פון דרום. געקעמפט און געפאַלן. און איך, — איך בין געוואָרן דאָס רויב פון די זיגער און בין געבראַכט געוואָרן קיין רוים...

זי איז מיטאמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, אָנגעגאָסן זיך א פולן באָקאַל מיט וויין און מיט איין אָטעם דאָס אויסגעטרונקען.

דינה האָט מיט גרויס פאַרוואונדערונג און צער געקוקט אויף איר.

לידיא האָט געזאָגט:

— פאַרדענק מיך ניט, וואָס איך טרינק. דאָס איז מיין פיין. שכרות העלפט אַלץ פאַרגעסן. איך דערמאָן זיך: — ווי שרעקלעך זיינען געווען די נעכט! ווילדע אָרגיעס! איך פלעג מיט מיינע אייגענע הענט מוזן האַלדזן דעם מערדער פון מיין פאָטער און מיינע ברידער. ווי וואָלט איך געקענט לעבן ווען ניט דער פאַר׳שכורנ׳דיקער וויין! איך האָב געהאַסט. כ׳בין אָבער געווען יונג און ווי לאַנג קען א יונג הארץ נערן זיך מיט האס? כ׳האָב אָנגעהויבן פילן ווי דער האָס שטאַרבט אָפּ און א נייער שכור׳נ־דיקער און צינדנדיקער געפיל פאַרנעמט זיין אָרט אין מיין הארץ. כ׳האָב געליבט דעם רוימער — דעם מערדער פון מיין פאָטער און ברידער!...

ווידער איז לידיא אַנטשוויגן געוואָרן. ווידער האָט זי אָנגע־גאָסן נאָך א באָקאַל וויין, אויסגעטרונקען און ווייטער דערציילט:

— איך בין דאַן געווען אזוי פאַר׳שכור׳ט פון דעם נייעם גע־פיל, פון מיין אַריינטאָן זיך אין דעם רייכן און זאטן לעבן אין רוים, אז כ׳האָב גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן ווער איך בין. בין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שקלאַפין, כ׳בין געוואָרן א שפּילכל פון זיין באַגער, און אז ער האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט מיר און אן אנדערע האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ, האָט אייפערזוכט מיך געגומען נאָגן. וואָס־זשע האָט ווידער געקענט פאַרטעמפּן מיין פיין און פייער פון

אייפערזוכט, אויב ניט דער ווייןָ!
דינה האָט געזאָגט:
— איך, פון מיין דערפאַרונג ווייס, אז בלויז גלויבן קען געבן כחות אריבערצוטראָגן די גרעסטע פיין.
האָט לידיא געזאָגט:
— יאָ, גלויבן! אָבער איך בין דאָן געווען יונג און ס׳האָט אין מיר געדערדט דאָס בלוט פון די סטעפּעס. אָ, כ׳וואָלט די שווערסטע ליידן אריבערגעטראָגן, אבי צו זיין לעבן אים, מיין רוימער, זען אים יעדן טאָג, הערן זיין שטים, אפילו ווען זי רעדט שוין מער ניט צו מיר, נאָר צו דער וואָס האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ. אָבער אויך דאָס איז מיר ניט געווען באַשערט. ער האָט פאַרשפּילט זיין גאַנץ פאַרמעגן אין ווערפלעך — צו דעם רוימער טעלעניוס און איך בין דאָן מיט אַלץ איבערגעגאַנגען צו אַ נייעם בעל־הבית.
דינה האָט אויסגערופן:
— צו טעלעניוס׳ן?
— יאָ, צו אים. ניט מער אַ מענטש מיט געפילן בין איך געווען, נאָר אַ שקלאַפין, אַ דערנידעריקטע און פאַרשטויסענע, אַ ווערקצייג בלויז — טויט אייגנטום...
דינה האָט זיך אויפגעהויבן פון מאַטראַץ. אירע אויגן זיינען איצט געווען אָנגעשפּיזלט אויף די אויגן פון לידיא, וועלכע זיינען געווען פייכט פון טרערן. זי האָט לידיא׳ן אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט:
— אין דיין טרויעריקער געשיכטע, לידיא, זע איך מיין שיקזאַל. איצט בין איך אויך אַ געפאַנגענע ביי אַ רוימער. אָ, כ׳בעט דיך, גוטע פרוי, דו, וועלכע האָט אַליין אַזוי פיל געליטן, וועסט מיך ניט פאַרשטויסן. זאָג מיר, איז ניטאָ קיין וועג צו רעטונג? כ׳וויל... כ׳מוז זיין פריי... צוליב אים, מיין...
לידיא האָט געפרעגט:
— ווער איז ער, דער וועגן וועמען, מיין האַרץ, רעדט? איז דאָס דער נאָבעלער לאַריטיוס? אַ גאַנצע נאַכט איז ער געזעסן אַ פאַרזאָרגטער, ווען דו האָסט געברענט אין היץ? כ׳האָב געהערט אז אין זיין האַנט האָט טעלעניוס איבערגעגעבן דיין גורל. אויב

דאָס איז ער וועגן וועמען דו רעדסט, דאַן לייטער אויס דיין פּנים און פרייליכער זאָל זיין דיין געמיט, וואָרים זעסט: אָט איז דאָס גאָלד־שטיק, וואָס ער האָט מיר געגעבן, אז איך זאָל בעסער אכ־טונג געבן אויף דיר. נאָר שאַ... מיר דאכט, אז עמיצער איז דאָ געקומען.

לידיא איז צוגעגאנגען און געעפנט די טיר. לאַריטיוס איז אריין.

דינה איז ווי פארשטיינערט געוואָרן. די גאנצע צייט האָט זי אַלץ געטראכט, אז דאָס האָט טעלעניוס זי געכאפּט, כדי צו זעטיקן זיין געפיל פון נקמה איבער שמעון׳ען. וועגן לאַריטיוס׳ן האָט זי אפילו ניט געטראכט. איצט האָט די גאנצע געשעעניש ביי איר באקומען אן אנדער מיין. א געווירבל פון געדאנקען האָבן זיך דורכגעטראָגן דורך איר מוח. איז דאָס געווען לאַריטיוס׳עס פאר־לאנג צו באזייטיקן שמעון׳ען און נעמען זי מיט געוואלט ווען זיינע געפילן זיינען געבליבן ניט געענטפערט?

אין הארצן האָט ביי איר אויפגעברויזט א געפיל פון האס קעגן אים, אָבער ווען זי האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט זיין בליק איז זי צעטומלט געוואָרן. ניין, אזא פּנים, אזעלכע ליידנדיקע אויגן זיינען ניט פייאיק אויף אזא באטרוג.

זייערע בליקן האָבן זיך אָנגעקוקט. א ווײַלע האָט געהערשט א שווערע שטילקייט. ביידע איז זיי געווען שווער. דאן איז לאַ־ריטיוס צו איר צוגעגאנגען און אָננעמענדיק איר האנט, האָט ער שטיל געזאָגט:

— כ׳בעט דיך, דינה! גלויב מיר, אז ריין זיינען מיינע הענט און איך בין ניט שולדיק אין די ליידן, וואָס זיינען אויסגעפאלן אויף דיר. אַלץ וואָס כ׳קען טאָן פאר דיר וועל איך טאָן.

האָט דינה זיך אנטשלאָסן און געזאָגט:

— אין דיין מויל קלינגען ווערטער ווי פון א פריינט. אָ, כ׳בעט ביי דיר: העלף אים! העלף מיין שמעון׳ען! ראטעווע אים!

איבער לאַריטיוס׳עס פּנים איז מיטאמאָל אריבער א שאָטן פון צער, — „ס׳איז פון אים וואָס זי טראכט, און ניט פון מיר!״ האָט א ברען געטאָן אין האַרצן. א בייז געפיל קעגן שמעון׳ען

האָט זיך ביי אים אויפגעהויבן. לאַריטיוס האָט מיט א פעסטן קול געזאָגט:

— ס׳איז אומעגלעך. ער איז דער שונא פון רוים, באַשול־דיקט אין א סך פאַרברעכנס און ארויסטרעטונגען קעגן דער רוי־מישער מאכט; ער איז דאָך שולדיק אין דעם טויט פון פּאַטריצי אורוסוס. איך קען אים ניט העלפן!

דינה האָט געזאָגט:

— רעדט דאָס איצט אזוי מיין פריינט לאַריטיוס, צי לאַריטיוס דער רוימער?

— א רוימער? גליקלעכע דינה! דו ביזט א טרייע אידין און קענסט נאָר ליבן אָדער האסן. ליבסטו איז עס מיטן גאנצן הארצן און אז דו האסט איז עס אויך מיט דער פולער מאָס. און איך? אמאָל האָט מיין הארץ ניט געפרעגט קיין שאלות. שכרות, וויין, פרויען און שפּילערייען — וואָס נאָך דאַרף א רוימער? און איצט — זייט יענע שטילע נעכט, ווען דער גייסט, וואָס שוועבט איבער דיין פאָלק האָט אויפגעוועקט אין מיין נשמה נייע געפילן און ספּי־קות ארייננגעוואָרפן אין מיר — זייט יענע מינוטן גייט שטענדיק אָן אין מיר א געראַנגל צווישן מיין גוף, וואָס איז נאָך רוימיש און מיין נשמה וואָס איז שוין אנדערש... איז, ווער בין איך — רוימער אָדער ניט רוימער? איך ווייס ניט. זיכער בין איך אָבער דיינער א פריינט.

— טאָ זע ראטעווע אים! — האָט דינה אויסגערופן. — וואָס איז מיין לעבן אָן אים.

דינה האָט אויפגעהויבן אירע טרויעריקע אויגן צו אים און ס׳איז געווען אזוי פיל געבעט אין זיי, אז לאַריטיוס האָט ניט אויסגעהאלטן אירע בליקן. ער האָט זיך אויפגעהויבן א צערודער־טער און נערוועז געגומען שפּרייזן איבערן צימער.

— דו שאצסט איבער מיין איינפלוס, דינה. שמעון׳ס גורל איז פאַרזיגלט. און נאָר דער סענאַט אין רוים קען אים ראטעווען.

— וואָס וועלן זיי טאָן מיט אים? — האָט זי געפרעגט מיט שרעק.

לאַריטיוס האָט א קוק געטאָן אויף איר און ניט געענטפערט.

## ערב שטורם

דינה האָט געפּיבערט:

— אָ, האָב ניט מורא צו זאָגן דעם אמת. זאָג, וואָס וועלן זיי טאָן מיט אים?

— ער איז פאַר'משפּט צו קעמפן מיטן לייב אין די קומענדיקע גלאַדיאַטאָר־שפּילן.

דינה האָט זיך א וואַקל געטאָן. איר בלייך פּנים איז געוואָרן נאָך בלייכער. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז א רגע. זי האָט זעלאַטיש זיך געצוואונגען צו זיין רואיק. האָט זיך געשטאַרקט און געפרעגט:

— טייל איך אויך זיין גורל?

לאַריטיוס האָט געענטפערט:

— ניין. דיין שיקזאל איז אין מיינע הענט.

— און וואָס איז עס?

— דו ביזט פריי.

דינה האָט פון גרויס איבעראַשונג א שטרעק געגעבן איר לינקע האַנט, אזוי ווי עמיצן אַרומצונעמען. זי האָט די האַנט צוריק איינגעצויגן און פאַרשטעלט דאָס האַלב־געעפנטער מויל. דורך די פינגער האָט זיך דורכגעריסן איר פריידיקער פליסטער:

— פריי... פריי... בין פריי... מיין גאָט!

לאַריטיוס איז געשטאַנען קעגן איר און זיינע ליפּן האָבן געציטערט. אינווייניק אין אים איז א פרייד אויפגעגאַנגען. ער האָט ניט געמאַכט טעלעגיוס'עס טעות. ער האָט געפונען דעם וועג צו איר האַרץ.

# פערצנטער קאַפּיטל

דאָס קליינע שטיבל פון יהושע אין מודעין איז פול געווען מיט קריגער, וועלכע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלע טיילן פון יהודה. דער צוזאַמענקונפט איז געווען אַ געהיימער, גערופן פון עמוס׳ן. מען האָט זיך פאַרזיכטיק ארייַנגעשאַרט אין שטיבל. שטום זיך באַגריסט, און זיך געזעצט אויף דער ערדערנער פּאָדלאָגע. אין שטיבל האָט געהערשט אַ געדיכטע שטילקייט, וועלכע פלעגט פון צייט־צו־צייט איבערגעריסן ווערן פון אַ פארשטיקטן צונויפשעפּטשען זיך. קיין הויך וואָרט האָט מען ניט ארויסגערעדט, ווי מ׳וואָלט געזעסן אין אַ הויז פון אַן אָבל, פון וואַנען מען האָט נאָך דעם מת ניט צוגענומען. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין אבלות־שטילקייט, נאָר אַ שטילקייט גאָר אַן אנדערע...

דינה איז געזעסן אויף אַ בענקל און געהאַלטן איר קאָפּ איינגעקלאַמערט אין אירע הענט. די זעלאָטן פלעגן אָפּט וואַרפן אַ פאַרגנב׳עטן בליק צו איר און שטיל אָפּזיפצן. דינה איז איצט געווען — אַ שאָטן בלויז. דאָס פּנים אָפּגעצערט און בלאַס.

— אויף וועמען וואַרטן מיר? — האָט ניט דרייסט איינער אַ פרעג געטאָן, — דאַכט זיך אַלע זיינען שוין דאָ.

דינה האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און מיט איר בליק ארומגענומען די פאַרזאַמלטע. בלויז איינצלנע פון די פאַרזאַמלטע זיינען איר געווען באַקאַנט.

— ניין, עמוס איז נאָך ניטאָ. מיר מוזן צוואַרטן ביז וואַנען ער וועט קומען. ער האָט שוין געדאַרפט זיין דאָ, — האָט געזאָגט דער בעל־הבית פון הויז, יהושע.

— אָבער דערווייל קענען מיר באַטראַכטן וואָס מיר האָבן צו טאָן.

קיינער האָט ניט געענטפערט. מ׳איז ווייטער געבליבן זיצן שטום.

— כ׳ווייס ניט ווי אַזוי, — האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן יהודה, — אַ זעלאָט וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין געוואַגט־

קייט, — אָבער מיר מוזן שמעון׳ען באפרייען.

האָט געזאָגט א צווייטער:

— דאָס פיל איך אויך. הונדערט לעבנס אוועקגעבן, אַבי אונ־דזער פירער באפרייען. אָבער ווי אזוי מ׳קאָן דאָס דורכפירן הויב איך ניט אָן צו באַנעמען. ווי אזוי האָט דאָס געקענט פּאסירן? אונדזער העלדישער, געניטער פירער, שמעון, זאָל זיך לאָזן אריינ־נאַרן און אריינפאַלן אין די הענט פון די רוימער?

די פראגע איז, דאכט זיך, געווענדט געווען צו אלעמען, נאָר דינה האָט זיך פון די רייד דערפילט מער געטראָפן. איר בלאָס פּנים איז נאָך בלאַסער געוואָרן. אירע אויגן האָבן א פינקל געטאָן צו דעם קריגער, וואָס האָט די פראגע געשטעלט.

— מיר זיינען, קענטיק, נאָכגעשפּיאָנירט געוואָרן פאר א לאַנ־גער צייט, — האָט דינה שטיל געזאָגט.

— ווער האָט דאָס געקאָנט זיין?

— אונדזער שכן, דער כותי נעדאָכא.

— ער וועט מיט זיין לעבן באצאָלן! — האָט יהודה שארף א זאָג געטאָן.

— שמעון פלעגט דאָך אָבער שטענדיק גיין באוואכט? — האָט אן אנדערער געפרעגט.

דינה האָט געענטפערט:

— ער האָט איצט אויך געקענט אנטלויפן, נאָר ער האָט דער־זען ווי א רוימער איז באפאַלן אבישי׳ן. האָט ער אָן זיך פאר־געסן און זיך געוואָרפן אים ראטעווען, — דאן האָבן זיי אים ארומ־גערינגלט.

— ששש... ששש... דאַכט זיך עמיצער קלאפּט אין טויער, — האָט דער בעל־הבית געזאָגט און איז ארויס. אין א ווײַלע ארום האָט ער זיך אומגעקערט מיט עמוס׳ן.

אלעמענס בליקן זיינען איצט מיט דערוואַרטונג אָנגעשפּיזט געוואָרן אויף עמוס׳ן, דעם אָנגעזעענסטן זעלאָט, נאָך שמעון׳ען. ער, מיט זיין געשיקטקייט און געוואגטקייט, וועט געוויס האָבן עפּעס א וואָרט פון טרייסט, געפינען א וועג צו שמעון׳ען.

נאָר עמוס איז געשטאנען א געבויגענער, ווי פון א שווערער

משא. דאָס ברוינע מידע פּנים, באַדעקט מיט שטויב פון וועג, איז געווען מיט אַ וואָלקן פאַרצויגן. אין די אויגן — צער און פאַרצווייפלונג. ער איז מיט זיין בליק איבערגעגאַנגען איבער די פאַרזאַמלטע, פון איינעם צו איינעם, אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט זיינע אויגן אויף דינה׳ן און זי שטום באַגריסט. דאָס שטום איבערקוקן זיך האָט נאָך שווערער געמאַכט די אָנגעלאָדנקייט.

עמוס האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער טאָר זיך ניט לאָזן באַהערשן פון יאוש. אָט די אַלע אַהער־געקומענע האָבן צו אים אַרויפגעקוקט, און פון אים דערוואַרט נייע טאַטן. דער קנאַי האָט אין אים אויפגעוואַכט: קעמפן ביזן לעצטן אָטעם! קיינמאָל זיך ניט אונטערגעבן!

ער האָט זיך אויסגעגלייכט. געפּרובירט דורכגיין זיך איבערן שטיבל, אָבער די ענגשאַפט האָט דאָס ניט דערלאָזט. ער איז געבליבן שטיין אינמיטן שטיבל אַ פאַרטראַכטער.

— ווייסטו וואו שמעון איז פאַרשפּאַרט? — האָט ער זיך געווענדט צו דינה׳ן.

זי האָט געענטפערט:

— ער איז געווען פאַרשפּאַרט מיט די אַנדערע חברים אין דער גרויסער תפיסה, אין קיסריה. איצט האָבן זיי אים אַריבערגעפירט אין אַן איינצעלנעם קעלער־קעמערל.

— און וואוהין קומט אַרויס זיין קעמערל? צום צפון?

— יאָ, צום צפון.

עמוס איז געבליבן שטיין שטאַרק פאַרטראַגן אין עפּעס אַ פּלאַן. די קריגער האָבן פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען. מיט אַמאָל האָט ער אויפגעוואַכט און זיין גאַנץ פּנים האָט זיך געענדערט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן אויפגעבליצט:

— כ׳האָב אַ פּלאַן. יאָ, ביים גאָט פון אונדזערע אבות, אויב ער איז נאָך דאָרטן, וועלן מיר אים שוין באַפרייען. דו, דינה, געפין אויס ווער עס זיינען די סאָלדאַטן וואָס שטייען אויף דער וואַך פון געוועלב־הויז, פון וואַנען קומען זיי און אויף וואָסער

דיאַלעקט זיי ריידן. אויך געפֿין אויס גענוי ווען זיי בייטן זיך מיט די וואַך־שטונדן.

און צו די חברים האָט ער געזאָגט:

— איר אַלע וועט בלייבן דאָ, ביז וואַנען מיר וועלן ניט וויסן געגוי ווער פֿון אייך ס'איז גויטיק פֿאַר אונדזער שריט, קיינער זאָל ניט אוועקפֿאָרן, און דו, דינה, וועסט נעמען יהודה'ן און מיט אים באַלד אָפּפֿאָרן קיין קיסריה.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט פֿאַרוואונדערט, ניט פֿאַרשטייענדיק צוליב וואָס ער דאַרף וויסן: ווער זיינען די סאָלדאַטן פֿון געווער־הויז. אָבער עמוס האָט מער גאָרניט דערקלערט. ער האָט באַפוילן:

— איצט צעגייט זיך שטילערהייט. האַלט זיך פֿאַרשטעקט, עס זאָל ניט ווערן פֿאַרדעכטיק.

מיט עטלעכע טעג שפעטער האָבן די קריגער זיך ווידער צונויפגעקליבן אין יהושע'ס שטיבל. דינה האָט שוין עמוס'ן געבראַכט אַלע אויסקונפֿטן און איינצלהייטן: דינה האָט איצט אויסגעזען רואיקער. די צוגרייטונגען צו ראַטעווען שמעונ'ען פֿון דער תפיסה האָבן אין איר אויפגעוועקט נייע האָפֿענונגען און פֿרישע כחות. אויך עמוס איז געווען גאָר אַן אַנדערער. דער פֿאַרטראַכטער פּלאַן האָט אים אויסגעדוכט צו זיין נאָענט צו דער פֿאַרווירקלעכונג. ער האָט אויסגעקליבן אַ טייל פֿון די מער געוואַגטע זעלנער און פֿאַרשטעלטערהייט האָבן זיי זיך געלאָזן קיין קיסריה.

:: :: ::

אָוונט האָט געענדערט אויף קיסריה. אַ פֿאַרשמאַכטער האָט דער טאָג געגומען איינדרימלען. די זון, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג אומ־רחמנות'דיק גע'שרפֿה'ט, האָט זיך באַהאַלטן. שאָטנס האָבן גענומען זיך אויסלייגן. פֿון ים האָט זיך געטראָגן אַ מילד ווינטל, וואָס האָט דערפֿרישט. אָבער די אָנגעברענטע שטיינערנע געביידעס האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוקילן זיך. זיי האָבן פֿון זייער צעגליטן אינגעווייד אַרויסגעגעבן די פֿאַרעדיקע אָנגעזאַמלטע היץ. די מענטשן, נאָך אַזאַ הייסן טאָג זיינען געווען מיד

אָבער האָפּערדיק, ווייסנדיק אַז וואָס אומטיקער ס׳וועט ווערן — אַלץ מער וועט זיי די קילקייט אָפּפרישן.

ארום געווער־הויז, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דער תפיסה, האָט מיד געשפרייזט, הין און צוריק, א רוימישער סאָלדאַט, האַלטנדיק זיין אַנטבלויזטע שווערד אין דער הויך אויפן אַקסל. זיין טראָט איז געווען אַ שווערער. ער האָט געטראַכט פון די לאַנגע שטונדן וואָס ער דאַרף דאָ אָפּשטיין. ער האָט עפּעס שטיל אַ קללה אויסגעפּלוצט, און אויסגעשפּיגן...

אויפן שטויביקן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער לינקער זייט פון געווער־הויז, האָט זיך באַוויזן אַן אַלטער סיריער. ער האָט געטראָגן אַ גרויס לאָגל וויין אויף די פּלייצעס, ווי עס פּלעגן געוויינלעך טראָגן די וויין־פאַרקויפער. ער האָט מיד געשלעפּט זיינע פיס און דערנענטערנדיק־זיך צום סאָלדאַט, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט זיין לאָגל וויין, ווי מ׳לאָזט אַראָפּ אַ שווערע משא, און הכנעה׳דיק און חניפה׳דיק זיך פאַרנויגט:

— כ׳בעט, מיין האַר, — האָט ער געזאָגט אין אַ שלעכטן לאַטיין געמישט מיט סירישן דיאַלעקט אויף וועלכן סריידן די אַנטיאָ־כער, — אַ פרעמדער בין איך. שוין דעם צווייטן טאָג אין וועג; וועט דער נאָבעלער רוימער מיר ווייזן וואו כ׳קען געפינען אַ נאַכט־לעגער?

דער סאָלדאַט האָט געענטפערט:

— גיי גלייך מיטן זעלבן וועג ביז וואַנען דו וועסט קומען צו דעם שענק פון ליזיאַ׳ס און אויב דו האָסט גענוג געלט וועסטו ביי אים קריגן צו עסן און אויך אַ נאַכטלעגער. אָבער פון וואַנען קומ־סטו, וואַנדערער? דיין שפראַך דערמאָנט מיר אָן מיין אייגענער היימאַט. ביזטו פון סיריע?

— דו האָסט געטראָפן. איך קום פון אַנטיאָכיע.

— פון אַנטיאָכיע! ביי פּאָלוקס! פון מיין היימאַט שטאָט אַנטיאָכיע, די קרוין פון מזרח, די שטאָט פון גערטנער און ציפּרעסן וועלדער. איצט בלאָזט ביי אונדז אַ פריש ווינטל און פאַר אַ פּאָר דונאַרן קריגט מען די בעסטע וויין פון סיריע. דאָ אָבער, אין דער

## ערב שטורם

פארפלוכטער יהודה, מוז איך צעברענט ווערן פון דער זון און קען אפילו קיין גוטן טרונק וואסער ניט קריגן.

דער וואַנדערער האָט מיטפילנדיק אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— די געטער זיינען געווען גנעדיק צו מיר, אויף מיין איינזאמען וועג מיך צו דיר געבראכט. ס'איז אזוי גוט צו טרעפן א היימאַט־פארוואנדטן. נאָכן מנהג פון אונדזער לאנד לאָמיר אויסטרינקען א כוס פאר אונדזער באליבטער אנטיאָכיע.

דער סיריער האָט ארויסגענומען א בעכער פונם בוזים און אָנגעגאָסן עס פארן סאָלדאט. דער לעצטער האָט זיך פאָרזיכטיק ארומגעקוקט. די מיליטערישע דיסציפלין האָט אים פארבאָטן צו האָבן באציאונגען מיט זייטיקע מענטשן, אָבער דער נסיון פון א גוטן טרונק וויין, דערצו פון היימישן וויין, איז געווען צו שטארק. ער האָט דעם כוס אויסגעטרונקען מיט איין אָטעם און קיינמאָל איז נאָך וויין געווען אזוי באַ'טעמ'ט צו זיין טרוקענעם גומען, אָבער — — ער האָט בלויז באוויזן איבערצוגעבן דעם כוס צוריק צום וואנדערער, ווי ס'האָט אים אָנגעהויבן רוישן אין קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דער וואנט. די אויגן זיינען אזוי ווי פארשטאַרט געוואָרן און די אויגן־דעקלעך האָבן זיך האַלב פארמאכט. אזוי איז ער געבליבן פארגליווערט א קליינע ווײַלע און דאן איז ער אנידערגעפאלן.

דער סיריער — וואָס דאָס איז גאָר געווען דער גבור יהודה, — האָט שנעל ארויסגענומען פון זיין פעקל די צוגעגרייטע ברען־שטאָף און באלד אזי די נאכט דורכגעריסן און באלויכטן געוואָרן פון א פלאקער־פלאם, וואָס האָט ארומגעכאפּט דאָס געווער־הויז. די איינגעשלאָפענע שטילקייט האָט זיך ראפּטום אויפגעכאפּט. פון אלע זייטן האָבן געגומען אָנקומען רוימער־סאָלדאטן מיט זייערע אָנפירער. אָבער זייער גאנצע מי איינצושטילן דעם פלאקער איז געווען אומזיסט. דאָס אויסגעטריקנטע האָלץ פון געווער־הויז האָט עקשנות'דיק זיך איינגעברענט אין גאנצן הויז און די פלאמען, הויבנדיק זיך העכער און העכער צום הימל, האָבן געוואָרפן זייער מורא'דיקן שיין אויף גאנץ קיסריה.

:: :: ::

ווייט פון דעם באזעצטן טייל פון שטאָט, אויף א ליידיקן, אינגאנצן איינזאמען פלאץ איז געשטאנען די תפיסה. זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א קליינע פעסטונג. א פינצטערע נידעריקע געביידע, געבויט פון רויען שטיין און ארומגערינגלט מיט א הויכער שטיינערנער וואַנט. געשטאנען איז זי אויף א פעלזיקן ים־ברעג און נאָר צוויי פון די ווענט און א טייל פון דער דריטער זיינען ארויס צו דער יבשה. אינווייניק איז ארומגעגאנגען א סאָלדאט וואָס האָט געהאלטן וואַך, אָבער פון אויסנווייניק האָט די געפענגעניש אויסגעקוקט ווי א שווארצער קבר אָן סמנים פון לעבן. די ליידן פון די געפאנגענע און פאַרשפאַרטע, די ליידן פון די געפייניקטע זיינען געבליבן באַגראָבן טיף אין די קעלערדיקע ווענט פון דער תפיסה. אָבער דאָס פייער פון געוועזער־הויז האָט אויפגעוועקט די תפיסה׳דיקע פאַרגליווערטע טויט־שטילקייט. די געפאַנגענע, וואָס זיינען געזעסן אין דער זייט פון דער תפיסה פון וואנען דער פלאקער האָט זיך גוט געזען, זיינען גלייך פון אים צוגעצויגן געוואָרן. זיי האָבן געהויבן זייערע קעפּ איבער דער שטיינערנער וואַנט און האָבן געקוקט... די איבעריקע פארשפארטע זיינען געוואויר געוואָרן פון דעם פייער דורכן ים מיט פונקען, וועלכע האָבן זיך ווי פאלנדיקע שטערן אראָפּגעלאָזט און אויסגעלאָשן לעבן זייערע פענצטערלעך. אלע האָבן זיך געשטופּט צו די גראַטעס.

אויך דער וועכטער האָט געקוקט מיט גרויס פארוואונדערונג אויפן וואלקן פון פלאַמען, רויך און פונקען. און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט קומען צו דער זייט פון וואנען דער פייער האָט זיך ארויסגעזען אמבעסטן, פלעגט ער בלייבן שטיין א קורצע ווײלע, שארף א קוק טאָן און דאן, זיך ווידער לאָזן גיין ארום דער געפענגעניש.

עמוס, וועלכער איז מיט די קריגער געוועזן באהאלטן הינטער דער שטיינערנער וואנט פון ארום דער תפיסה, האָט יעדעס מאָל ווען דער וועכטער פלעגט זיך אָפּשטעלן, זיך געגעבן א רוק פאַראויס. אזוי ער און אזוי די אנדערע. זיי האָבן זיך גע־

גנב'עט, גערוקט צו אַ פּלאַץ, וואו די וואנט איז ניט געווען אזוי הויך. צוגעקומען — האָט עמוס געגעבן א וואונק און איינער אויפן אנדערן האָבן זיי זיך געשטעלט, ביז ס'איז אויסגעוואקסן א לעבע־דיקער לייטער. עמוס האָט זיך אויף דעם פּלייצעדיקן לייטער אויפגעהויבן אויף דער וואנט און פון דאָרטן זיך אראָפּגעלאָזט מיט שטריק אויף דער אנדער זייט. נאָך אים האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך צוויי קריגער. זיי האָבן זיך איגווייניק באַהאַלטן אין שאָטן פון דער וואַנט און פון דער נאַכט. אזוי פארטייעט זיינען זיי געשטאַ־נען א היפּשע ווײַלע, דאן האָבן זיי דערהערט, ווי עס דערנעענטערן זיך די שווערע טריט פון וועכטער. זיי האָבן זיך שטארקער גע־דריקט צו דער וואנט און ווען די טריט זיינען שוין געווען גאָר נאָענט, האָט עמוס, ווי א פלינקע חיה, א שפּרונג געטאָן און איי־דער דער וועכטער האָט געהאט א מעגלעכקייט צו זיך צו קומען פון איבעראַשונג, איז ער שוין געלעגן אויף דער ערד מיט א מע־סער אין הארצן. ער האָט אפילו ניט אויסגעשריען.

שנעל האָט עמוס ארויסגעריסן פון וועכטער די שליסלען. פּי־בערדיק האָבן זיינע הענט געעפנט די טיר פון קעלער. ער איז אַריין. א גערוך פון טוכלעקייט האָט א קלאַפּ געטאָן אין נאָז. ער האָט א רוף געטאָן: שמעון! — אָבער קיינער האָט ניט געענט־פערט. ס'איז געווען שטיל און אימה'דיק, ווי אין א קבר. שנעל איז ער דורכגעלאָפן אייניקע ענגע קעלער־קעמערלעך, רופנדיק: שמעון! שמעון! קיין ענטפער איז אָבער ניט געקומען. א פאר־צווייפלטער איז ער ווידער צוגעלאָפן צום וועכטער און געוואָלט אויספרעגן וועגן שמעונ'ען, אָבער יענער האָט שוין אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. א קאלטער שווייס האָט באדעקט עמוס'עס שטערן. ער איז ווידער אריין אין קעלער, געוואָלט שוין מיט די שליסלען עפענען די איבעריקע קאַמערן, ווען פון דעם ווינקלדיקן קעמערל האָבן זיך צו אים דערטראָגן א שוואך פארשטיקט קרעכצן. שארנדיק זיך נאָכן קלאַנג פון די קרעכצן איז ער אריין אין א קע־מערל אינגאַנצן א פינצטערן. א גערוך פון פייכטקייט געמישט מיט דעם גערוך פון פוילקייט האָט אים באגעגנט. און א קרעכצנ־דיקער קול האָט גענומען רופן:

— עמוס! עמוס! אָ, גאָט פון אונדזערע אבות! שנעלער! שנע־לער צו מיר, עמוס!

טאַפּנדיק מיט די הענט אין דער פינצטערניש האָט עמוס זיך דערנעענטערט צום ווינקל פון קעמערל, פון וואַנען דאָס קרעכצן און דאָס רופן איז געקומען. עפּעס א שווארצע מאסע האָט זיך דאָרט קוים גערירט.

עמוס האָט א פרעג געטאָן:

— ווער ביזטו, אומגליקלעכער ברודער. איך הער דו רופסט מיך ביי מיין נאָמען. רייד! ביזטו א קנאַי? זאָג, די תפיסה איז אין אונדזערע הענט.

און פון דעם ווינקל, פון דער שווארצער מאסע איז געקומען אַן ענטפער:

— דאָס בין איך, אבינדב, דערקענסטו ניט מיין קול, עמוס?

— אבינדב! גאָט גיב מיר כחות! אָבינדב, דו?

און אבינדב האָט געזאָגט:

— יאָ, איך. אָבער איל דיינע טריט, עמוס, וואָרים שמעון איז אוועקגעפירט געוואָרן אין צירק און באלד דארפן זיי קומען אויך נאָך אונדז, נאָך די פארבליבענע. אָ, כ׳הער זיי שוין קלאַפּן אין טויער. כ׳בעט דיך, לויף, ראטעווע זיך, שנעל.

ס׳האָט זיך טאַקע דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין טויער.

עמוס האָט פעסט געזאָגט:

— מיר וועלן ניט אוועקגיין אָן דיר, אבינדב.

אבינדב האָט געפּרואווט אויפהויבן זיך פון געלעגער נאָר מיט א קרעכץ איז ער אנידערגעפאלן צוריק. דאָס קלאַפּן אין טויער איז געוואָרן שטארקער.

אבינדב האָט געקרעכצט:

— צו שפעט פאר מיר, עמוס. מיין פוס! מיין פוס! — האָט ער ארויסגעקרעכצט. — אָ, וועז ניט די צעבראָכענע פוס. דו קענסט טאָן פאר מיר נאָר איין זאַך, עמוס — פארענדיק מיינע ליידן. כ׳וועל שוין מער קיינמאָל ניט קענען גיין אין קאמף קעגן די רוי־מער. און איצט ווי אַן עלטערן קעמפער פון אונדזער זאַך, וועמען

## ערב שטורם

דו ביזט מחויב צו פאָלגן, באַפעל איך דיר: לויף, לויף, ראַטעווע זיך!

געריירט ביז טרערן האָט עמוס זיך צוגעבויגן און אים א קוש געטאָן אין שטערן און איז מיט א צעווייטיקט האַרץ ארויסגעלאָפן. אין דרויסן זיינען געשטאנען די חברים און מיט ציטערנדיקע הערצער געוואַרט אויף עמוס׳עס ארויסקומען. דערזעענדיק אים אליין, האָבן זיי פאַרשטאַנען אז אלץ איז פארפאלן. געשווינד האָבן זיי זיך ארויפגעהויבן אויף דער שטריק און זיך אראָפגעלאָזט פון דער וואנט אויף יענער זייט, פון דרויסן.

דערווייל האָבן די רוימער אויפגעהויבן א טרעוואָגע. פאַקלען האָבן זיך באוויזן און הונדערטער רוימער האָבן געזוכט אין דער געגנט ארום דער געפענגעניש, אָבער עמוס מיט די זעלאָטן זיינען שוין געווען ווייט.

ווען דינה האָט זיך דערוואוסט אז שמעון איז צוגענומען גע־וואָרען אין צירק האָט זי באהערשט א מורא׳דיקע פארצווייפלונג. ביי דער ערשטער ידיעה איז זי געבליבן ליגן א האַלב טויטע; קיין געוויין, קיין קרעכץ אפילו, האָט זיך פון איר ניט געהערט. אלץ איז ביי איר אזוי ווי אָפּגעשטאָרבן.

אויך עמוס איז געווען נידערגעשלאָגן. דער גורל פון שמעון׳ען און אבינדב׳ן האָט אים אויף א מינוט ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געוואוסט אז פריער־שפּעטער וועט דאָס אויך זיין זיין אייגענער גורל. ס׳האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. פאַרקערט: זיין האַרץ האָט געברענט אין צאָרן. אָבער דער צאָרן איז געווען זייער ווייטיקדיק, ווייל עמוס האָט אין יענעם מאָמענט געפילט זיין אומעכטיקייט. וואָס קען מען נאָך טאָן? איין וועג איז געבליבן: אריינ׳גנב׳ענען זיך אין צירק אליין מיט באהאלטענע שווערדן און מיטן געווער ארויסרייסן שמעונ׳ען. דעם פּלאַן האָט פאָרגעשלאָגן יהודה. אָבער ווי אזוי?...

דאָס איז געווען אן אומזיניקער פּלאַן. א קליין הייפל אנט־קעגן א המון פון טויזנטער רוימער. עמוס האָט אפילו ניט געענט־פערט אויף יהודה׳ס רייד. אָבער יהודה איז געבליבן ביי דאָס זייניקע און דאָס קליינע הייפעלע וואָס האָט געהאלטן מיט אים,

## בר־כוכבא

האָט זיך גענומען גרייטן צום מאָרגנדיקן טאָג, ווען ס׳האָבן גע־
דאַרפֿט פֿאָרקומען די גלאַדיאַטאָר־שפּילן.

# פופצנטער קאַפּיטל

די גלאַדיאַטאָר־פּאָרשטעלונגען אין קיסריה, וועלכע דער פּראָ־קוראַטאָר, טיניוס רופוס, פלעגט פון צייט־צו־צייט איינאָרדענען, פלעגן אין דער קליינער יהודה ארויסרופן א גרויסע אויפרודערונג. די שפּילן פלעגן פון דער פרעמד־אָנגעפאָרענער באַפעלקערונג דער־וואַרט ווערן מיט גרויס שפּאַנונג.

שוין עטלעכע טעג פאַר די פאָרשטעלונגען זיינען די וועגן, וואָס האָבן געפירט צו קיסריה, געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. אַ שטראָם, גאָר אָן אויפהער, איז געגאַנגען צו דער ארענע. פון סיריע, און פון אַנדערע ארומיקע שכנישע לענדערייען, פלעגן זיך ציען גאַנצע מענגעס — אָרעם און רייך, פלעבעיער און יחסנים, — אַלע זיינען געגאַנגען און געפאָרן און זיך געצויגן צו די גלאַדיאַ־טאָר־פּאָרשטעלונגען.

די וועגן זיינען איצט געווען נאָך מער געפּאַקט, וואָרים רופוס האָט דאָס מאָל נאָך געהאַט צוגעגרייט עטוואָס אויסערגעוויינלע־כעס!...

אין קעגנזאץ צו אָט־דעם יום־טובדיק געשטימטן עולם זיינען אויפן וועג אויך געווען אנדערע דריי: איינער א הויכער, שטאַלט־נער מאַן, שוין טיף אין די יאָרן, מיט א לאַנגער גרויער באָרד; א הויכער ברייטער שטערן און טונקל־פינקלדיקע אויגן. א טרויער האָט איצט די אויגן באַצויגן...

די אַנדערע צוויי זיינען געווען אינגער. איינער, מיט א יונגן פּנים, מיט א געדיכטער שווארצער באָרד און פלאַמיקע בליקן. דער צווייטער —א נידעריקער מיט א קליין געל בערדל.

דאָס זיינען געווען עקיבא און זיינע צוויי תלמידים. דער ערש־טער האָט געהייסן — עזריה, און דער צווייטער — גמליאל. אויך זיי זיינען געגאַנגען קיין קיסריה.

עקיבא האָט זיך צוגעזעצט ביים זייט פון וועג. ער איז גע־ווען אויסגעמאַטערט פון אַ גאַנצן טאָג שפּאַנען. זיינע תלמידים —לעבן אים.

די מענגעס האָבן ניט אויפגעהערט צו ציען זיך קיין קיסריה. ר׳ עקיבא מיט זיינע ליכטיקע נאָר איצט־פאַרטרויערטע אויגן האָט געקוקט: אלע גייען זיי אַהין! אָט איז אַ פרעכטיקער געשפאַן פון דריי ריין־בלוטיקע אראבישע פערד. די פערד איילן, שטויב פליט אין אלע זייטן. די אָרעמע פלעבעיער שיקן אין דער שטיל בייזע קללות, פאַרוואָס זיי מוזן אָפּטרעטן פון וועג... און אָט א צענדליק פרעכטיקע וואָגנס. נאָבל־לייט, רוימישע באַאַמטע מסתמא.

און אָט קומען לעקטיקער און זיי טראָגן א טראָג־בעטל, רייך באַפּוצט. אין טראָג־בעטל זיצט א רוימישער גאָר־הויכער שררה. די לעקטיקער, באַפּוצט אין פורפור און פיאָלעט, האָבן צוגעצויגן אלעמענס אויפמערקזאַמקייט. נאָך די באַפּוצונגען אויף די לעקטיקער האָט מען שוין געקענט זען ווי גרויס דער שררה איז געווען... די פלעבעיער האָבן דורכגעלאָזט די לעקטיקער און האָבן די טראָג־בעטלעך באַגלייט ניט מיט קיין צו־פריינטלעכע בליקן...

די אָרעמע פלעבעיער זיינען געגאַנגען צופוס. זיי זיינען מערסטנס געווען סיריער, גריכן, און אויסגעדינטע רוימישע סאָלדאַטן.

נאָך זיי אַלעמען האָט נאָכגעפאָלגט א גרופּע פון אויסגעדינטע גלאַדיאַטאָרס און ספּאָרט־ליבהאָבער. זיי האָבן מאַרשירט אין מיליטערישער אָרדענונג. פאַראויס פון זיי איז געגאַנגען דער פויקער מיט א פויק. זייערע טריט האָבן זיך געהויבן צום טאַקט פון דעם פויקן. זיי האָבן געטראָגן אזוינע חשיבות׳דיקע מינעס אויף די פּנים׳ער, ווי זיי וואָלטן גיין צו א הייליקן גאָטעס־דינסט...

עקיבא האָט זיך אויפגעהויבן:

— קומט, לאָמיר גיין.

האָט איינער פון די תלמידים, עזריה, דער מיט דער שוואַרצער באָרד — געזאָגט:

— פאַרנעם, רבי, מיר נענטערן זיך צום דאָרף עצילה. דיין טראָט איז שווער פון מידקייט. לאָמיר זיך אָפּקערן און אויסרוען אַ נאַכט. מאָרגן פרי וועלן מיר פאַרזעצן אונדזער וועג. מיר וועלן נאָך באַווייזן צו זיין אין קיסריה אין צייט.

— ניין, עזריה, — האָט עקיבא געענטפערט. — קען איך דען

# ערב שטורעם

רועו ווען דארטן, אין קיסריה, גרייט זיך דער טויט פאר אזויפיל קינדער פון אונדזער פאלק?

— אבער וועט דיין קומען אהין זיי דען ראטעווען? ווייסטו דען ניט אז קוים זיינען זיי דורך רופוס׳ן פאר׳משפט געווארן צום שטארבן, וועט דיין געבעט זיין אומזיסט?

— דו פארגעסט, מיין עזריה, אז חוץ געבעט האב איך נאך עטוואס, וואס וועט ווירקן מער ווי רייד אויף דעם גייציקן רוימער. עזריה האט געזאגט:

— דאס געלט וואס איז צוגעשיקט געווארן פון בבל?

— יא, דאס געלט און די צוויי רינגען, וואס מיין רחל האט מיר געגעבן. פקוח־נפש איז גרעסער פון אלץ... רחל אליין טאקע האט צו מיר געזאגט:

— „וואס זיינען איידלשטיינער! גיי, און ראטעווע מיט זיי וועמען דו קענסט״.

— און איך מיין, אז ס׳פאסט ניט אז דו, רבי עקיבא, זאלסט זיך דערנידעריקן פאר א חוצפה׳דיקן רוימער, — האט גמליאל גע־זאגט.

עקיבא האט געענטפערט:

— ווער בין א י ך דען? ווייל איך דען מער ווי דינען מיין פאלק און מיין גאט? און אז איך פארנעם דאס געוויין פון די קינדער און אלמנות, און אז איך זע דעם חורבן אין די היימען פון די פאר׳משפט׳ע, קען איך דען בלייבן רואיק, גמליאל?

האט גמליאל ווייטער געזאגט:

— און פון די לעבעדיקע טראכסטו, רבי? טראכסטו וועגן דעם ווי ביטער און דערנידעריקט דאס גאנצע פאלק וועט פילן, ווען דו, דער פארערטער רבי, דער זייל פון ישראל, וועט זיך מוזן דער־נידעריקן פאר דעם פארהאסטן רופוס!

— א צייט אזא, גמליאל. פאראן צייטן ווען מ׳מוז לאזן בויגן דעם שטאלץ. טייערער פון אלץ איז דאס מענטשלעכע לעבן. און פאראן ווידער א צייט ווען מ׳מוז זיין שטארק און ניט רעכענען זיך מיטן לעבן פון אייניקע, ווען דאס גאנצע פאלק, זיין גאנצער קיום, שטייט אין קאן. איצט מוז מען דערווייל ראטעווען די אייניקע!

עקיבא איז אנטשוויגן געוואָרן. זיי זיינען דורכגעגאנגען דורכן דאָרף אצילה, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, און זיינען געגאנגען שווייגנ־דיק. שוין פאַרנאַכט־צו, ווען די זון האָט זיך שוין געזעצט, האָבן עקיבא און זיינע באַגלייטער באַטראָטן די ערד פון דאָרף נזידה. דאָס דאָרף איז פול געווען מיט מענטשן. די רייכערע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין די דריי־פיר אכסניה׳ס פון דאָרף. די אָרעמע האָ־בען זיך פונאַנדערגעלייגט אין גאַס, ארויסגענומען פון זייערע פּעק־לעך דאָס עסן און זיך געגרייט צום נאַכטלעגער.

פון דאנען האָט געדויערט בלויז אייניקע שטונדן צו קיסריה און די גייער האָבן געהאָפט צו זיין דאָרטן גאַנץ פרי.

אויך נחום׳ס אכסניה, וואו עקיבא מיט זיינע באַגלייטער האָבן זיך אָפּגעשטעלט איז געווען פול. די עטלעכע טישלעך זיינען באַ־זעצט געווען מיט שכור׳ע רוימער, גריכן און סיריער. אינווייניק איז געשטאַנען א גרויס געטומל און דער בעל־הבית, אַ מאַן פון מיטעלע יאָרן, פעסט געבויט און מיט א מוטיקן פּנים, איז גע־ווען פאַרנומען אין פונאַנדערטראָגן די עסנס און וויין.

— האָ... האָ... אַהער דו כלב פון יהודה, — האָט געשריען אַ שכור׳ער רוימער, — נאָך א קרוג וויין פון דעם בעסטן! אהער... זשאַלעווע ניט! מיר טרינקען פאַר אונדזער מאָרגנדיקן זיג. דריי סעסטערציעס קעגן איינער פאַר טעטראַדינאָס און אלקימוס. האָ?... וואָס זאָגסטו, איד? האָסט מורא? פינף קעגן איינער, ווער וויל? קיינער ניט? כאָ... כאָ... נו, ווער וועט איינשטעלן איין סעסטערציע קעגן מיינע צען, פאַר שמעונ׳ען? ביי יופּיטער! קיינער וועט ניט איינשטעלן אפילו קיין איין דינאַר פאַר א אידן? אָה, ס׳וועט זיין א שיינער ספּעקטאַקל. דער שטויביקער ספּאַלאַריום וועט כאַפּן דעם קאָליר פון אייער בלוט. העי! וואו ביזטו דאָרטן מיטן וויין? נאַ, כאַפּ א דינאַר פון אַן עכטן רוימער.

און מיט די ווערטער האָט דער רוימער אַ וואָרף געטאָן א מטבע. זי האָט געמאַכט א קרייז אין דער לופטן און מיט א קלונג געפאַלן לעבן נחום׳ען, דעם בעל־הבית. דער לעצטער איז גע־שטאַנען מיט אַן אָנגעכמורעטן פּנים און אָנגעצונדענע אויגן, גרייט מיט זיין פויסט צו פאַרמאַכן דעם שכור׳ן רוימער דאָס מויל, נאָר

## ערב שטורם

ער האָט זיך מיט געוואַלט געזעגענען צו בלייבן רואיק.

— דו זעסט? — האָט ער געזאָגט צום רוימער מיט א שמייכל, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, — דיין צעזאַר איז געפאַלן מיטן קאָפּ אַראָפּ. נא דיר דיין מטבע צוריק.

ער האָט זיך דערפילט שטארק און זיכער און מיט ביטול האָט ער געקוקט אויף די האַלב און גאַנץ שכור׳ע רוימער.

מיטאמאָל זיינען אריין רבי עקיבא מיט זיינע צוויי תלמידים.

— זאָל זיין געבענטשט אייער קומען, רבי, — איז נחום זיי אנטקעגנגעקומען, און ער האָט זיך פארנויגט: — מיין הויז און מיין דאַך זאָל אויך זיין אייערס.

עקיבא האָט מיט זיין בליק ארומגענומען דעם אָנגעפּאַקטן שענק.

— האָסט א ווינקל פאַר אונז, נחום?

— מיין גאַנץ הויז איז פאַר אייך. איך וואַרף באַלד ארויס אָט־די אַלע ערלים, די שכורים; קיין שריד ופליט זאָל פון זיי ניט בלייבן.

— ניין. מען דאַרף קיינעם ניט ארויסוואַרפן, — האָט עקיבא געזאָגט, — פאַר אונדז איז גענוג אַ קליין ווינקל.

נחום האָט זיי אריינגעפירט אין א ריינעם חדר, אין דעם אויבערשטן טייל פון הויז; ער האָט אהין אריינגעטראָגן שטרויענע, צונויפגענייטע מאַטראַצן. דערנאָך איז ער געקומען מיט א בעקן וואַסער, אַ שיסל און א האַנטוך. עקיבא און זיינע תלמידים האָבן זיך געוואַשן און זיך דערפילט פרישער. נחום האָט אויף א טאַץ אריינגעטראָגן שפּייז: ברויט, מילך און האָניק.

עקיבא האָט זיך צו דעם שפּייז ניט צוגערירט. און לאַנג נאָכדעם, ווי זיינע תלמידים, מידע פון א גאַנצן טאָג שפּאַנען איבער די וועגן, זיינען שוין געשלאָפן, איז רבי עקיבא נאָך געווען וואַך. ער האָט געטראַכט וועגן דער שווערקייט פון זיין שליחות. ווער ווייס צי רופוס וועט ענדערן זיין באַשלוס און זיין בלוט־שפּאַס...

— יאָ, איך בין געקומען, — האָט עקיבא צו זיך געטראַכט, — כ׳וועל בעטן, כ׳וועל אים פּרוּוון איינריידן. אָבער?... גמליאל האָט געזאָגט אַז כ׳האָב ניט געדאַרפט גיין. ניט דערנידעריקן זיך.

גמליאל וועט קיינמאל ניט פאַרשטיין ווי שווער די שליחות איז מיר. אָבער, ווי האָב איך געקענט פאַרשטאָפּן מיינע אויערן פאַר די געוויינען און בקשות פון מוטערס, שוועסטער און אַנדערע קרוי־בים פון די פאַר׳משפט׳ע, וועלכע האָבן געבעטן איך זאָל זען זיי ראַטעווען. דער ווייטיק פון די קרובים האָט מיר דאָס האַרץ צע־ריסן.

אזוי האָט עקיבא געטראַכט אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט און ער האָט אָנגעהויבן תפילה טאָן:

— אָ, גאָט! ביז וואַנען וועסטו אונדז פּרואוון? ביז וואַנען וועסטו געדולדיק זיך צוקוקן צו דער חוצפּה פון די רוימער? ביז וואַנען? אָבער ווער בין איך אָפּצופרעגן דיינע וועגן? ווער בין איך, וואָס זאָל אײַנגאַנצן קומען מיט טענות? אָ, דו גרויסער, אַלמעכטי־קער גאָט!...

— גאָט!...

# זעכצנטער קאַפּיטל

דער טאָג פון די גלאַדיאַטאָר־פאָרשטעלונגען איז געקומען. שוין פאַרטאָג איז א גרויסער ערב רב פון מענטשן געשטאַנען לעבן די טירן פון צירק און געוואַרט זיי זאָלן זיך עפענען. דער המון איז געווען א פארשידנאַרטיקער. געווען דאָרט א סך רוימער, אָבער נאָך מער סיריער און גריכן. צווישן די לעצטע זיינען גע־ווען א סך קליינע באַאַמטע, וואָס האָבן שטענדיק נאָכגעפאָלגט די זיגרייכע רוימער, אזוי ווי שווארצע וואָראָנעס, וואָס פליען תמיד אַהין וואו ס׳פאַלן מענטשן און זיי קענען אומגעשטערט רייסן פון זיי שטיקער פליישׁ. זיי זיינען עס געווען די, וואָס האָבן זיך איינ־געגעסן אין דער קליינער נידערשלאָגענער יהודה און געזויגן, דורך צינזן און נגישות, אירע לעצטע כחות.

פאר דעם פאַרזאַמלטן ערב־רב זיינען די היינטיקע פאָרשטע־לונגען געווען אן אמת׳ער יום־טוב. אָט האָט מען געכאפּט די מו־טיקע רעבעלן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אן אימה; אָט האָט מען ענדלעך אויך געכאפּט זייער אָנפירער, דעם מעכטיקן שמעון, דעם העלד וואָס האָט באגייסטערט די יונגע, מוטיקע אידן און געוועקט אין זיי די האָפענונג פון באַפרייאונג! איצט איז ער געפאנגען, אָט דער חוצפה׳דיקער שמעון, וואָס האָט ניט איינמאָל צעקלאפּט די רוימישע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען קעגן אים געשיקט געוואָרן! געכאפּט — אַלעמען געכאפּט!

און אָט, באַלד, וועלן זיי, די פאַרהאַסטע אידן, זיך צאפּ־לען אין די נעגל פון די ווילדע חיות, און דער המון האָט מיט פארגעניגן זיך צוגעהערט צום ברומען פון לייב און צו די ברילע־רייען פון אַנדערע חיות, וועלכע מ׳האָט בכיון אויסגעהונגערט, — כדי זיי זאָלן זיך גיריקער וואַרפן אויף די קרבנות. דער המון האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון די חיות — און פון זייער ברומען. אָט באַלד — קומט עס!...

און דערווייל האָט מען זיך אזוי, שטופּנדיק זיך צו די צירק־טירן, דערציילט — איינער דעם אַנדערן — אלערליי רכילות׳ן,

און ווערטלעך, און — די לעצטע נייעס.

די נעכטיקע שרפה פון געווער־הויז איז געווען די הויפט־נייעס. ווער האָט דעם פייער געמאכט? איז עס א צופאַל בלויז?

ווען ס׳זיינען אָבער צו זיי דערגאנגען די איינצלהייטן וועגן דעם אָנפאַל אויף דער תפיסה, וואו שמעון מיט די איבעריקע קריגער זיינען געווען פאַרשפאַרט, איז דעם המון קלאָר געוואָרן, אַז דער פייער אין געווער־הויז איז ניט געווען קיין צופעליקער. די אויפרעגונג איז געוואקסן. דער געדאנק אַז שמעון און די אנדערע פארשפארטע האָבן געקענט אנטלויפן און צונעמען פון זיי — פון המון — דעם פאַרגעניגן צו זען די בלוט־פאַרשטעלונגען, — אָט דער געדאנק האָט זיי אריינגעוואָרפן אין גרימצאָרן.

אַז עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די געשולטע גלאַדיאַטאָרן מיט זייערע לאַניסטן, וואָס האָבן געזאָלט אנטייל נעמען אין די פאַר־שטעלונגען, האָט זיי דער המון באַגעגנט מיט גרויס באגייסטערונג. הייסט דאָך עס, אַז די פאַרשטעלונגען וועלן טאקע פאַרקומען!

— זיי געגריסט, טעטראַדינוס! — האָבן זיי געשריען צו א גלאַדיאַטאָר, וואָס האָט מיט זיין יונגן שיינעם קערפּער, א גלאַנ־ציקען פון בוימל, זיי אנטציקט.

— זיי געגריסט, טרונוס!

— זיי געגריסט, לובוס!

— זיי געגריסט אלטער לובוס! — האָבן א סך אונטערגע־כאפּט און געצויגן זיך צו אַן עלטערן הויכן דיקן גלאַדיאַטאָר, ביי וועמען די האָר האָבן זיך שוין געזילבערט. א סך פון צווישן המון האָבן אים מיט יאָרן צוריק געזען אלס זיגער. א סך האָבן וועטנ־דיק זיך אויף אים, געוואונען, אייניקע האָבן פארלאָרן. זיי האָבן געוואוסט, אז ער האָט, מיט א צייט צוריק, אויפגעגעבן די גלאַ־דיאַטאָר־באַשעפטיקונג און האָט געעפנט א שענק אין קיסריה, וואו ס׳פלעגן זיך צונויפקומען די גלאַדיאַטאָרס.

— געשעפטן זיינען קענטיק ביי אים שלעכטע, ווען לובוס מוז ווידער גיין אויף דער אָרענע, — האָבן אייניקע באַמערקט.

... און פאַרשטעלטע, ווי סיריער און גריכן, איז צווישן אָט־דעם ריזיקן המון געשטאנען א קליינע גרופּע איבערגעטאָנענע אידן

# ערב שטורם

מיט זייערע סיקאַרי־שווערדן באַהאַלטן אונטער די מאַנטלען.

ענדלעך זיינען די וואָמיטאָריעס געעפנט געוואָרן און דער המון האָט זיך א לאָז געטאָן איגוויייניק צו פארכאפּן די ערטער אין פּאַפּולאַריא. ס׳איז געוואָרן א געדויש, א געטומל. באַקאַנטע האָבן זיך איבערגעשריען איינער מיטן אנדערן פון זייערע ערטער. דער גרויסער אמפיטעאטער האָט גערוישט ווי א צעברויזטער ים.

עס האָבן שוין גענומען אָנקומען די רייכע מיט זייערע לעקטיקעס און די אַלע באַאַמטע, וואָס האָבן פארנומען אן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער אדמיניסטראַציע פון יהודה. פאר זיי זיינען אָפּגעטיילט געוואָרן די פּלעצער האַרט ביי דער אַרענע.

דער אמפיטעאטער איז אָנגעפּילט געוואָרן. מ׳האָט נאָר געוואַרט אויף דעם פּראָקוראַטאָר און אָט איז ער שוין אָנגעקומען אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, און אויך מיט טעלעניוס׳ן. זיי האָבן פארנומען זייער פּרעכטיקע לאָזשע, באַפּוצט מיט גאָלד און בלומען. א ווייַלע איז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון עולם געווענדט געוואָרען צו דעם פּראָקוראַטאָר׳ס לאָזשע. אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם פּראָקוראַטאָרס האַנט־צייכן, אז די פאָרשטעלונג זאָל זיך אָנהויבן. דער פּראָקוראַטאָר האָט זיך אָבער ניט געאיילט. ער האָט ארומגענומען מיט זיין בליק דעם ריזיקן עולם און אויף זיין פּנים האָט אויפגעשיינט א צופרידענער שמייכל.

דער המון איז געוואָרן אומגעדולדיק. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א פּיס־טופּעריי וואָס איז אריבער אין איין אומענדלעכן דונערן.

דער פּראָקוראַטאָר האָט געשמייכלט. צום סוף האָט ער געגעבן דעם צייכן מיט א טיכל.

ס׳האָבן זיך דערהערט הילכיקע רופן פון טרומייטן און אין אמפיטעאטער איז געוואָרן שטיל. די אויגן פון דעם גאַנצן המון זיינען געווענדט געווען צום טויער, צו וועלכן דער דינער האָט זיך איצט דערנענט. ער האָט דאָרט דריי מאָל אָנגעקלאַפּט און די טירן האָבן זיך פּאַמעלעך געעפנט. פון דאָרט זיינען ארויסגעקומען: טעטראַדינוס, א רואיקער און זיכערער, און נאָך אים דער געפאַנגענער זעלאָט, אלקימוס. טעטראַדינוס האָט געהאַלטן אין איין האַנט א נעץ און אין דער צווייטער האַנט א גאָפּל מיט דריי

לאנגע ציין. אלקימוס האָט געהאט א שווערד מיט א שילד.

טעטראַדינוס מיט זיין שיינעם אַטלעטישן קערפער האָט ווי־דער באַגייסטערט דעם המון, און א גוואלדיקע פאַטשעריי האָט פארהילכט דעם ריזיקן בנין: פון אויבן ביז אראָפּ האָט מען געזען צעפלאַמטע פנים׳ער, צעלויכטענע אויגן.

צווישן די רייכע, אויף די נידעריקע רייען, האָט מען זיך גע־נומען וועטן.

— פופציק סעסטערציעס פאַר טעטראַדינוסן!

— הונדערט! הונדערט!

ס׳האָבן זיך אָבער ניט געפונען קיין וועט־בעלנים פאר אלקי־מוס׳ן. א הויכער, א גרויער, איז ער געשטאַנען מיט זיין פאר־וואַקסענעם פנים און אנטקעגן דעם זעלבסטזיכערן, רואיקן טעט־ראַדינוס האָט ער באמת אויסגעזען ווי א שוואַכער קעגנער.

דער פלינקער טעטראַדינוס, פאָכענדיק מיט זיין נעץ ארויף און אראָפּ, און האלטנדיק דעם גאָפּל קעגן אלקימוס׳עס ברוסט, האָט זיך גענומען שנעל ארומדרייען. אלקימוס האָט זיך אָבער ניט פארלוירן. ער איז געשטאַנען אויף זיין אָרט, קירוועדיק זיך יע־דעס מאָל מיט זיין שווערד צו באַגעגענען די אטאַקע פון זיין קעג־נער. דאַן האָט טעטראַדינוס געביטן זיין טאַקטיק. ער איז אָט צוגעשפרונגען צו אלקימוסן און אָט איז ער ווידער אָפּגעשפרונגען, שנעל באַוועגנדיק מיט זיין גאָפּל. אלקימוס האָט די גאַנצע צייט אויף קיין רגע ניט אַראָפּגענומען זיין בליק פון דער נעץ, וועלכע האָט זיך ווי א רויב־פייגל געדרייט איבער זיין קאָפּ. וואָס א מינוט לענגער אלץ איז דער קאַמף געוואָרן היציקער און דער המון איז פארגאַפט געוואָרן פון דער געשיקטקייט פון די קעמפער. טעטראַ־דינוס האָט דאַן א פאָכע געטאָן מיטן גאָפּל, צילנדיק צו טרעפן אלקימוסן אין דער לינקער זייט. דער לעצטער האָט עס אָפּגע־שלאָגן מיט זיין שילד. דאַן אומגעריכט האָט טעטראַדינוס א שליידער געטאָן מיט זיין נעץ. דער וואָרף פון נעץ איז געטאָן געוואָרן מיט אזוי פיל געשיקטקייט, אז דער ריזיקער עולם האָט פון געשפאַנטקייט פארהאַלטן זיין אָטעם. מיט א פלינקן שפרונג פון

## ערב שטורם

א פארפאַלגטער חיה, איז אַלקימוס אָפּגעשפּרונגען און די נעץ איז געפאַלן אין ליידיקן חלל.

א שטורם פון אַפּלאַדיסמענטן האָט אויסגעבראָכן. ס'איז פאר א ווײַלע פארגעסן געוואָרן דער האַס צו די זעלאָטן און צו אַלקי־מוס'ן. מ'האָט גאָר פארגעסן ווער איז ווער. די טאַוולען פון די געוועטן האָבן ווידער גענומען ארומגיין צווישן די רייען. איצט האָבן שוין אייניקע געוואַגט אײַנצושטעלן אויף אַלקימוס'ן.

דער קאַמף איז אָנגעגאנגען ווייטער. טעטראַדינוס האָט אָנ־געגריפן און אַלקימוס האָט זיך פארטיידיקט. די אָנפאַלן זײַנען שוין געווען א סך שוואכער און דערמוטיקט איז אַלקימוס אַליין אריבער אין אָנגריף. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף טעטרא־דינוסן און אים פארוואונדעט אין האנט. דער לעצטער איז אָפּ־געשפרונגען און די האנט וואָס האָט געהאלטן דעם גאָפּל האָט זיך מאכטלאָז אראָפּגעלאָזט. אַלקימוס האָט זיך ווידער א וואָרף געטאָן אויף אים, אָבער אין א רגע האָט די נעץ א שוועב געטאָן אין דער לופטן און פארכאפּט אַלקימוס'עס קאָפּ מיט זײַן לינקער האַנט און שילד. ער האָט געפּרואווט באפרייען זיך מיט דער שווערד, נאָר באַלד איז געקומען א שרעקלעכער שטויס אין ברוסט און ער איז אנידערגעפאַלן א באַגאָסענער מיט בלוט.

דער גאנצער אמפיטעאַטער האָט זיך גענומען טרייסלען פון דער פאטשערײַ און ווילדע קולות.

דער זיגער טעטראַדינוס, אָנבויגנדיק זיך מיט די קני איבער זײַן געפאַלענעם קעגנער, האָט געוואַרט אויף דעם המונ'ס פּסק. אַלקימוס האָט ארומגענומען מיט זײַן בעטנדיקן בליק דעם גאַנצן אמפיטעאַטער ריי נאָך ריי, נאָר קיין רחמנות האָט ער ניט געזען. די ווייניקע וואָס האָבן ארויסגעצייגט באַגייסטערונג ווען ער האָט קונציק זיך ארויסגעדרייט פון טעטראַדינוס'עס נעץ זײַנען איצט געווען שטום. ס'האָט געהערשט א שטילקייט — אַ סימן פון טויט. אַלקימוס האָט דערפילט, אז זײַן לעצטע שעה האָט גע־שלאָגן, נאָר מיט קיין קרעכץ אָדער געבעט האָט ער עס ניט ארויס־געגעבן...

דער עלצטער איז צוגעקומען צו טעטראַדינוסן און אים דער־

לאנגט א קורצע שווערד, ענלעך צו די סיקאַרי־שווערדן. ווידער האָט אלקימוס ארומגענומען דעם עולם מיט זיינע אויגן: אפשר וועט זיך אין דער לעצטער מינוט דערוועקן זייער רחמנות?... די שטילקייט איז געבליבן די זעלבע. דאַן האָט דער שאַרף פון שווערד אין טעטראדינוס׳עס האַנט אַ בליץ געטאָן און זיך אראָפּ־געלאָזט אין אלקימוס׳עס ברוסט. דער אומגליקלעכער האָט זיך א צאַפּל געטאָן און גענומען ציען מיט די פיס. אַ שטראָם פריש בלוט האָט רויט געמאכט די זאמד, און באלד איז אלקימוס גע־בליבן ליגן שטיל.

— „פּעראקטוס עסט!” (פאַרטיק!), — האָבן די דינער אנאָנסירט און אין עטלעכע מינוט איז דער טויטער קערפּער צו־גענומען געוואָרן. דאָס בלוט איז פאַרשאַרט געוואָרן און די ארענע איז געבליבן ליידיק.

די גאַנצע צייט האָט א קליינע גרופּע צוזעער, וועלכע האָט פאַרנומען ערטער ביי דעם ארויסגאַנג פון דער ארענע, געהאלטן זיך רואיק. זיי האָבן מיט וויטיק צוגעזען דעם גאנצן בלוט־גע־פעכט. איצט, אין אַנבליק פון אלקימוס׳עס טויט, זיינען זיי נאָך מער צעבראָכן געוואָרן. זיי האָבן זייער צעבראָכנקייט באהאַלטן. האָבן צוזאמענגעדריקט די הערצער און געבליבן רואיק.

אויף דער ארענע האָט מען ארויסגעלאָזן זעקס גבורים. אלע ספּעציעל אויסגעקליבענע, שיין און אַטלעטיש געבויט, כדי צו־פרידנשטעלן דעם געשמאַק פון עולם. זיי זיינען באוואָפנט געווען מיט שווערדן און שילדן. אויף די קעפּ — העלמס ווי ביי עכט־רוימישע פעכטער. זיי האָבן באַדאַרפט אויספילן דעם פלאַץ פון צוויי רוימישע גלאַדיאַטאָרן, באַרימטע אין געפעכט, וועמען רופוס האָט געהאט בדעה אראָפּצוברענגען אין יהודה. אזוי אָבער ווי דאָס איז פאר אים געווען אומבאַקוועם צוליב די גרויסע אויס־גאבן, האָט ער באשלאָסן אויסצופילן די צווייטע פאַרשטעלונג מיט געפאנגענע אידן, אָבער — אטלעטיש־געקליבענע. זיי האָבן זיך געלאָזט צעטיילן אין פאַרלעך און קעמפן פאר קעגן פאָר. ארויסקומענדיק אויף דער ארענע, זיינען זיי אָבער געבליבן שטיין און ניט גערירט זיך פון אָרט.

## ערב שטורעם

דער המון וואָס איז אויף א ווײַלע שטיל געוואָרן, דער־וואַרטנדיק א רוישיקן קאַמף, האָט גענומען ליאַרעמען. און א שיעור זידל־ווערטער האָבן זיך גענומען שיטן:

— פּגרים פון גליל! וואַרפט זיי ארויס צו די שאַקאַלן!

— קעמפט, איר פײַגלינגען!

עס האָבן זיך דערנעענטערט די מאַסטיגאַפאָרן. זיי האָבן אויפגעהויבן די בײַטשן מיט די בלײַענע עקן און מיט א סווישטש זיי אראָפּגעלאָזן אויף די אידן. און דאַן איז געשען עטוואָס, וואָס מהאָט ניט דערוואַרט.אָנשטאָט אָנהויבן דעם קאַמף צווישן זיך, האָבן די זעקס זיך א וואָרף געטאָן אויף די מאַסטיגאַפאָרן. אין בלויז אײניקע מינוט זײַנען שוין פיר פון די מאַסטיגאַפאָרן געלעגן דורכגעלעכערטע, צעבלוטיקטע אויף דער אַרענע. די איבעריקע זײַנען קוים אַנטלאָפן.

א שרעקלעכער טומל און מהומה האָט אויסגעבראָכן. אַן אויפגערעגטער האָט זיך דער פּראָקוראַטאָר אויפגעהויבן, צוגע־רופן דעם עלצטן פון די פּרעטאָריאַנער און אים עפּעס באַפוילן. באַלד זײַנען אויף דער אַרענע ארויפגעקומען א צענדליק סאָל־דאַטן אין פולער באַוואָפענונג און די אמת'ע בלוטיקע פאַרשטע־לונג האָט זיך אָנגעהויבן. זיי האָבן ארומגערינגלט די אידן. די לעצטע האָבן מוטיק געקעמפט. דער קאַמף, ניט קיין גלײַכער, האָט לאַנג ניט געדויערט. אײנציקווײַז, אײנציקווײַז זײַנען די אידן געפאַלן. אויך דרײַ רוימער זײַנען געפאַלן. אַז דער לעצטער איד איז געפאַלן, האָבן קוים אײניקע אפּלאָדירט. דער המון איז געווען צעטומלט פון דער חוצפה וואָס די אידן האָבן ארויסגעוויזן.

דינער זײַנען ווידער ארויף אויף דער אַרענע און, אוועק־שלעפּנדיק די געפאַלענע אין ספּאָליאַריום, האָבן זיי פאַרקערט די בלוט־פלעקן און באַשאָטן די אַרענע מיט פרישן געלן זאַמד.

איצט האָט זיך ספּאָנטאַן אויפגעהויבן א שטורעם. הייזע־ריקע שטימען האָבן געשריען, פּנים'ער האָבן געפלאַמט, אויגן האָבן געשאָסן מיט פײַער פון האַס:

— לאָזט ארויס דעם לײב מיט שמעון'ען!

## בר־כוכבא

— גיט אוועק דעם טיגער זיין אָנבייסן!

רופוס האָט פריער געהאט באַשלאָסן דורכצופירן פאַרשיידנ־ערליי קאַמפן, און ארויסלאָזן דעם לייב מיט שמעונ'ען צום סאַמע סוף, ביים קלימאַקס. נאָר אַזוי ווי דער המון איז געווען אויפגע־רעגט אויף די זעלנער און געפאָדערט נקמה, האָט ער צוגערופן דעם עלצטן און אים עפּעס געזאָגט אויפן אויער. דער עלצטער איז מיט געמאָסטענע טריט צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער זייט פון דער ארענע און געגעבן אַ צייכן. אַ שמאָלער דורכגאַנג האָט גע־פירט צו די שטייגן פון די חיות. איינע פון די שטייגן האָט זיך געעפנט. די אויגן פון גאַנצן אַמפיטעאַטער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן אויף אַ גרויסן טיגער, אַ געלן מיט שווארצע שטרייפן, וואָס איז מיט פאַרזשמורעטע אויגן ארויסגעלאָפן אויף דער ארע־נע. די באַוועגונגען פון דער חיה האָבן זיך מיטאַמאָל פאַרלאַנג־זאַמט, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן פאַר די טויזנטער אויגן וואָס האָבן זי נאָכגעפאָלגט. מיט געמאָסטענע טריט איז דער טיגער געגאַנגען ארום דער ארענע. ס'האָט אים געררייצט דער ריח פון בלוט וואָס איז געווען אין דער לופט. ער האָט געזוכט מיט זיינע אויגן און געצויגן מיט די נאָזלעכער, באַלעקנדיק זיך מיט דער צונג. דער אַפּעטיט פון דער הונגעריקער חיה איז שוין געווען געננוג אויפגערייצט פון בלוט־גערוך, ווען נאָך אַ טירל האָט זיך אַן עפן געטאָן און דער וואונדערשיינער יונגער זעלנער, חמדם, מיט אַ קליינעם קינזשאַל אין האַנט איז אַזוי ווי ארויסגע־שטופּט געוואָרן אויף דער ארענע. דער טיגער מיט זיינע ווייכע טריט האָט גענומען שפרייזן שנעלער, קוקנדיק פון דער זייט מיט זיינע שמאָלע אויגן. און מיט אַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוגעפּאַלן צו דער ערד, אויפגעשפּרונגען און ארויפגעפאַלן אויף זיין קרבן. חמדם האָט ניט באַוויזן אפילו צו באַנוצן זיך מיט דעם קינזשאַל. ער איז אַנידערגעפאַלן און באַלד האָט זיך דערהערט אַ קנאַקן פון ביינער, אַ שטראָם פריש בלוט האָט אַ שפּריץ גע־טאָן. דאָס האָט נאָך מער צערייצט די הונגעריקע חיה. זי האָט געריסן, געקנאַקט מיט די ציין, דאָ אָפּגעשפּרונגען און דאָ זיך

## ערב שטורעם

ווידער געוואָרפן רייסן און בייסן שטיקער פלייש פון דעם אומ־גליקלעכן זעלאָט.

פון אויבן האָט די גאַלערייע געשלונגען יעדע באַוועגונג פון דער חיה. אז דער אויסגעהונגערטער טיגער האָט ענדלעך גע־שטילט זיין הונגער, האָבן די דינער אוועקגעשלעפט די שירים פון דעם, וואָס מיט בלויז א קליינע ווײַלע צוריק איז עס געווען א מענטשלעך וועזן. דער טיגער איז צוריק ארייננגעטריבן גע־וואָרען אין זיין שטייג.

די ארענע איז אויפסניי באַשאָטן געוואָרן מיט פרישן געלן זאמד. א ווײַלע איז זי געבליבן ליידיק. דאַן האָט זיך די טיר וואו די פאר׳משפט׳ע זיינען געהאלטן געוואָרן, ווידער געעפנט און שמעון איז ארויס.

ער איז א רואיקער, מיט הענט צונויפגעלייגט אויף דער ברוסט, געבליבן שטיין און האָט מיט די אויגן ארומגענומען דעם המון. אויף א רגע האָבן זיינע אויגן אויפגעכאפּט דעם טריאומ־פירנדיקן בליק פון טעלעניוס׳ן. די מוסקולן אויף זיין פנים האָבן א ציטער געטאָן, באלד אָבער האָט ער זיך באהערשט און זיך באַרואיקט.

רופוס האָט אים בכיון ארויסגעלאָזן מיט אייניקע מינוטן פריער, כדי די פאַרזאַמלטע זאָלן אים קענען בעסער באקוקן. אים — דעם שונא פון די רוימער, וועלכער איז א לאנגע צייט געווען דער שרעק פון יעדן רוימער און פון אלץ וואָס איז רוימיש.

דער געמורמל און די ווערטער פון האס, וואָס האָבן זיך דערהערט אין דעם מאָמענט פון זיין ארויסקומען, זיינען מיטאמאָל שטיל געוואָרן. דער המון איז פאַרגאַפט געוואָרן פון זיין שיי־נער פרעכטיקער פיגור, פון דעם שטארק־געבויטן קערפּער. זיינע אויגן וועלכע האָבן געקוקט מיט א פעסטן, שטאָלצן בליק, פונקט ווי זיי וואָלטן געלאכט פון דער געפאַר, וואָס שטייט פאר אים.

— וואָס פאר א מוסקולן! —האָט רופוס ניט־ווילנדיק געזאָגט צו טעלעניוס׳ן. — ביי יופּיטער, וואָס פאר א גוטער גלאַדיאַטאָר עס וואָלט געקענט זיין פון אים! ס׳פאַרדריסט מיר שוין, פאר־וואָס ער וועט קעמפן מיטן לייב. ער וואָלט געווען א בעסערער

קעגנער צו טעטראַדיניוס׳ן ווי אַלקימוס.

דערוויילע זיינען די גראַטעס פון דער שטייג געעפנט געוואָרן און דער לייב איז מיט א שפרונג און מיט א פריידיקן ברום ארויסגעלאָפן אויף דער אַרענע. צום אָנהויב איז ער שנעל גע־לאָפן ארום די ווענט, שאָקלענדיק מיט זיין מעכטיקער גריווע, דערנאָך, דערפילנדיק די אָנוועזנהייט פון זיין קרבן, האָט ער פאר־לאַנגזאמט זיינע שפרונגען און אָנגעשטעלט זיינע אויגן מיט אַן אָפענעם מויל אויף שמעונ׳ען.

דער לעצטער איז געשטאַנען אין זיין פריערדיקער פאָזע. קיין אבער האָט ניט קיין ציטער געטאָן. זיין מוטיקער בליק האָט זיך געמאָסטן מיט דעם בליק פון דעם לייב.

די אויסגעהונגערטע, צערייצטע חיה האָט זיך אָפגעשטעלט. א מאָמענט געבליבן פארגליווערט און דאַן צוגעבויגן זיך מיט די הינטערשטע לאַפּעס, גרייטנדיק זיך א שפרונג צו טאָן אויף שמעונ׳ען. מיטאַמאָל איז געשען עפּעס וואָס האָט צונישט גע־מאַכט דעם גערו́אַנגל צווישן חיה און מענטש. די ערד האָט פלוצלונג א ציטער געטאָן. די ווענט פון צירק האָבן געגעבן א טעמפּן קרעכץ און די בענק האָבן זיך א וויג געטאָן. אַן אימה האָט דורכגענומען דעם צירק, און אָנגעפילט מיט מענטשן. דער לייב האָט אומרואיק אָנגעשפּיצט זיינע אויערן און אַראָפּלאָזנדיק זיין קאָפּ מיט דער גריווע, גענומען ארומשמעקן די ערד. ווידער האָט די ערד א ציטער געטאָן. אין דער וואַנט וואָס האָט אָפּ־געטיילט די אַרענע פון פובליקום האָט זיך געעפנט א ברייטער שפּאַלט. דער לייב האָט ארויסגעלאָזן א שרעקלעכן ברום און אַנשטאָט צו וואַרפן זיך אויף שמעונ׳ען, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אין שפּאַלט פון דער וואַנט, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון די מענטשן.

דער עולם, ארומגעכאַפּט מיט א געהיימער מורא, איז פאר־ציטערט געוואָרן. די אויגן פול מיט שרעק, די פּנים׳ער צע־קרימט, האָבן שטימען זיך צעשריען:

— כישוף! כישוף!

— ער האָט פאר׳כישופ׳ט דעם לייב!

## ערב שטורם

די ערד האָט נאָך אַמאָל געגעבן אַ ציטער. ס׳האָט זיך דער־הערט אַ מורא׳דיקער קראַך. די גאַלערייע אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען דער פּראָסטער המון, האָט געגומען זינקען און דער גאַנצער אַמפיטעאַטער איז מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געיאָמער פון ווילדע מענטשן־חיות. די פאַרשטעלונגען זיינען פאַרגעסן געוואָרן. מיט אַ ווילדן אימפּעט, שטופּנדיק זיך, קעמפנ־דיק און טרעטנדיק אויף די געפאַלענע, האָט זיך דער המון אַ לאָז געטאָן צו די ארויסגאַנגען.

ניט פאַרלאָרן זיך האָט נאָר די קליינע גרופּע פאַרשטעלטע קריגער, וועלכע האָט געזוכט אַ געלעגנהייט ארויסצוראַטעווען זייער פירער. ארויסנעמענדיק די סיקאַרי־שווערדן פון אונטער זייערע מלבושים, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו דער אַרענע דערשטעכנדיק יעדן וואָס איז זיי געווען אין וועג. דערנאָך, אײנ־אײנעם מיט שמעונ׳ען, האָבן זיי זיך דורכגעשניטן אַ וועג צו דער פריי.

אויפן ברייטן סקווער פון צירק־פלאַץ, האָט שמעון דערפילט אײנעמס האַנט.

— יהודה, דו?!

יהודה איז געווען שטרענג:

— איַיל זיך, שמעון! אונזערע פערד זיינען געגרייט, אָט דאָרטן, הינטער דעם ראָג פון געסל.

דורכגיין אַהין איז געווען ניט גרינג. די גאַס אַרום און אַרום איז שוואַרץ געווען פון מענטשן. שמעון האָט דערוואַרט, אַז די רוימער וועלן אים נאָכיאָגן און פרואוון כאַפּן און ער האָט געהאַלטן גרייט זיין שווערד. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט אים צו פאַרהאַלטן. די רוימער זיינען מיט מורא אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט ווי נאָר זיי האָבן אים דערקענט.

די צעטומלטע פאַרקויפער פון נאַשערייען און געטראַנקען, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַן איבעררייס אין צירק, האָבן אומזיסט געזוכט קונים צווישן דעם צערודערטן המון. איין וואָרט איז געווען אויף אַלעמענס ליפּן:

— כישוף! שמעון האָט פאַר׳כישופ׳ט דעם לייב!

— די ערד האָט געציטערט! די ארענע האָט געפּלאַצט! כישוף!

ווידער האָט די לופט אויפגעציטערט. דער דרום־זייט פון צירק האָט מיט א מורא׳דיקן קראַך אַ פאַל געטאָן און באַגראָבן אונטער זיך די יעניקע, וואָס האָבן נאָך ניט געהאט באוויזן ארויס־צוגיין פון אמפיטעאַטער.

אַלע האָבן זיך ווילד געשטויסן. איצט האָבן זיי שוין גע־נומען איינזען, אז דאָס ציטערן פון דער ערד איז ניט קיין רעזול־טאַט פון כישוף.

—העלף אונדז יופּיטער! הייליקע געטער פון רוים, שיקט אייער רעטונג! — האָבן די צעטומלטע, דערשראָקענע געבעטן.

שמעון האָט זיך ווי עס איז דערשלאָגן צום ראָג, וואו איינער איבערגעטאָן ווי אַ רוימישער שקלאַף, איז געשטאַנען מיט א צענדליק פערד. יהודה מיט די איבעריקע זיינען אויך צוגעקו־מען.

יהודה איז געווען אומרואיק. ער האָט געזאָגט:

— שנעלער, שמעון, איייל זיך. מיר וועלן בלייבן דאָ און זען צו פארהאַלטן דעם פּראָקוראַטאָר מיט די לעגיאָנערן וואָס וועלן באַלד אָנהויבן א געיעג נאָך דיר.

נאָר שמעון אליין איז געווען מאָדנע רואיק. ער האָט זיך ארויפגעכאפּט אויף א פערד און געגעבן א באפעל:

— נאָך מיר! פאָראויס!

און ער האָט זיך געלאָזט צום מערב זייט, וואָס איז ביים ברעג ים.

דער פארוואונדערטער יהודה, וואָס איז שטענדיק געוואוינט געווען צו פאָלגן שמעונ׳ען, האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן:

— שמעון! דו גייסט דאָך טיפער אין שטאָט, אָנשטאָט צו אַנטלויפן אין די בערג, — האָט ער געוואָרנט.

— דו פארגעסט, מיין יהודה, די הונדערטער זעלאָטן וואָס שמאַכטן אין דער תפיסה. וועלן מיר זיי דען איבערלאָזן? קע־נען מיר דען געניסן אונדזער פרייהייט ווען זיי דאַרט וואַרטן יעדע מינוט אויפן טויט? מיר מוזן זיי באַפרייען. גאָט׳ס האנט איז

מיט אונדז, זע! — אזוי האָט שמעון געענטפערט און א ווייז גע־טאָן מיט דער האנט.

דאָס בילד, וואָס די חרוב׳ע קיסריה האָט, נאָך דער ערד־ציטער־ניש פאָרגעשטעלט, איז געווען שרעקלעך. כוואַליעס מענשן האָבן זיך אין ווילדער פּאַניק געטראָגן צום ים; פרויען מיט קליינע קינדער אף די הענט; מענער טראָגנדיק פעקלעך זאכן; קאליקעס און קראנקע, געפירט פון זייערע קרובים; די גאַס איז אין אַ סך ערטער אָנ־געוואָרפן געווען פון קופּעס שטיינער און ציגל פון די איינגע־פאלענע געביידעס. אויף איינער פון די חורבות איז געשטאנען א פרוי מיט צעשויבערטע האָר, איר פּנים צעקרימט פון ווייטיק און זי האָט משוגע־ווילד געלאכט. א שניידנדיקער געוויין האָט זיך געטראָגן פון אונטער אן איינגעפאלן שטיבל.

ווייטער איז דער וועג געוואָרן נאָך שווערער. דער געדראנג פון המון איז געווען אזוי שטארק, אז שמעון האָט מורא געהאט דאָס ער וועט זיך ניט ארויסרייסן פון דאָרטן. האָט ער מיט די קריגער זיך פארקערעוועט אָן א זייט. דער חורבן אין די זייטיקע געסלעך איז געווען נאָך בולט׳ער. הייזער האָבן אָנגעהויבן צו ברענען און קיין לעשער זיינען ניט געווען.

ארויסקומענדיק ענדלעך צום פּלאץ לעבן דער תּפיסה, האָט שמעון זיך א ווײַלע פארהאלטן.

אויפן ברייטן פּלאץ זיינען געווען אויסגעשטעלט צוויי רייען צלמים, איינגעגראָבענע אין דער ערד. דאָ האָט רופוס געזאָלט פארוויילן דעם המון נאָך די גלאדיאַטאָר־שפּילן. די זעלאָטן האָבן געזאָלט געקרייציגט ווערן. און די פאקלען צוגעפעסטיקטע צום שפּיץ פון יעדן קרייץ האָבן געזאָלט זיין די אילומינאציע. צווישן די צלמים זיינען געווען אימפּראָוויזירטע טישן און בענק אויף וועלכע דער עולם האָט זיך געזאָלט לאָזן וואוילגיין. מאָדנע! דאָס אלץ איז געבליבן גאנץ.

מיט איין אויגנבליק האָט שמעון באַגריפן די לאגע. ער האָט געגעבן דעם סיגנאַל זיינע חברים זיי זאָלן אים נאָכפאָלגן און אין פולן גאלאָפּ האָבן זיי זיך א לאָז געטאָן אויף דער באוואָפנטער וואַך.

## אברהם פּאָרסייט

די לעצטע, צעטומלטע און פאַרלאָרענע פון דעם וואָס ס׳האָט פּאסירט, האָבן אפילו קיין געהעריקן ווידערשטאנד ניט ארויסגעוויזן. א פּאָר קלעפּ פון שמעונ׳ען — און זיי זיינען זיך צעלאָפן.

— ברעכט די טירן! — האָט שמעון, ניט אַראָפּנידערנדיק פון פערד, געהייסן.

באַלד האָבן די אידן גענומען שטורעמען די טירן מיט גרויסע שטיקער האָלץ. די טירן האָבן זיך מיט א קראַך אונטער־געגעבן. די געפאַנגענע זיינען ארויס אויף דער פריי! אלע האָבן ווילד פון פרייד, ארומגערינגלט שמעונ׳ען.

— געגריסט! זיי געגריסט אונדזער רעטער!

— באפרייער! דערלייזער!

און אייניקע האָבן אין אנטציקונג אויסגערופן:

— משיח! ביסט אונדזער משיח!

דאָס וואָרט „משיח״ איז געבליבן א ווייל ציטערן אין דער לופט און דאַן האָבן אלע שוין מיט פריידיקן עקסטאז אונטער־געכאפּט:

— משיח! משיח! אונדזער משיח!

— יחי המשיח!

מיט א צעשטראלטן בליק האָט שמעון ארומגענומען זיינע חברים־קריגער. וואָס פאר א גליק איז עס צו זיין ווידער איב־איינעם מיט זיי און קעמפן קעגן די רוימער. דער רוף „משיח״ האָט אים אָבער אביסל צעטומלט. אָבער דער עקסטאז איז געווען שטארקער...

און דאַן איז זיין בליק געפאלן אויף א געשטאַלט פון א זיך־דערנעענטערנדיקן הויכן, אלטן מאן מיט א לאנגער ווייסער באָרד. ער איז בלייך געוואָרן, אראָפּ פון פערד און איז געגאנגען אים אנטקעגן.

— רבי עקיבא! רבי עקיבא! — האָבן זיינע ליפּן שטיל גע־מורמלט. — גאָט! גרויסער גאָט פון אברהם! דו האָסט באוויזן דיין האנט צו דיין קנעכט.

שמעון איז צוגעגאנגען צו רבי עקיבא און געבויגן זיין קאָפּ.

# ערב שטורם

עקיבא, וואָס האָט אומזיסט געזוכט איינצוקויפן ביי רופוס׳ן די פרייהייט פאר די קריגער, איז איצט געגאנגען צו דער תפיסה צו שטארקן זיי אין זייערע לעצטע מינוטן פון לעבן. און דאָ האָט ער דערזען און געהערט אלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ביי דער תפיסה. עקיבא האָט דערזען דעם מוטיקן שמעונ׳ען וואָס איז איצט געווען ארומגעכאפט פון פריידיקן באוואוסטזיין פון חבר׳ישער און אייגענער פרייהייט. דאָס לאנג געגארטע וואָרט „משיח״ וואָס האָט ניט לאנג געפלאטערט אין דער לופט האָט אָפגעקלונגען אין עקיבא׳ס הארצן... צוגייענדיק צו שמעונ׳ען האָט ער ארויפגעלייגט זיינע ביידע הענט אויף זיין קאָפּ און גע־פליסטערט: „זיי געבענטשט, מוטיקער זון פון ישראל! זיי גע־בענטשט!

# זיבעצענטער קאַפּיטל

לאַנג, לאַנג שוין נאָכדעם ווי שמעון מיט די גבורים זיינען אַנטרונען געוואָרן פון קיסריה און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די בערג, איז שמעונ׳ס מאַיעסטעטישע געשטאַלט ניט אָפּגעטראָטן פון עקיבאַ׳ס אויגן. אין די אויערן האָט אים אַלץ געקלונגען דאָס הייליקע וואָרט, מיט וועלכן דער באַגייסטערטער המון האָט באַ־קרוינט זיין העלד.

דער כישוף־וואָרט איז אריין טיף אין עקיבאַ׳ס נשמה און האָט אים אָנגעפילט מיט אַ מאָדנער קלעמעניש, וואָס האָט אים רוען ניט געלאָזט.

עקיבאַ האָט געזוכט צו באַנעמען מיט זיין קלאָרן מוח די באַדייטונג פון זיין אינעווייניקסטער אומרו, אָבער ער האָט ניט געקענט.

ער, עקיבאַ, וועמעס מוח ס׳איז אריינגעדרונגען אין יעדן אות פון דער תורה; ער, עקיבאַ, וואָס האָט אויף יעדן פּינטעלע פון דער תורה אָנגעהאַנגען בערג פון דינים און כוונות — ער האָט דאָך ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס די סצענע לעבן דער תפיסה און דאָס וואָרט פון באַגייסטערטן המון האָט אריינגעוואָרפן אין זיין נשמה אַזאַ סודות׳דיקע, אומפאַרשטענדלעכע אומרו...

דאָס צויבער־וואָרט „משיח״ האָט אים ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט זיך געמאַטערט צו פאַרשטיין דעם סוד פון דעם און האָט כסדר געטראַכט פון דעם לעבן פון זיין פאָלק, וואָס האָט געלעכצט נאָך אַ משיח...

די גאַנצע טרויעריקע געשיכטע פון זיין פאָלק פאַר די לעצטע צענדליקע יאָרן וועלכע ער אַליין האָט מיטגעמאַכט, טראָגט זיך פאַרביי אים:

. . . ירושלים — די באַלאַגערטע. אויף די מויערן — דער פאַרצווייפלטער קאַמף. מורא׳דיק קלאַפּן די טאַראַנען. שטיינער געוואָרפענע פון די קאַטאַפּולטן טראָגן זיך פאַרביי מיט אַ פייף און שפּרייטן שרעק און טויט. טויט . . . טויט . . . טויט

## ערב שטורם

שוועבט איבעראל. טויט אין די אויגן פון קינדער און פרויען פארשמאכטע פון הונגער; טויט האָט זיך איינגעקאַרבט מיט טיפע, טונקעלע שניטן אין די פּנים׳ער פון די אויסגעשעפּטע קעמפּער. טויט און טויטע אין די גאסן. די גליקלעכערע ליגן אין די לעכער און גריזשען די לעצטע קערנער פון רויען ווייץ.

. . . דער קליינער עקיבא ליגט אין א קעלער צוזאמען מיט זיין מוטער. ער קען אָבער ניט איינליגן אין זיין באהעלטעניש. אים ציט צו די מויערן, וואו עס ווערט געקעמפּט פאר דער פריי־הייט פון פאָלק. מיט אומגעדולד דערוואַרט ער יעדן טאָג זיין פאָטער׳ס צוריקקער פון די מויער־ווענט. דורשטיק שלינגט ער דעם לעצטנס ווערטער; אָבער די נייעס פון בלוטיקן קאמף זיינען זייער טרויעריקע. זיין גאנץ קינדעריש ווען ווערט אָנגעפילט מיט ווייטיק און אין זיין פאנטאזיע מאָלט ער זיך אליין ווי א העלד, וועלכער וואקסט אויס צו באזיגן די רוימער און נקמה צו נעמען פאר זיין פאָלק. אז מ׳האָט געבראכט זיין פאָטער א פארוואונ־דעטן איז ער, עקיבא, פון אים ניט אָפּגעטראָטן. זיין פאָטער האָט מער ניט גערעדט פון העלדישע טאַטן. דער קעמפערישער פייער פון די זעלאָטן האָט זיך אויסגעלאָשן. עקיבא האָט ניט געקענט פארשטיין די פארענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין פאָטער. עפּעס א טרויער, א טיפער, דריקנדיקער טרויער האָט זיך בא־האלטן אין זיין בליק. טעג גאנצע פלעגט ער שווייגן. אָבער אין דעם שווייגן האָט דער קליינער עקיבאַ געפילט דעם שווערן געראנגל וואָס איז אָנגעגאנגען אין פאָטער׳ס ברוסט...

— עקיבא, — האָט זיין פאָטער מיט א ציטערנדיקער שטימע איינמאָל געזאָגט, ווען ער האָט זיך דערפילט עטוואָס בעסער, — ניט לאנג איז מיר פארבליבן צו לעבן. כ׳האָב אלץ געטאָן פאר מיין פאָלק. געקעמפּט און פארלאָרן. נאָר גרעסער איז דער ווייטיק וואָס ניט מיטן ריכטיקן וועג זיינען מיר, ווי עס שיינט, געגאנגען. דו, מיין קינד, אז דו וועסט גרויס ווערן, העלף דו געפינען דעם וועג צו געווינען פאר אונדזער פאָלק דאָס, וואָס ער האָט פארלאָרן אין קאמף מיט רוים . . .

אין עטלעכע טעג ארום, ווען דער פאָטער האָט זיך דערפילט

שטארקער, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פון מויער און געוואַלט דורכ׳גנב׳ענען זיך צווישן די רוימער. א פּאָר טעג צייט האָט מען פון אים גאָרניט געהערט און אויפן דריטן טאָג האָט דער קליינער עקיבא דערקענט זיין פאָטער׳ס קערפּער צווישן די הונדערטער געקרייציגטע הינטערן מויער...

עקיבא איז געבליבן אליין. אז ער איז אויסגעוואַקסן האָבן אים זיין פאָטער׳ס לעצטע ווערטער ניט אָפּגעלאָזן. יאָרן לאַנג האָט זיך אים געדאכט אַז ער האָט דעם וועג געפונען. איצט ווידער מאטערן אים ספיקות:

— קען דאָס קליינע, צעשפּליטערטע ישראל, צעוואָרפן און צעזייט, ביי ימ׳ען און לענדער, קען ישראל, פאַרוואָרפן אין אַלער־ליי ווינקעלעך פון דער ערד, וואָס זיינען ווי קליינע אינדזלען אין דעם שטורעמדיקן ים פון ארום, — קען ישראל ביישטיין?

דעם ענטפער האָט ער, עקיבא, שוין לאַנג געגעבן און צוליב דעם האָט ער געבויט א צוים נאָך א צוים, א גדר אויף א גדר ארום דעם אידישן לעבן. זיין ענטפער איז געווען: אָפּצוימען־זיך און אָפּ־זונדערן־זיך ווי אן אינדזל, וועמעס ברעגן עס זאָלן זיין הויך באַ־פעסטיקט און פאַר׳גדר׳ט קעגן די ברויזנדיקע כוואַליעס פון ארום. און דאָך צווייפלט ער איצט, עקיבא, אין דעם אויסגעקליבענעם וועג. ווייל איינער נאָכן אנדערן גייען פאַרביי אים פאַרביי גוטע, ליבע זין פון פאָלק ישראל, וועלכע ווערן דאָך, טראָץ אַלע צוימען, ביסלעכווייז אוועקגעשווענקט מיטן שטראָם. עקיבא׳ס געדאנקען טראָגן זיך אריבער צו דעם ארומיקן לעבן אין יהודה. אויך דאָ, אין יהודה, מישן זיך ליכטיקע מיט שאָטנדיקע זייטן פון לעבן. א סך שאָטן. פון איין זייט א קליינער שיכט פון געלערנטע, וועלכע זיצן און שמידן די געזעצן פון דער תורה. אַ סך פון זיי פאַרמעגלעכע, וואָס פילן קוים אויף זייערע אייגענע פּלייצעס דעם רוימישן יאָך, און פון דער צווייטער זייט,—אַ פאַראָרימטע ערד, א באַארבעטנדיקע מאסע, וועלכע לעבט מיט שווערע טאָג־טעגלעכע דאגות, קומט אין טעגלעכן קאָנפליקט מיט מאכט־האָבנדיקע רוי־מער, מיט די בלוט־זויגער, מיט די אידישע שטייער־מאָנער. אָט־די פּויערים, צעטראָטענע, באַליידיקטע, שטיצן אין געהיים די קרי־

## ערב שטורם

גער אין זייער פּרואוו צו געווינען די פאַרלאָרענע פרייהייט. וואָס א טאָג מערט זיך די צאָל פון רואינירטע פויערים און וואָס ווייטער אלץ גרעסער וואקסט די מחנה פון די גבורים אין די בערג און עס מערן זיך די רויבערייען און אָנפאַלן אויף די וועגן. קאמף געמישט מיט רויבעריי...

צווישן די אויבערשטע שיכטן פון די געלערטע און דער אָרי־מער פויערים־מאַסע — א טיפער תהום. די אויבערשטע קוקן מיט פאַראַכטונג אויף די עמי־הארצים און די לעצטע ענטפערן זיי מיט האס.

און פאר עקיבא׳ן, דעם גדר־בויער, לייכט עס אויף:

— נאָר א פרייע יהודה וועט קענען ווערן דער אויפהאַלט פאר די צעזייטע צווייגן פון שטאַם ישראל.

און ווידער האָט זיך זיין געדאנק אָנגעשטויסן אָן דער אומ־פארגעסלעכער געשטאַלט פון שמעונ׳ען. דריי טעג איז עקיבא געזעסן פארשפּארט און ניט ארויסגעגאנגען צו זיינע תלמידים, מיט וועלכע די שטאָט איז פול געווען. דערנאָך האָט ער גע־שיקט רופן צו זיך זיינע געטרייע צוויי תלמידים עזריה׳ן און גמליאל׳ן. די לעצטע האָבן געפונען זייער רבי׳ן גרייט אין וועג און זיי זיינען אים, אָן פראַגן, נאָכגעגאַנגען.

עקיבא האָט אויסגעמיטן באזעצטע ישובים. ער איז געגאנגען צו די בערג פון יהודה. צום סוף פון טאָג, נאָך א שווערן קלעטערן אויף די פעלזיקע בערג־שטעגן, האָט ר׳ עקיבא זיך דערנעענטערט צו שמעונ׳ס באהעלטעניש־פּלאַץ.

צוויי באוואָפנטע וועכטער האָבן זיי אָפּגעשטעלט:

— ווער גייט? ווער זייט איר?

עקיבא און זיינע תלמידים זיינען שטיין געבליבן. איינער פון די וועכטער האָט עקיבא׳ן דערקענט און זיך טיף פארנויגט:

— זייט געגריסט, גרויסער לערער פון ישראל. זאָל איך איבערגעבן שמעונ׳ען וועגן אייער קומען?

אָבער איבערגעבן שמעונ׳ען איז שוין ניט נויטיק געווען.

שמעון איז אַליין אָנגעקומען. ער איז געגאנגען דורכקוקן די פּאָסטנס און איז גראָד אָנגעקומען צו באגעגענען עקיבא׳ן. ער האָט אויסגערופן:

— זיי געגריסט, גרויסער לערער פון ישראל. אונדזער אָרים געצעלט זאָל זיין דיין געצעלט און אונדזער ברויט — דיין ברויט.

שמעון האָט אויפגעהויבן זיין האנט אזוי ווי מכניס אורח צו זיין די געסט אין זיין ממשלה פון די בערג...

עקיבא מיט די צוויי תּלמידים זיינען געגאנגען מיט שמעונ׳ען צווישן די אָנגעהויקערטע קרומע בערג און געוואָרפן נייגעריקע בליקן ארום. אַלץ האָט דאָ אויסגעזען ווי א באוואָפנטער לאגער. אומעטום זיינען מענטשן געווען פארנומען ביי פארשיידענע אר־בעטן. אין א שטיין־קוזניע האָט געקלאפּט א האמער און א בריאַזג פון אייזן האָט אים יעדן מאָל אָפּגעענטפערט; פון אן אנדער זייט האָבן זיך געטראָגן טעמפּע קלעפּ פון א גראָב־אייזן; דאָס האָבן די קריגער געבויערט די קאַלכיקע שטיינערנע ווענט, און אין די בערג געמאכט געהיימע היילן צו באהאלטן דאָס גע־ווער. אין א ווינקל האָט עקיבא׳ס בליק זיך פארהאלטן ביי א שוסטער וואָס האָט אויף זיינע קני פארריכט א פּאָר סאנדאלן. און גאָר אָן א זייט איז א גרופּע געווען פארנומען אין געפעכט־איבונגען.

גייענדיק ווייטער האָבן זיי זיך פארנומען מיט א שמאָלן שטעגל צווישן הויכע פעלזיקע ווענט און אז זיי זיינען עס דורכ־געגאנגען, זיינען עקיבא און זיינע תּלמידים געבליבן שטיין אין פארוואונדערונג: דער העכסטער פּונקט פון בארג — א ברייטער פּלאטאָ — איז געווען ארומגעצאמט מיט א גראָבער שטיינערנער וואַנט. אין די זייטן פון די ווענט — טורעמס מיט לעכער פאר די פייל־שיסער. ס׳האָט אויסגעזען ווי אין דער טיפעניש פון די בערג האָט זיך באהאלטן א פעסטונג.

— האָסט דאָס אַלץ איצט אויסגעבויט? — האָט עקיבא דערשטוינט געפרעגט.

— כ׳האָב געמוזט דאָס אויפבויען צו באשיצן זיך קעגן א פּלוצימדיקן אָנפאַל, — האָט שמעון געענטפערט.

## ערב שטורם

עקיבא האָט זיינע אויגן ניט אראָפּגענומען פון שמעונ׳ען. זיין ריזיק קרעפטיקע געשטאַלט האָט גוואַלטיק צוגעצויגן. ס׳האָט געאָטעמט פון אים מיט מוט און זיכערקייט. דער בליק זיינער — א בליק פון אן אָדלער באַזעלט מיט גלויבן אין דער גערעכטי־קייט פון דער זאַך.

הינטער דער מויער־וואַנט האָט עקיבא דערזען אזוי ווי א גאַנצע שטאָט מיט געצעלטן.

שמעון האָט אריינגעפירט זיינע מיטגייער אין איינעם פון זיי, וואָס איז געווען גערעמער. דאָס געצעלט — כמעט ליידיק. אין ווינקל, אביסל שטרוי און אן אלטער בגד, וואָס האָט קענטיק גע־דינט אלס א צודעק ביינאַכט. און אין מיטן געצעלט — א טישל מיט א בענקל.

שמעון האָט זיי געבעטן זיך זעצן. דער אלטער עקיבא האָט אַ מידער זיך אראָפּגעלאָזט אויפן בענקל. זיינע תלמידים און שמעון זיינען אָבער געבליבן שטיין.

עקיבא האָט אָנגעהויבן:

— כ׳בין געקומען זען דיך, שמעון, צוליב דער באַפרייאונג פון ישראל.

— זייט איר, רבי, פאַר אונדזער זאַך, אָדער קעגן?

— קעגן וואָס? — האָט עקיבא געפרעגט.

— קעגן אונדזער קאַמף פאַר פרייהייט!

האָט עקיבא ארויסגערעדט:

— באַפרייען זיך פון רוים?! דאָס איז דאָך וואָס מיין הארץ טרוימט סיי טאָג, סיי נאַכט. איז דאָס אָבער מעגלעך צו דער־גרייכן פאַרן קליינעם שוואַכן ישראל?

און שמעון האָט מיט א געשטאַלט קול געזאָגט:

— ניט פון זיך אליין טראַכט, גרויסער לערער. אין קאַמף פאַר פרייהייט וועלן מיר ניט בלייבן איינזאַם. די גאַנצע וועלט, א צוגעשטיקטע פון רוים, לעכצט נאָך באַפרייאונג. מיר וועלן געבן דעם ערשטן שטויס און די צעפוילטע, פון גזילה געבויטע רוים, וועט זיך צעפאַלן, אָט אזוי ווי א רויבער־אָדלער־נעסט אויף א שפּיץ פעלדז, ווען עס צעשפּילט זיך אין די בערג דער סאַמום!

— וועט אָבער זיין גענוג דיין שטויס, שמעון?

— פאַרנעם, אָ, גרויסער לערער, די וויי־געשרייען פון די פעלקער, וואָס שמאַכטן אונטער רוימ׳ס יאָך. אין מזרח קעמפן די פּאַרטיאַנער. אין צפון — די ווילדע שבטים פון דונאַי. אויף מערב הערן זיך אומרועןביי די גאַלן. און דאָ אין יהודה! זע, וויפיל הונדערטער און טויזנטער מוזן זיך אויסבאַהאַלטן אין די בערג. זייערע היימען — חרוב, און אין די הערצער א ברענענ־דיקער דורשט נאָך נקמה. פון דער גאַנצער וועלט קלייבן זיך כמאַרעס. און אז דער שטורעם וועט אויסברעכן, מוז רוים צע־שמעטערט ווערן. וואָס פאַר א קראַפט קען אָפּהאַלטן דעם שטורעם? וואָס פאַר א קראַפט קען דען אויסלעשן די שנאה פון די זעלאָטן?!

מיט די לעצטע ווערטער האָט שמעון אָנגערירט דעם ווייטיק־סטן אָרט אין עקיבא׳ס הארצן. וואָס קען טאַקע אָפּהאַלטן די שנאה פון די אידן צו רוים? ער, עקיבא, האָט דאָך פּרובירט די שנאה איינשטילן און בארויקן די געמיטער. צוליב דעם איז ער דאָך געפאָרן קיין סירענאַיקע, ציפּרוס און אלעקסאַנדריע. און דאָך איז אים ניט געלונגען אָפּצוהאַלטן זיי פון א מרידה קעגן רוים. ער האָט דאָס ניט געקענט פאַרשטיין, ווייל די אידן האָט זיך דאַרטן געלעבט ניט שלעכט. איז זיי דען ניט קלאָר געווען, אז ארומגערינגלט מיט א פיינטלעכער באַפעלקערונג און מעכטיקע רוימישע לעגיאָנען, מוזן זיי פאַרלירן? וואָס קען פאַרמיידן דעם שטורם וואָס רוקט זיך אויף יהודה? אויב אָבער דער שטורם איז יע אומפאַרמיידלעך, דאַן מוז אַלץ געטאָן ווערן, אז דאָס מאָל זאָל דער אויפשטאַנד זיין גוט צוגעגרייט און יהודה זאָל געווינען איר פרייהייט.

רבי עקיבא איז געזעסן און געטראַכט, געטראַכט. שמעון האָט אויף אים א קוק געטאָן און געזאָגט:

— אויב דאָס איז ניט גענוג, האָט מיין הארץ פאַרנומען גאָט׳ס וואָרט...

א דערשטוינטער האָט עקיבא זיך א הויב געטאָן און א זאָג געטאָן:

— לעסטער ניט דעם גרויסן גאָט פון אונדזערע אבות, צו

## ערב שטורם

זאָגן אז דו האָסט גערעדט מיט אים!

שמעון האָט גערעדט מיט א שטיל קול:

— ניט מיט מיין מויל, נאָר מיטן הארץ באנומען...

דאָ האָט שמעון האלב צוגעמאכט די אויגן און גענומען ריידן ווי אין אַ טראַנס:

— יונג האָב איך מיין היים פארלאָרן און בין פון די רוימער פאר'משפט געוואָרן צו שטארבן אין צירק. נאָר די האנט פון גאָט האָט מיך געפירט און איך בין פריי געוואָרן. כ'האָב גע־שוואָרען מיין פרייהייט צו ווידמען צו גאָט און צו מיין פאָלק. אז איך בין ווידער אריינגעפאלן אין די הענט פון די רוימער, האָב איך געפרעגט: גאָט! איז דאָס דיין ווילן? האָסטו צוליב דעם מיך ארויסגענומען פון צירק אין רוים, אז איך זאָל ענדיקן מיין לעבן אין צירק פון קיסריה? פון אָנהויב בין איך אריינגעפאלן אין א שטאַרקן יאוש און טעג גאנצע פלעג איך אָפליגן ווי א געליימטער, אָן אַ ריר אפילו פון געדאנק. און דאן האָט זיך פון טיפע טיפענישן אויפגעהויבן מיין גלויבן אין גאָט פון אונדזערע אבות און מיין גאנצע זעלע האָט זיך געווענדט צו אים. טאָג און נאכט האָט מיין נשמה געברענט אין תפילה: גאָט! ווייז א צייכן.

— ס'האָט אָנגעהויבן צו גרויען אין דער תפיסה דורך דעם איינציקן קליינעם פענצטערל. א שווערקייט האָט פארמאכט מיינע אויגן און מיין גוף איז איינגעזונקען אין א שלאָף. א געדיכטע, דיקע פינצטערקייט האָט געדריקט מיין נשמה, נאָר באַלד האָב איך דערפילט ווי די פינצטערקייט ווערט שיטערער. פאסן ליכט האָבן זיך גענומען דורכרייסן און אלץ ארום מיר איז אָנגעפילט גע־וואָרען מיט שאָטנס, שאָטנס פון מענטשן. קיין פנים'ער האָב איך פון אָנהויב ניט געזען, נאָר באלד האָב איך גענומען דערקענען: דאָס זיינען דאָך די אלטע העלדישע זעלאָטן. און זייער צאָל איז געוואקסן און האָט אָנגעפילט די בערג. אין אלעמענס בליק איז געווען איין זאך: א באגער נאָך פרייהייט. און איך האָב גענומען אין האנט דעם שווערד און אויסשטרעקנדיק מיין האנט פאַראויס, געזאָגט: קומט! לאָמיר גיין! און די גאנצע מחנה, ווי איין מענטש,

איז נאָכגעגאנגען, און מיר זיינען געקומען קיין ירושלים. און אז דאָס פאָלק האָט דערזען די חורבות, האָט א געוויין דורכגעבראָכן דורך זייערע הערצער. און איך האָב געזאָגט:

— ברידער! ניט קיין צייט צו וויינען, נאָר אַ צייט פון מעשים!

און דאָן זיינען מיר אריין אין שטאָט און צעשטערט די טעמפלען פון די געצנדינער און מיר האָבן זיך דערנעענטערט צום בארג, וואו דער הייליקער בית־המקדש איז געשטאנען, און אלץ ארום איז געווען טויט־שטיל. מיט אמאָל האָבן די שטיינער פון די חורבות זיך גענומען רירן, זיך פאנאנדערגערוקט זיך, און א געשטאלט פון אן אלטן מאן אין ווייסן איז צו מיר צוגעקומען. איך האָב געקניט און ער האָט זיינע הענט אויף מיין קאָפּ ארויפגעלייגט און מיך געבענטשט...

— כ׳האָב זיך אויפגעכאפּט. מיין גאנצער קערפּער האָט געציטערט און איז געווען דורכגעווייקט מיט קאלטן שווייס, אָבער א רואיקער בין איך אין צירק געגאנגען צום לייב. און דאן — — — און דאן — — — דער וואונדער! דער גרויסער נס! די ערד האָט פּלוצלונג אויפגעציטערט! רבי, אָ, ווי שטארק גאָט׳ס וואונדער איז געווען קעגן אונדזער שונא!

— קיסריה, די ממשלה פון רוים האָט ער דערנידערט. די צייט איז נאָענט ווען ירושלים וועט ווידער דערהויבן ווערן. כ׳האָב געשוואָרן: ניט קיין איין טאָג, ניט קיין איין רגע וועל איך פארלירן אין קאמף מיטן שונא. די שעה האָט געשלאָגן. גאָט׳ס צייכן איז געגעבן געוואָרן.

און שמעון האָט פארענדיקט:

— ווי א באשטעטיקונג פון גאָט׳ס צייכן האָב איך דעם זעלבן טאָג געטראָפן דיך, אָ, גרויסער לערער, דו ביזט דאָך געווען די געשטאלט וואָס כ׳האָב געזען אין חלום. דיין האנט האָט בארירט מיין קאָפּ און מיך געבענטשט!

שמעון איז געבליבן שטיל.

עקיבא, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסן א פארגאפטער, האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעגאנגען צו שמעונ׳ען. ער האָט זיי־

## ערב שטורם

נע אלטע הענט ארויפגעלייגט אויף שמעונ׳ס קאָפּ און מיט א ציטערדיקער שטימע געזאָגט:

— זיי געבענטשט זון פון יהודה. אויף דיר איז עס גע־זאָגט געוואָרן: דרך כוכב מיעקב. דו ביזט דער שטערן וואָס וועט אויפגיין פון יעקב׳ס שטאַם און צעשמעטערן די חיילות פון אדום. זאָל זיין געשטארקט דיין האנט!

און אראָפּנעמענדיק זיינע הענט פון שמעונ׳ס קאָפּ, האָט רבי עקיבא אָנגענומען שמעונ׳ס הענט און זיי הייס געדריקט.

די הונדערטער זעלאָטן וואָס האָבן זיך דערווייל ארומגעקליבן ארוםביידל האָבן מיט עקסטאַז געשריען:

— יחי בר כוכבא!

— אונדזער פירער!

— אונדזער נקמה־נעמער!

— אונדזער באפרייער!

— אונדזער משיח!

— יחי המשיח!

# אכצנטער קאַפּיטל

אויף מאָרגן, גאַנץ פרי, האָבן עקיבא און זיינע תלמידים פאַרלאָזן שמעונ׳ען און זיין מחנה, און זיי האָבן זיך געלאָזט צוריק אין לאַנד.

רבי עקיבא׳ס פּנים איז געווען לויטער, ווי דער לויטערער, יונגער פרימאָרגן אין די יהודה־בערג. די טיפע קנייטשן־קאַרבן אויפן שטערן זיינען מילדער געוואָרן. די טונקל־ברוינע אויגן האָבן איצט געגלאַנצט מיט א מאָדנעם יוגנטלעכן גלי. ער האָט געטראָטן מיט א מונטערן, שנעלן טראָט, גאָרניט נאָך זיינע יאָרן נאָך. זיינע תלמידים, עזריה און גמליאל, האָבן אים קוים נאָכגעהאלטן.

עזריה האָט אין פאַרוואונדערונג געפרעגט:

— דער רבי איילט זיך ערגעץ־וואוּ?

— יע, מיין עזריה! אזוי פיל ארבעט איז איצט פאַראַן, און די צייט פון מיין לעבן — אזוי קורץ. כ׳בין שוין אַלט. נאָר איך האָף און איך בעט ביי גאָט, דער וואָס האָט מיר געגעבן כחות איבערצוטראָגן די אַלע ענויים פון די רוימער, אז ער זאָל מיר געבן כחות און יאָרן צו דערלעבן דעם נצחון פון בר־כוכבא׳ן איבער די רוימער! אָבער דאָס וועט ניט קומען אזוי גרינג. דו, עזריה און דו גמליאל, איר וועט ארומפאָרן איבערן לאַנד. איר וועט גיין אויפמונטערן דאָס פאָלק, און איך וועל זיך לאָזן אין די שכנישע לענדער, צונויפזאמלען געלט, צוגרייטן געווער און אָנגרייטן א סך שפּייז, וואָרום דער פאַרמעסט וועט זיין א גרויסער, און דער נסיון — א שווערער.

מען איז ווייטער געגאַנגען.

אויפן וועג האָבן עקיבא און זיינע תלמידים זיך אָפּגעשטעלט אין א שטעטל. אין טויער פון שטעטל זיינען זיי באלד דערקענט געוואָרן און אַלע האָבן זיך צוזאמענגעקליבן אויפן מארק־פּלאַץ אויפצונעמען די געסט — צו זען און צו הערן...

די געשעענישן אין קיסריה און דאָס אנטרינען פון די אידן

## ערב שטורם

פון פראָקוראַטאָר׳ס הענט האָבן ארויסגערופן א טיפע אויפרודערונג איבער גאנץ יהודה. פארשיידענע קלאנגען האָבן זיך געטראָגן. אלע זיינען נייגעריק געווען צו הערן א וואָרט פון רבי עקיבא׳ן.

עזריה, זיין פּנים איצט בלייכער ווי אלעמאָל, די אויגן צע־צונדן פון אינעווייניקסטן גלי, האָט גערעדט:

— טרייסט זיך, טרייסט זיך, איר זין פון יהודה. דער טאָג פון גאולה איז נאָענט. ער קומט, ער קומט דער טאָג, ווען גאָט וועט איבערגעבן דעם שונא פון פאָלק ישראל אין אייערע הענט, ווייל פארפילט איז געוואָרן די מאָס פון אייער פיין. גאָט האָט געשטאַרקט די הענט פון דעם אויסדערוויילטן, דעם אויסלייזער, וואָס אויף אים האָבן די נביאים געזאָגט: „א שטערן וועט אויפ־שטיין פון יעקב׳ס שטאַם” און ער וועט צעשטערן די מלוכה פון אדום. און ער איז געקומען, דער זון פון בית־דוד. דער צייכן איז געגעבן געוואָרן. ס׳קומט איצט די צייט ווען ירושלים וועט דער־הויבן ווערן! קיסריה, די שטאָט פון געצנדינער, האָט ער מיט דער ערד אויסגעגלייכט.

פארגאפט און אַנטציקט האָט זיך דער עולם צוגעהערט צו די משיח׳ישע רייד. די פארשטומטע האָפענונגען און אונטער־דריקטע פארלאנגען, וואָס האָבן געצאַנקט אין יעדן אידנ׳ס נשמה, האָבן זיך איצט צעגלייט. די פּנימ׳ער האָבן זיך צעלויכטן. די אויגן האָבן געברענט. די הענט האָבן זיך געשטאָלט.

— יחי בר־כוכבא!

— זאָל לאנג לעבן אונדזער אויסלייזער!

די געשרייען האָבן זיך לאנג געטראָגן. די נייעס איז שנעל אריבער איבער גאנץ יהודה, האָט אויפגעשטורעמט די געמיטער, האָט געשטארקט און געהויבן דעם גלויבן, אז די גאולה וועט באלד, באלד קומען. פון אומעטום האָט די יוגנט זיך געצויגן צו בר־כוכבא׳ן און זיך געשטעלט אין די רייען פון זיינע קעמפער.

---

די שמאָלע געסלעך פון בני־ברק זיינען פול געווען מיט מענ־טשן, וואָס זיינען זיך צוזאמענגעפאָרן פון גאנץ יהודה און פון ווייטע לענדער, וואָס האָבן געהאט אידישע ישובים.

## בר־כוכבא

אויפן מאַרק־פּלאַץ, לעבן טויער פון שטאָט, איז געשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון רייטער, אויף גוטע אַראַבישע פערד. די פּנים'ער פון די רייטער זיינען געווען טונקל־ברוינע, פון זון פאַרברענט. הויכע, שלאַנקע, האָבן זיי מיט זייער בויגיקייט און פלינקן רייטן אַרויסגערופן אַלעמענס באַוואונדערונג. דאָס זיינען געווען די רייטער פון תימן, וואָס זיינען געקומען העלפן בר־כוכבא'ן.

אביסל ווייטער האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד די פיילן־שיסער, וואָס זיינען אָנגעקומען פון פּרת און בבל. אויסגע־קליבענע, איינס אין איינס, זיינען זיי פאַרשטעלטערהייט, אין פּראָסטע בגדים, געקומען אין יהודה. דאָ האָבן זיי זיך אויסגע־פּוצט אין שוואַרצע קורצע טוניקס מיט הויכע באַראַשקענע היט־לען אויף זייערע קעפּ.

דאָ און דאָרטן האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן יונגע אידן, אָנגעטאָן אין טוניקס מיט קורצע אַרבל. דאָס זיינען געווען אידן פון רוים, וואָס האָבן דאָרטן געלערנט זיך די מלחמה־קונסט. איצט זיינען זיי אויך געקומען אין יהודה צו קעמפן אונטער בר־כוכבא'ן.

ס'איז געווען עפּעס מער ווי אַ יאָר זינט עקיבא האָט באַ־געגנט בר־כוכבא'ן. עקיבא איז אַרומגעפאָרן איבער די לענדער פון פּרת, אַראַביען און רוים. אומעטום האָט ער געוועקט דעם גלויבן, אַז עס נענטערט זיך די צייט ווען גאָט וועט אויסלייזן זיין פאָלק ישראל...

פון אומעטום, וואו ס'זיינען נאָר געווען אידישע ישובים, האָט מען געשיקט געזאַמלטע געלט און שפּייז. אָפּטיילונגען פון זעלנער פלעגן טאָג־טעגלעך דורכגיין בני־ברק און דערנאָך אין די בערג פון יהודה, צו בר־כוכבא'ן.

אָבער איצט איז דער געדראַנג געווען נאָך גרעסער. ס'זיינען געקומען די קעגנער פון אויפשטאַנד: יוחנן בן תורתא, אליעזר המודעי און יוסי בן קסמא. היינט האָט געזאָלט פאָרקומען א וויכוח אין גרויסן בית־המדרש. דער עולם איז גע־ווען אויפגערעגט. אין די שמאָלע געסלעך איז געווען ענג, ניט דורכצוגיין. ס'איז געווען געזוג אז א פּאָר מענטשן זאָלן זיך

## ערב שטורם

אָפּשטעלן ריידן און צענדליקער נייגעריקע פלעגן זיך באלד ארומ־קלייבן און אריינגעצויגן ווערן אין דעם וויכוח. מ׳האָט זיך גע־היצט, געבראַכט ראיות אז ס׳איז משיח׳ס צייט. דער שטאַרקסטער באַווייז איז געווען: רבי עקיבא אליין אנערקענט דאָך בר־כוכבא׳ן אלס דעם משיח פון פאָלק ישראל!

אָוונט איז צוגעפאַלן. דער עולם האָט זיך גענומען צונויפ־זאַמלען אין שול. די אַלטע גרויסע שול אין בני־ברק — א ני־דעריקער בנין, געבויט פון ניט געטשעסעטן שטיין, — איז באַלד פול געוואָרן מיט מענטשן.

נאָך מעריב איז שטיל געוואָרן. אָבער אין דער שטילקייט האָט זיך געפילט אַן אָנגעשטרענגטע דערוואַרטונג. אַלעמענס בליקן זיינען געווענדט געווען צו רבי עקיבא׳ן. נאָר ער איז עפּעס גאָר געווען פאַרטיפט אין דורכקוקן אַלטע מגילות... אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש וואו ס׳זיינען גע־זעסן רבי אליעזר פון מודעי און יוסי בן קסמא.

— פרידן צו אייך, — האָט עקיבא געזאָגט. — ס׳ווערט שפּעט און איך בעט אייך אָפּקערן אין מיין הויז. שטאַרקט אייער האַרץ. רוט זיך אויס, און מאָרגן וועלן מיר ריידן.

— ניטאָ קיין צייט צו זאַמען דאָ, — האָט אליעזר פון מודעין געזאָגט, — דער גייסט פון מרידה פאַרשפּרייט זיך ווי א בראַנד־פייער. ס׳איז די פליכט פון די עלטערע אין פאָלק, וואָס האָבן מיט זייערע אויגן געזען דעם חורבן־ירושלים, צו וואָרענען פאַר א נייעם חורבן. און אויך דיך, עקיבא, וויל איך וואָרענען, אַז אומגליק ברענגט דיין האַפּערדיק פרעדיקן פאַר דעם נייעם משיח. ניט צום אויפשטאַנד דאַרף מען רופן, נאָר פאַרקערט, איינהאַלטן און איינצוימען דאָס פאָלק.

די קאַרבן אויף עקיבא׳ס שטערן זיינען טיפער געוואָרן. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן און גיך איבערגעלאָפן פון אליעזר׳ן אויף די איבעריקע, ווי עקיבא וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן צי אויך די אנדערע טראַכטן אַזוי. דערנאָך האָט ער אויפגערעגט געזאָגט:

— אָפּהאַלטן! איינצוימען! יאָרן לאַנג האָבן מיר אַלץ גע־

האלטן אין צוימען און בארואיקן דאָס פאָלק. אָבער מיט זייער אכזריות האָבן די רוימער דערפירט צו דעם, אז פאָלק׳ס ליידן שטייגן אריבער יעדע צוים. דער גייסט פון די גבורים, וואָס נעמען נקמה פאר די אכזריות, שוועבט איבעראל. דער גייסט פון קאמף פאר פרייהייט, דער קאמף קעגן אומרעכט, האָט אויפ־געוואכט. ווער וועט אים קענען איינצוימען? ווער? ווער וועט קענען אָפּהאלטן? האָבן מיר דען ניט געזוכט צו בארואיקן די אידן אין אלעקסאנדריע, סירענאַיקע, ציפּרוס? איז דאָס אונדז געלונגען? און אויב דער אויפשטאנד איז אומפארמיידלעך אויך דאָ אין יהודה, דאן מוזן מיר זען צוגרייטן דעם פאָלק אזוי, אז ווען עס וועט אויסברעכן דער אויפשטאנד, זאָל עס זיין מעכטיק, און זאָל פארניכטן די רוימער. און, איז עס דען אָן אונדז גע־ווענדט? גאָט אליין האָט אויסגעקליבן פאר אונדז א פירער, צו צעשטערן די ממשלה פון אדום.

— וויי! וויי איז צום פאָלק, וויי איז צו אונדז אלעמען, ווע דו, עקיבא, רעדסט אזוי! אמת׳דיק זאָג איך דיר, רבי עקיבא, אז גראָז וועט וואקסן אויף דיינע באקן און משיח וועט נאָך אלץ ניט זיין געקומען, — האָט יוחנן בן תורתא, א טיף־אויפגערודער־טער, געזאָגט.

האָט עקיבאַ געענטפערט:

— יע, אונדזער אויסלייזער איז ער. ניט איינמאָל האָט זיין שטארקע האַנט גענומען נקמה פאר דאָס פארגאָסענע אידישע בלוט. א זון פון דוד׳ס שטאַם איז ער, און ווי דניאל איז ער געווען אין גרוב פון די לייבן, און איז ניט פארצערט געוואָרן! ער איז דאָך פון צירק׳ס לייבן־נעסט געראטעוועט געוואָרן דורך א נס.

האָט אליעזר געזאָגט:

— וויי, וויי צו אונדז, עקיבא, וואָס אָנשטאָט צו גיין אין די דרכים פון יהושע בן חנניה, פירסטו אונדז צו א נייעם חורבן. נאָר איך ווער ריידן אין די אויערן פון פאָלק און ער וועט מיך פארשטיין. און דאָס פאָלק וועט זיך ניט לאָזן אויף די בלוטיקע וועגן פון מלחמה און חורבן.

## ערב שטורם

אַן אויפגערעגטער האָט אליעזר זיך דאַן געווענדט צו דעם פאַר־זאַמלטן עולם:

— זין פון יהודה! ווידער קלייבן זיך שטורעם־וואָלקנס אויף אונדזער הימל. א מאַן האָט זיך באַוויזן פול מיט גבורה און פול מיט חוצפה. ער רופט אייך צום קאַמף קעגן רוים; ער זאָגט אייך צו פרייהייט. איז, הערן זאָלט איר הערן, און וויסן, זאָלט איר וויסן, אַז ניט פרייהייט, נאָר אומגליק און טויט וועט ער אייך ברענגען. צו שטאַרק איז רוים, און צו שוואַך איז ישראל, אַז מיר זאָל קענען האָפן אויף נצחון. דערווייל מוזן מיר ליידן און וואַרטן. אונדזער שטאַרקייט איז אין אונדזערע ליידן, אונדזער פרייהייט — איז אין אונדזערע האָפענונגען. דער טאָג פון אונדזער גאולה וועט שפּעטער קומען. און ביז דאַן, זין פון יהודה, שטאַרקט זיך אין גלויבן פון אונדזער גאָט, טראָגט געדולדיק אַלץ אַריבער. איילט ניט די גאולה, איידער זי איז פון גאָט געגרייט...

א ווײַלע איז די שטילקייט געבליבן הענגען. דערנאָך איז געוואָרן א מורמלערײַ וואָס איז אַריבער אין א דונערדיקן אויס־ברוך:

— ליידן! ליידן! אַלץ ליידן! ווי לאַנג? ווי לאַנג?

— גענוג געליטן! גענוג!

און אייניקע, ווילד־געוואָרענע, האָבן גענומען שרייען:

— ער איז מיט זיי, מיט די שטייער־מאָנער, מיט די בלוט־צאַפּערס! אליעזר איז מיט זיי!

— מיט די רוימער!

און א געשריי איז אַריבער איבער אַלעמענס קעפּ:

— יחי, בר־כוכבא!

און דער עולם, ווילד פון באַגייסטערונג, האָט גערופן:

— יחי עם ישראל! יחי בר־כוכבא, אונדזער אויסלייזער!

א דערשלאָגענער און צעבראָכענער איז אליעזר אַוועק פון בני־ברק. אַזוי אויך די אַנדערע קעגנער פון אויפשטאַנד.

אליעזר, דער עלצטער איז געגאַנגען א צעווייטיקטער. ער איז געגאַנגען דורך בליענדיקע פעלדער און געטראַכט:

— „אָט־די פעלדער וועלן באַלד ליגן וויסט און ליער". ער

האָט געזען פאסטוכער טרייבן די בהמות צום ברונען און ער האָט געטראכט: „אָט דאָס אַלץ וועט פארלענדט ווערן"; ער איז דורכ־געגאנגען אידישע ישובים פול מיט לעבן און געטראכט: — „אָט די שטעט וועלן חרוב ווערן און פון די הייזער וועלן בלייבן קופּעס אַש און הרודעס שטיינער"; האָט אליעזר געוואָלט זעצן זיך אויף דער ערד אין מיטן פעלד, אָנטאָן זיך א זאק מיט אש און וויינען אויפן חורבן וואָס רוקט זיך אויף זיין פאָלק און לאנד.

נאָר אליעזר האָט זיינע מידע פיס ניט אָפּגעשטעלט. מיט אַלע כחות האָט ער זיך געיאָגט אהיים. ערגעץ, טיף אין אים, האָט נאָך געצאנקט א האָפענונג. ער וועט ריידן צו זיין טאָכטער.זי, נאָר זי אַליין, קען נאָך ווירקן אויף בר־כוכבא'ן און אָפּשטעלן די בראַנד.

ער איז אָנגעקומען אין מודעין פאַרנאכט־צו. די בני־עיר וואָס האָבן אים באגעגנט האָבן זיך מיט אים געגריסט און אויס־געמיטן זיינע בליקן. ער האָט דאָס ניט געקענט פארשטיין, נאָר ווען ער איז דערגאנגען צו זיין נחלה איז אים אַלץ קלאָר געוואָרן. דער חורבן וואָס האָט אים אזוי געשראָקן, האָט זיך שוין אָנגעה־הויבן פון זיין אייגענעם הויז. דער אַלטער דינער זיינער, זרכי, איז געזעסן אין דרויסן פון זיין נחלה. א רוימער איז געשטאנען און קיינעם ניט אריינגעלאָזן.

— וואָס איז געשען? — האָט אליעזר קוים ארויסגערעדט.

— וואו איז דינה?

דער אַלטער זרכי האָט זיך צעוויינט ווי א פארוואונדעטע חיה.

אליעזר האָט זיך מאכטלאָז אראָפּגעלאָזן לעבן אים. זיינע בלאַסע ליפּן האָבן קוים איין וואָרט ארויסגעפּליסטערט:

— גאָט!

# נײנצנטער קאַפּיטל

I

— וואָס האָט פּאַסירט? פאַרוואָס האָבן די רוימער צוגענומען דינה׳ן?

אָט ווי דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען:

דער פרימאָרגן פון דעם זעלבן טאָג, ווען אליעזר האָט זיך אומגעקערט צוריק אהיים און געפונען זײן הויז חרוב, האָט זיך אין מודעין געהאָט אָנגעהויבן פרידלעך און רואיק ווי אַלעמאָל.

ס׳איז נאָך געווען זײער פרי, ווען דער פּאַסטוך איז ארויס אין דרויסן. די זון האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצוטריקענען דעם טוי פון די דעכער, פון די ביימער און גראָזן. די זון־שטראַלן האָבן שעמעוודיק זיך געוועקט פון דעם מזרח... די נאַכט איז נאָך אינ־גאַנצן ניט באַזיגט געוואָרן און דאָ און דאָרטן, אין די גריבער און אין דער געדיכטקייט פון די ביימער, האָבן זיך געטוליעט טונקעלע נעפּלען.

די שטויביקע געסלעך זײנען געווען פריש מיט טוי. דער פּאַס־טוך איז מונטער געגאַנגען און מיט זײן פייפל געוועקט די מענטשן צו דער ארבעט.

די מענטשן האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזן בעטן. אײנציקווײז האָבן טירלעך פון הויפן זיך געעפנט און ארויסגעלאָזן קי, ציגן, שעפסן אין טשערעדע ארײן.

דער פּאַסטוך האָט רואיק און געמיטלעך געטאָן זײן ארבעט. געטריבן די טשערעדע אויף פּאַשע ניט ווײט פון מודעין. דרײ הינט זײנען געלאָפן ביי די זײטן, אים געהאָלפן פירן די טשערעדע.

מיטאַמאָל זײנען די הינט זיך פארגאַנגען אין א שטאַרקער בילערײ. דער פּאַסטוך האָט זיך שנעל געלאָזן אהין, וואו די הינט האָבן אָנגעזאָגט וועגן עפּעס א געפאַר.

ניט ווײט פון ברײטן וועג, דאָרטן וואו ס׳הויבט זיך אָן אַ שמאָלער טראָט־וועג צו נעדאָכאָ׳ס נחלה, איז א מענטש געלעגן מיט אַ מעסער אין רוקן. דער פּאַסטוך האָט זיך איבערגעבויגן איבער דעם געפאַלענעם און האָט אים באַלד דערקענט. דאָס איז

געווען ער אליין, דער כותי נעדאָכאָ. דער מעסער איז געשטאַנען טיף אין רוקן. ארום איז נאָך געווען פריש, ניט פאַרגליווערט בלוט.

אַ דערשראָקענער פון דעם וואָס ער זעט איצט פאַר זיך, איז דער פאסטוך געבליבן שטיין ווי געליימט. ער האָט איבערגעלאָזט די טשערעדע אויף גאָט׳ס באַראָט און זיך געלאָזן לויפן קיין מודעין.

די נייעס וועגן נעדאָכאָ׳ס טויט האָט זיך אראָפּגעלאָזן ווי א פינצטערע כמאַרע. די איינוואוינער האָבן זיך אָנגעשטויסן וועמעס ארבעט דאָס איז. האָט מען דאָך געוואוסט, אז דער כותי איז א רוימישער שפּיאָן. אָבער ווער ווייס וועמען די רוימער וועלן באַשטראָפן. מען איז געווען צערודערט און צעשראָקן.

פאַרנאַכט איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג פון רוימער. אָנשטאָט צו נעמען אויספרעגן די איינוואוינער און אויסגעפינען די אמת׳ע שולדיקע, איז די אָפּטיילונג גלייך אַוועק צו אליעזר׳ס הויז.

דער עלצטער האָט געהייסן ארומרינגלען דאָס הויז. אליין האָט ער גענומען צוויי סאָלדאַטן און איז אריין אינעווייניק.

דער אַלטער דינער, זרכי, האָט אים באַגעגנט.

— פיר מיך צו דיין האַר! — האָט דער עלצטער באַפוילן.

— מיין האַר איז ניטאָ אין דערהיים. בלויז די יונגע ווירטין איז דאָ.

— פיר מיך צו איר!

דינה איז געווען אויף דער מעקה פארטאָן אין וועב־ארבעט. דערהערנדיק טריט איז זי אויפגעשטאַנען.

דער עלצטער איז ארויפגעקומען מיט רוגזה. ווען ער האָט אָבער באַגעגנט דינה׳ס פאַרוואונדערטן בליק, איז ער אביסל צעטומלט געוואָרן, געבליבן שטיין. דערנאָך, נאָכן מנהג פון מזרח, האָט ער זיך פארבויגן:

— איך האָב א באַפעל פון פּראָקוראַטאָר, רופוס, צו ברענגען דיך און דיין פאָטער קיין קיסריה. איך מוז טאָן מיין פליכט.

דינה איז בלייך געוואָרן.

— איר זייט געקומען צו פאַרנעמען מיך?

## ערב שטורם

— איך מוז טאָן, וואָס מ׳פאַראָרדנט מיר.

— ווער איך דען אין עפּעס באַשולדיקט?

— נעדאָכאָ, דער טרייער דינער פון די רוימער, איז דער־מאָרדעט געוואָרן און די האַרין איז געווען פאַרבונדן מיט זיינע אָנגרייפער. איבעריקנס, בין איך בלויז אַ סאָלדאַט און מוז אויס־פילן אַ באַפעל. מאכט זיך גרייט. קומט!

דינה האָט מער ניט געפרעגט און ניט גערעדט. אויס טראָ־ציקייט האָט זי זיך דוקא ניט געאיילט. דער רוימישער עלצטער האָט שוין גענומען ווערן אומרואיק. ער האָט אָפט געקוקט ווי הויך די זון שטייט נאָך אין הימל, און אומגעדולדיק נאָכגעפאָלגט דינה׳ס באַוועגונגען, אזוי ווי ער וואָלט מורא געהאט, אז זי וועט מאכן אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן פון אים.

ענדלעך איז דינה ארויסגעקומען מיט א קליין פּעקל זאכן, איינגעבונדן אין א פאַרביקער טוך. זי האָט רואיק א קוק געטאָן אויף דעם אלטן צעשראָקענעם זרכי, וועלכער איז געשטאנען און געציטערט, האָט זיך פאַרהאַלטן א ווײַלע, געוואָרפן א געזעגן־בליק צו אלץ ארום. איר בלייך פּנים איז נאָך בלייכער געוואָרן. אין האַרצן האָט זיך ביי איר עפּעס ווי אָפּגעריסן. זי האָט דער־פילט אז די היימישע נעסט, וואו זי האָט פארבראכט איר גאנץ לעבן, וואו זי האָט געוועבט אירע שענסטע חלומות, ווערט צע־שטערט. אירע ליפּן האָבן א ציטער געטאָן און א יאָמער האָט דורכגענומען איר גאנץ וועזן. אָבער דאָס האָט געדויערט ניט לאַנג. זי האָט זיך געצוואונגען צו זיין שטארק. איז שטיל גע־בליבן. דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן מיט טראָץ און שטאָלץ איר קאָפּ צום רוימער:

— איך בין גרייט!

זיי האָבן זי ארויפגעזעצט אויף אן אייזל, וועלכן זיי האָבן גענומען פון אליעזר׳ס שטאַל, צוגעבונדן דעם אייזל צו איינעם פון די פערד און זיך געלאָזן אין וועג.

דער עלצטער האָט שנעל געטריבן זיין פערד און דער אייזל האָט מיט מאַטערניש קוים נאָכגעהאלטן.

דערווייל האָט זיך די זון איינגאנצן באהאלטן הינטער די בערג

און די נאַכט האָט זיך גענומען אראָפּלאָזן. דער עלצטער פון די רוימער איז געוואָרן אומרואיק. פאַרדעכטיק און פאַררעטעריש האָבן אים אויסגעקוקט די שווארצע סילועטן פון די בערג. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, צוגעהערט זיך צו דער אַרומיקער שטילקייט פון דער נאַכט און אָנגעשטרענגט געקוקט אין דער פינצטערניש אריין.

ענדלעך האָט ער אויסגעקליבן א פּלאַץ, וואָס איז געווען מער אָפן און מער געזיכערט קעגן א פּלוצימדיקן אָנפאַל. ער האָט גע־געבן א באַפעל אָפּצושטעלן זיך.

די רוימער זיינען אראָפּ פון די פערד. איינער פון זיי האָט געהאָלפן דינה'ן אַראָפּקריכן פון אייזל. זיי האָבן די פערד ניט אויסגעשפּאנט פון די זאָטלען, נאָר בלויז אראָפּגענומען די מויל־צאַמען. אָ וואַך פון צוויי סאָלדאַטן איז אוועקגעשטעלט געוואָרן און די רוימער האָבן זיך פאַרגרייט אויף נאכטלעגער. די סאָל־דאַטן האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. דינה האָט אָן א זייט אוועקגעלייגט איר פּעקל זאַכן צוקאָפּנס און האָט פּרובירט איינשטילן איר אויפגעברויזטן געמיט און איינדרעמלען.

אינגיכן איז די גאנצע גרופּע איינגעשלאָפן. די שטומע נאכט האָט איינגעשלונגען דאָס שנאָרכן פון די מידע סאָלדאטן און ניט ארויסגעגעבן קיין שאָרך פון די אידישע קריגער, וואָס האָבן אונ־טער דעם צודעק פון פינצטערניש ארומגערינגלט די רוימער.

א איד האָט זיך גענומען גנב'ענען נאָענט צו איינעם פון די וועכטער. ער האָט א שפּרונג געטאָן מיט א מעסער אין האנט און אין דעם צווייטן אויגנבליק האָט א געשריי דורכגעריסן די נאכט־טויטקייט. דער סאָלדאט האָט זיך געקאָרטשעט אויף דער ערד און איז אָפּגעגאנגען מיט בלוט. באַלד האָט אַלץ מיט שרעק אויפגעוואכט. א האנט־צו־האַנט שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אין דער פינצטערניש פון דער נאכט.

דינה, וועלכע איז ניט לאנג צוריק געווען איינגעשלאָפן אין א שווערן אומרואיקן שלאָף, האָט זיך מיט שרעק אויפגעכאפּט. א ווײַלע האָט זי פאַרשטאַרט געקוקט אין דער פינצטערניש, ניט קע־נענדיק באַגרייפן די געשרייען, דעם בריאַזג פון געווער און דאָס

## ערב שטורם

קרעכצן פון די פארוואונדעטע. דער קאמף, א פארצווייפלטער און פארביטערטער, האָט זיך געשטאַרקט. דער אָנפאַל איז געווען אזוי פלוצימדיק, אז איידער די רוימער האָבן זיך ארומגעקוקט אין דער פינצטערניש, זיינען שוין א סך פון זיי געלעגן טויט. אָבער דער עלצטער פון די רוימער האָט זיך מוטיק געשלאָגן און דער־מיט דערמוטיקט אויך די אנדערע רוימער. פון זיינע טרעפלעכע קלעפּ איז שוין איין איד געלעגן א דערשטאָכענער אויף דער ערד און מיט א צווייטן האָט ער זיך איצט פאַרמאָסטן. מיט אן אימפעט האָט זיך דער אידישער גבור געוואָרפן אויפן שונא. דער רוימער האָט אין חושך אָפּגעשלאָגן זיין אָנגריף מיט געשיקטע קלעפּ. א ווײַלע האָט דאָס אויסגעזען ווי דער רוימער האָט אין דעם אידן געפונען א גלייכן קעגנער. נאָר מיטאמאָל האָט דער רוי־מער פלינק א שפרונג געטאָן און אין איין אויגנבליק מיטן שווערד דורכגעשטאָכן דעם זעלאָט׳ס ברוסט. דער איד איז געפאלן ווארפנדיק זיך אין ווייטיקן. באלד אָבער האָט דער רוימער זיך דערזען ארומגערינגלט פון אידן־קריגער פון אלע זייטן און זיין האָ־פענונגלאָזער קאמף האָט זיך ווידער צעשפילט.א שווער־פארוואונדע טער אין עטלעכע ערטער פון זיין קערפּער, איז ער ענדלעך גע־פאלן...

די נאַכט איז ווידער שטום געוואָרן. דינה איז ארומגעגאנ־גען פון איין פארוואונדעטן צום צווייטן. זי האָט דערהערט ווי א שוואַכע שטימע רופט זי ביים נאָמען. זי איז צו דעם געפאלענעם צוגעגאנגען.

— יהודה! מוטיקער יהודה, דאָס ביזטו? — האָט זי דער־קענט דעם קריגער, וואָס האָט זיך ניט לאנג געשלאָגן מיטן עלצטן.

— דאָס בין איך, דינה.

זי האָט מיט פיבערדיקע פינגער אָפּגעשפּילעט זיין בגד און געזוכט צו פארבינדן די וואונדן אין זיין ברוסט, פון וואנען בלוט האָט געשטראָמט. יהודה האָט ניט אויפגעהערט צו קרעכצן. דינה האָט געזען ווי זיינע כחות ווערן שוואכער.

— ליג רואיק, יהודה. דו מוזט און דו וועסט געזונט ווערן.

ער האָט טרויעריק א קוק געטאָן אויף איר און אין זיינע

אויגן איז שוין געשטאנען — טויט. מיט די לעצטע כחות האָט ער זיך אָנגעשטרענגט און זיינע ציטערנדיקע פינגער האָבן אָנגענומען דינה׳ן ביי אַ האַנט.

— דינה! — האָט ער קוים געזאָגט, — און דאָס וואָרט איז פול געווען מיט געבעט.

זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים.

ער האָט געשעפּטשעט:

— איידער איך פאַרמאַך די אויגן און גיי אוועק אין רו פון די אבות, זאָג מיר צו, אז דו וועסט טאָן וואָס איך וועל דיך בעטן.

— איך וועל, איך וועל, יהודה. אָבער דו וועסט נאָך ווידער געזונט ווערן און ווידער זיין אין די רייען פון די קעמפער.

ער האָט ניט געענטפערט. א ווייַלע איז ער געלעגן באוועג־לאָז, מיט זיין בליק געווענדט צו די פינקלדיקע שטערן, אזוי ווי פארזונקען אין די לעצטע מחשבות. זיין טרויעריקע געשטאַלט האָט געצוקט. ער האָט געמאכט אן אָנשטרענגונג, זיך אויפגעהויבן אויף א האנט. ער האָט שווער און אָפט געאָטעמט. מיט די לעצ־טע כחות האָט ער גערעדט:

— אין דאָרף זרכינה בלייבן מיינע צוויי קינדער. זאָג מיר צו, אז . . . אז דו . . .

ער איז מיטאמאָל אָפּגעפאלן. זיין שטים האָט זיך אָפּגעע־האַקט. פון האַלדז האָט זיך ארויסגעריסן א כאָרכל. די אויגן זיינען פאַרגאַנגען הינטער די האַלב פארמאכטע וויעס.

דינה איז צוגעפאלן. האָט אָנגענומען זיין האנט און גערופן:

— יהודה! יהודה!

נאָר ער האָט שוין מער קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. בלויז דאָס כאָרכלען איז ארויסגעקומען. ער האָט א שטארקן צי געטאָן די לופט, ארויסגעלאָזט א לאנגזאמען לעצטן כאָרכל און איז גע־בליבן שטיל.

דינה האָט זיך יאָמערלעך צעוויינט. דערנאָך איז זי געבליבן זיצן פאַרשטאַרט, פארשטעלנדיק איר פנים מיט די הענט. אין די אויערן זיינען איר געשטאנען יהודה׳ס לעצטע ווערטער. זי האָט דערפילט ווי עמיצער האָט לייכט באַרירט איר פלייצע.

— זיי גרייט, דינה, — האָט געזאָגט א זעלאָט. זיין שטימע איז געווען געלאַסן, ווי פון א מענטשן, וואָס איז געוואוינט צו זען דעם טויט אָפּט פאר די אויגן, — מיר מוזן זיך איילן אין די בערג, צו שמעון׳ען. אויך דו, קום מיט אונדז, ווייל אין ערגעץ וועסטו ניט געפינען קיין רו, א חוץ אין די בערג.

זי האָט געהערט זיינע ווערטער, נאָר געדאכט האָט זיך איר, אז עפּעס הערט זי א זאַך, וואָס גייט איר ניט אָן. אין אירע אויערן האָבן נאָך אַלץ געקלונגען יהודה׳ס לעצטע ווערטער. וואָס דאַרף זי איצט טאָן?...

— די נאכט הייבט אָן צו בלייכן, — האָט ווידער דערמאָנט דער זעלביקער.

דינה איז מעכאניש אויפגעשטאנען. די קריגער האָבן זי גע־האָלפן זיך אויפזעצן אויף א פערד. זיי האָבן פארנומען דעם אייזל און זיך געלאָזן אין וועג, צו בר־כוכבא׳ן.

אַ שטראַלנדיקער האָט שמעון באַגעגנט דינה׳ן. זי איז צו־געפאַלן צו זיין ברוסט און געבליבן צוגעקלעפּט צו אים. שטילע טרערן זיינען גערונען פון אירע אויגן. זי האָט זיך געפילט אזוי גליקלעך, אזוי זיכער לעבן אים. ער האָט אָנגענומען אירע הענט, און טיף אריינגעקוקט איר אין די אויגן. ער האָט דאָרטן געוואָלט זען און פילן די זעלבע פרייד, וואָס האָט איצט געזונגען אין יעדן גליד זיינעם. זי האָט געפּרואווט א שמייכל טאָן דורך טרערן.

— וואָס איז מיט דיר, דינה?

זי האָט אים ניט געענטפערט, נאָר איר בליק איז נאָך טרויע־ריקער געוואָרן.

— פארוואָס שווייגסטו, דינה?

— אָ, שמעון! די לעצטע נאכט . . . יהודה׳ס טויט!

האָט שמעון ארויסגערעדט:

— דער גורל פון א קעמפער...

זי האָט שטיל ווידערהאָלט זיינע ווערטער: „דער גורל פון א קעמפער".

שמעון האָט געזאָגט:

— ס׳איז גוט וואָס דו ביזט איצט דאָ, דינה. כ׳וועל שיקן

א שטאָפּעט צו דיין פאָטער און אָנזאָגן אים, אז דו ביזט געראַטע־וועט געוואָרן. איצט מוזן מיר געפינען א זיכערן ווינקל פאר דיר, דינה. וואָרום טעג קומען אָן... ס׳דערנעענטערט זיך דער טאָג פון אונדזער לעצטער שלאַכט מיט רוים. אלץ איז גרייט. דאָס פאָלק האָט אויפגעוואכט, רבי עקיבא איז מיט אונדז און היינט־מאָרגן וועט גאַנץ יהודה פארוואנדלט ווערן אין אַ שלאַכטפעלד. און דו, דינה... כ׳האָב געוואָלט דו זאָלסט זיך ערגעץ־וואו אויסבאהאלטן, ביז וואַנען דער שטורעם וועט אריבער.

— אָ, ניין, שמעון טייערער. איך וועל טיילן דעם גורל פון אַלע קעמפער.

— ס׳איז א בלוטיקער קאמף, דינה. א קאמף פון שווערד און פייער. און דו... וואָס קענסטו העלפן?...

— זאָג דאָס ניט, שמעון טייערער! אויב איך קען ניט דינען מיין פאָלק ווי דבורה אָדער יהודית, וועל איך אים דינען מיט מיין הארץ. אויף די שלאַכטפעלדער וועל איך גיין. די ליפּן פון די פארשמאַכטע קעמפער וועל איך אויפפרישן מיט היילנדיקן וואסער; די וואונדן פון די פארוואונדעטע וועל איך וואשן און פארבינדן, און היילן. צו די מוטערס, וואָס האָבן זייערע קינדער געשיקט קעמפן פאר פרייהייט, וועל איך אוועקטראָגן דעם לעצטן קוש פון זייערע שטאַרבנדיקע זין און טרייסטן זיי אין זייער אומגליק. און די יתומים . . .

דינה׳ס קול האָט אָנגעהויבן צו ציטערן און פאר איר איז ווי־דער געשטאַנען די געשטאַלט פון יהודה. ס׳האָט אין אירע אויערן געקלונגען זיין ניט־דערזאָגטער פאַרלאַנג. אירע ליפּן האָבן גע־מורמלט: — צו די יתומים וועל איך פּרוּאוון זיין א מוטער און א פאָטער. און אזוי, מיין שמעון — פארן פאָלק! דו מיטן שווערד און איך...

ער האָט זי שטארקער צוגעצויגן און צוגעדריקט צו זיך און זיינע הייסע ליפּן האָבן מיט א קוש איינגעשלונגען אירע ווערטער. אזוי זיינען זיי געשטאַנען. ביידע — איין גוף, איין נשמה.

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל

אין בר־כּוכבא׳ס לאַגער האָט דער טאָג זיך אָנגעהויבן זייער פרי. נאָך איז דער לעצטער שטערן ניט פאַרבלאַסט געוואָרן אין הימל, און שוין איז דער חיל געוועקט געוואָרן פון שלאָף.

אין גרויען פרימאָרגן האָבן פון אַלערליי שפּאַלטן און ווינקלען; הײלן און ביידלעך גענומען ארויסקריכן טונקעלע סילועטן פון מענטשן. אויף שנעל זיך געוואַשן אין טוי פון די ביימער, און געשטעלט זיך תּפילה טאָן.

דערנאָך האָבן זיך אַלע גענומען צו דער ארבעט. יעדער האָט עפּעס געטאָן. די בערג זיינען באַלד פאַרהילכט געוואָרן מיט דעם געבריאַזג פון האַמער איבער דער קאָוואַדלע. מער פון אַלץ האָט מען פון פרי ביז שפּעט געשמידט און געגרייט געווער.

פונדערוויטנס האָבן זיך געטראָגן טעמפּע קלעפּ פון בויער־אייזן, מיט וועלכן מען האָט טונעלן געבויערט. אין די בערג פון יהודה זיינען געווען לאַנגע שמאָלע קייטן פון בערג, מיט טיפע טאָלן פון ביידע זייטן. אויבן אויפן רוקן פון די בערג האָבן זיך די אידן שטארק באַפעסטיקט. די טונעלן אונטן האָבן געגעבן די קריגער א מעגלעכקייט דורכצוגיין אומבאַמערקט פון איין זייט באַרג צום צווייטן. די אריינגאַנגען אין די טונעלן זיינען געווען פאַרשטעלט פאַרן זייטיקן אויג. נאָר די אידן, וועלכע האָבן גוט געקענט די אומגעגנט און יעדעס ווינקעלע, און געוואוסט יעדן קער פון די בערג, — זיי האָבן גוט געזען און געקענט יעדן טונעל־אריינגאַנג.

בר־כּוכבא האָט אויך אָנגעהויבן זיין טעטיקייט זייער פרי. צום ערשטן פלעגט ער אויפנעמען די שלוחים פון לאַנד. פון גאַנץ יהודה פלעגן זיי דורך דער נאַכט אָנקומען צו געוויסע פּונקטן. פון דאָרטן פלעגן די וועכטער זיי דורך געהיימע וועגן ברענגען צו בר־כּוכבא׳ן. יעדעס מאָל, ביי אזא באַגעגעניש מיט די שלוחים, פלעגט בר־כּוכבא פילן א שטארקן צופלוס פון כּחות און פלעגט דערשפּירן מער זיכערקייט אין זיך, אזוי ווי די שלוחים וואָלטן געווען וואָרצ־

לען וואָס פאַרבינדן אים מיטן לאַנד. און די שלוחים, דערפילנדיק אין זיך בר־כוכבא׳ס זיכערקייט, זעענדיק די פיבערדיקע טעטיקייט אין לאַגער, די אַלע צוגרייטונגען, — פלעגן בר־כוכבא׳ס שטאַר־קייט צעטראָגן איבערן לאַנד.

פאַרטיק געוואָרן מיט די שלוחים פלעגט בר־כוכבא ארומגיין איבערן לאַגער. אומעטום האָט זיין אויפמערקזאַמע אויג אריינגע־קוקט און אומעטום אונטער זיין השגחה האָט די ארבעט ממש געברענט...

פאַרבייגייענדיק דינה׳סביידל, האָט בר־כוכבא זי געטראָפן ווי זי איז געשטאַנען אין ארויסגאַנג מיט איר פעקל אין האַנט.

— פרידן צו דיר, דינה!

— און אויך צו דיר, שמעון!

א פרייד האָט זיך צעזונגען אין זיין האַרץ און זיינע אויגן האָבן זיך צעליכטיקט.

— אזוי פרי, דינה? איז דיין רו געווען געשטערט? אָדער דיין געלעגער אומבאַקוועם?

— ניין, שמעון! ס׳האָט זיך אמת ניט געשלאָפן, אָבער ניט צוליב דעם געלעגער. כ׳האָב געטראַכט פון מיין פליכט, וואָס כ׳מוז אָנהויבן טאָן...

— און?...

— און כ׳מוז דיך באַלד פאַרלאָזן.

— פאַרלאָזן? — ער האָט זי אָנגעקוקט מיט ניט־גלויבן, ווי זי וואָלט געשפּאַסט.

אָבער דינה איז געווען ערנסט. ער האָט געלאָזן ארויסגענו־מען דאָס פעקל פון איר האַנט, אוועקגעלייגט עס אויף דער ערד, און אָננעמענדיק זי ביי די הענט, האָט ער זי צוגעצויגן צו זיך. ער האָט זי א קוש געטאָן אין שטערן, ווי מ׳קושט א קליין שטיפעריש קינד.

— פאַרוואָס פאַרלאָזן, דינה? וואָס צווינגט דיך דען? דאָ אין די בערג ביזטו זיכער. אין לאַנד לויערן שוין אויף דיר רוימ׳ס שפּיאָנען.

— כ׳וועל זיך היטן פון די רוימער און אונדזערע ברידער

וועלן דאָך מיך ניט ארויסגעבן.

— ס'איז זייער ריזיקאַליש, דינה.

— סיי־ווי, רוימ'ס האַנט שרעקט מיך ניט, שמעון טייערער! א מעכטיקערע האַנט פיל איך פירט מיך — די האַנט פון אונדזער גאָט! איך בעט, פאַרהאַלט מיך ניט. איך מוז...

— אָבער אזוי שנעל, דינה? וואַרט אָפּ עטלעכע טעג. עמוס דארף אָנקומען... וואָס איז מיט אמאָל אַזאַ מוז?...

זי האָט אים אריינגעקוקט אין די אויגן, געזען ווי אַן אומ־רואיקייט צאַפּלט דאָרטן, און צודריקנדיק איר קאָפּ צו זיין ברוסט איז זי געבליבן שטיין פאַרטייעט. ס'איז איר געווען אזוי גוט און ווארעם צו שטיין אָט אזוי. נאָר באַלד האָט ווידער פון דער טיף אויפגעטויכט אַ געפיל פון מאָנונג. זי האָט געמאכט אַן אָנשטרענגונג און זיך אָפּגעריסן פון שמעונ'ען. ער האָט זי אָבער ניט ארויסגעלאָזט. זיינע אויגן האָבן נאָך אַלץ געפרעגט: „וואָס איז אזא מוז?"

— כ'האָב פארגעסן צו דערציילן דיר, שמעון. יהודה, שטאַר־בענדיק, האָט מיר געבעטן אויפצופאסן אויף זיינע יתומים אין דארף זרכניה. היינט ביינאכט האָב איך געהערט ווי זיי רופן מיך. כ'האָב געזען ווי זייערע אויסגעהונגערטע דאַרע הענטעלעך זיינען אויסגעשטרעקט צו מיר. קינדערשע הייליקע טרערן זיינען פון זייערע אויגן געפאַלן; קען איך בלייבן דאָ?

אַ באַוואָפנטער באַרג־היטער האָט זיך דערנעענטערט:

— כ'מוז דיך זען, בר־כוכבא.

שמעון האָט אָפּגעלאָזן דינה'ס הענט און איז צוגעגאנגען צו אים.

— וואָס איז געשען, מלכי? דערצייל!

— אַ פרוי איז געקומען צו אונדזער פאָרפּאָסט און זי באַ־שטייט, זי מוז זען דעם עלצטן. זי זאָגט אז זי האָט וויכטיקע נייעס איבערצוגעבן.

— אַ פרוי? אַ אידישע?

— ניין. זי טראָגט די קליידער פון א רוימישער שקלאַפין.

— וואו איז זי? ברענג זי אַהער!

## בר־כוכבא

דער וועכטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן פּייף און באַלד האָט אַן אַנדער וועכטער צוגעפירט אַ פרוי מיט פאַרבונדענע אויגן. די פרוי האָט קוים געשלעפּט אירע פיס פון מידקייט.

— בינדט אָפּ אירע אויגן! — האָט בר־כוכבא באַפוילן.

דער וועכטער האָט אַראָפּגענומען דעם באַנד פון די אויגן. די בליקן פון דער פרוי און דינה׳ס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און ביידע האָבן גלייכצייטיק אויסגעשריען:

— לידיאַ!

— דינה!

די פרוי האָט געזאָגט:

— כ׳בין אַנטלאָפן פון מיינע פייניקער.

— אָבער, ביי גאָט פון די אבות, דו ביזט אַזוי מיד און אויסגעשעפּט. קום אַריין אין ביידל, וואַש אָפּ דעם שטויב פון זיך און דערהאַלט דיין הארץ.

— ניין, דינה. ניטאָ קיין צייט אויף דעם.

און ווענדנדיק זיך צו בר־כוכבאַ׳ן האָט לידיאַ געזאָגט:

— אַ גרויס געפאַר לויערט אויף דיר. כ׳בין געקומען וואָ־רענען דיך אַז ס׳גרייט זיך אַן אָנפאַל. דאָס גאַנצע רוימישע חיל איז געזאַמלט. און היינט וועלן די בערג אַרומגערינגלט ווערן מיט איין אייזערנער קייט פון סאָלדאַטן. און אויך בעטן וויל איך...

— זאָגסטו דעם אמת? אָבער פריער, ווער ביזטו?

— כ׳בין אַזוי ווי איר, — אַ קרבן פון רוים׳ס גרויזאַמקייט. געווען די שקלאַפין פון טעלעניוס און איצט — פריי. יאָ, כ׳בין פריי צו נעמען נקמה פאַרן בלוט פון מיין פאָטער, ברידער און פאַר מיין פאָלק. און בעטן וויל איך ביי דיר: לאָז מיך מיטן שווערד אין האַנט קעמפן מיט אייך אינאיינעם קעגן אונדזער אַלעמענס באַדריקער.

— דיין פאַרלאַנג וועט דיר געגעבן ווערן. אָבער דערצייל גע־נוי פון וואַנען ווייסטו וועגן דעם צוגעגרייטן אָנפאַל?

— נעכטן האָט מיין האַר, טעלעניוס, געגעבן אַ פעסט. רוי־מער האָבן געהוליעט! און אַז די געסט זיינען שיכור געוואָרן, האָבן

# ערב שטורם

זיי גערעדט וועגן היינטיקן אָנפאַל און באַרימט זיך ווי זיי וועלן זיך איזדיעקעווען איבער די געכאַפּטע אידן.

בר־כוכבא האָט צוזאמענגערופן די עלצטע פון די קעמפער אויף אַ באַראַטונג. די שטאַפּעטן זיינען זיך צעלאָפן אין פאר־שיידענע ווינקלען און פונקטן אין די בערג און אָנגעזאָגט האָט מען די וועכטער צו זיין אויף דאָפּעלטער וואַך: באַלד אָנזאָגן און לאָזן וויסן בר־כוכבא׳ן וועגן יעדן קער און ווענד פון דעם שונא.

מיט זייער ערנסטע און באַזאָרגטע פּנים׳ער זיינען געזעסן די עלצטע. די באראטונג האָט זיך נאָך ניט געענדיקט, ווי דער קריגער לוקיאל איז געקומען צולויפן א פארסאָפּעטער:

— וואָס איז געשען, לוקיאל?

— די רוימער האָבן זיך באַוויזן.

— וואו האָסטו זיי געזען?

— מיר האָבן געגראָבן אַ הייל פאַרן געוועער ווייט אַראָפּ צום דאָרף שבא, ווען אונדזער לויערער, אויפן שפּיץ פעלז האָט גע־לאָזן וויסן, אז ער זעט פון ווייטנס ווי ס׳שנירלט זיך אַן אָפּטיי־לונג רוימישע סאָלדאַטן. מיר האָבן איבערגעריסן די ארבעט און זיך ארויפגעקליבן אויפן פעלז. א מחנה פון עטלעכע הונדערט רוימער האָט זיך גערוקט טיפער אין די בערג.

— ווען איז דאָס געווען? — האָט בר־כוכבא געפרעגט.

— נעכטן פאר זון־אונטערגאַנג.

— און דו האָסט געוואַרט אזוי לאַנג?

— כ׳בין גלייך געלאָפן אָנזאָגן דיר, אָבער אן אנדער אָפּ־טיילונג רוימער האָט זיך שוין צעשפּרייט אין די בערג און כ׳האָב זיך קוים געראטעוועט פון זיי.

— און וואו זיינען די איבעריקע זעלנער?

— זיי ליגן באַהאַלטן און ווארטן אויף דיין באפעל.

— דאַן איייל זיך צו זיי און זאָג זיי, אז זיי זאָלן שנעל אָפּ־טרעטן אין די ווענט פון אונדזער פעסטונג.

— מיר זיינען ארומגערינגלט, — האָט בר־כוכבא געזאָגט צו די עלצטע, — גרייט זיך צום אנטשידענעם קאמף. רופט צונויף די מחנה!

באלד, און אלע האָבן שוין געוואוסט דאָס דער שונא קומט, דער שונא איז שוין דאָ! דער שונא שפּרייט אַ נעץ!

פון אלע ווינקעלעך פון די בערג האָבן זיך גענומען ציען מענטשן. זיי זיינען אָנגעקומען איינציקווייז און גרופּעסווייז. אין אַלעמענס אויגן איז געווען אומרואיקייט און — אנטשלאָסנקייט. זיי האָבן זיך געצויגן ביי די פעסטונג־ווענט.

בר־כוכבא איז געשטאַנען פעלזיק, פעסט און רואיק. אַ קנייטש אויפן שטערן, צווישן די אויבערשטע וויעס, האָט עדות געזאָגט אויף זיין אינערלעכער געשפּאַנטקייט. ער האָט ארומגענומען מיט זיין בליק די מחנה זעלנער, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אָנ־צוקומען, און אין זיין מוח האָט אַ געוואַגטער פּלאַן געצייטיקט. די שעה פון קעגן־אָנגריף קעגן רוים איז געקומען!

אז אלע קריגער זיינען שוין געווען פאַרזאמלט, האָט בר־כוכבא געגעבן אַ באַפעל זיך אויסצושטעלן אין מיליטערישער אָרדענונג און צו ברענגען דאָס געווער. יעדערער פון זיי האָט זיך צוגע־בונדן אַ פייל־טאַש און אַ שווערד. גענומען אין דער לינקער האַנט די שילד, און געוואַרט אויף בר־כוכבא׳ס באַפעל.

בר־כוכבא האָט נאָכאַמאָל ארומגענומען מיט זיין בליק די רייען פון זיינע חברים־זעלנער. מונטער און גרייט זיינען זיי גע־שטאַנען. אין זייערע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט בר־כוכבא׳ס שטאָלענער ווילן — דער ווילן צו קעמפן פאַר פרייהייט.

— „יאָ!״ — איז ביי אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, — „מיט אַזעלכע קעמפער איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן״.

נאָך אַ זעלנער איז געקומען צו לויפן און זיך געלאָזט צו בר־כוכבא׳ן.

— איך קום פון דרום־זייט. ביים הויכן אָפּברוך, וואָס אויף דעם וועג פון קיסריה האָבן די רוימער אין גרויסע מחנות זיך צע־שאָטן אין די בערג. די הייל מיטן גרויסן רעזערוו פון וואָפן איז אין געפאַר. באַפעל, בר־כוכבא, וואָס זאָלן מיר טאָן?

— דו ביזט דאָך אַ גוטער פיילן־שיסער, ניין? פיל אָן מיט פיילן דיין טאַש.

דערנאָך האָט בר־כוכבא ארויסגערופן, לויט די נעמען, די גוטע פיילן־וואַרפער און זיי צעשטעלט אויף די באַהאַלטענע פּאָסטנס

פון די פעלזן. ער האָט צעטיילט די איבעריקע קריגער אויף עט־לעכע אָפּטיילונגען און האָט זיי צעשיקט אויף די וועגן וואָס פירן צו דער פעסטונג, איבערלאָזנדיק בלויז איין אָפּטיילונג פאר א נויטיקער רעזערוו־פאַרשטאַרקונג. אליין איז ער שוין געווען גרייט צו שטעלן זיך אָן דער שפּיץ פון דעם גרעסטן טייל פון זיינע קעמפער און ארויסטרעטן באגעגענען דעם שונא אויפן ברייטן צו־טריט צו זיין פעסטונג, ווען לידיא איז געקומען צולויפן:

— איך בעט, מיין האר, אז אויך מיר זאָל געגעבן ווערן א שווערד און דערלויבט ווערן צו גיין אינאיינעם מיט אייך אין שלאכט.

בר־כוכבא האָט געהייסן איר געבן אַ שווערד.

— דערווייל בלייב דאָ, אין די ווענט פון פעסטונג, לידיא. ס׳וועט נאָך זיין צייט גענוג פאר דיר צו נעמען נקמה.

לידיא האָט זיך אומגעקערט אין פעסטונג צו דינה׳ן. יענע האָט געהאלטן צוגרייטן לייוונט־באַנדן, פון די העמדער וועלכע זי האָט מיטגעבראכט מיט זיך.

— קום, לידיא, וועסט מיר העלפן.

— וואָס טוסטו, דינה?

— איך גרייט צו באַנדאַזשן. דו וועסט מיר אויך העלפן, לידיא. מיר וועלן גיין צום פלאץ פון קאמף. דו וועסט נעמען א פעקל לייוונט און א קרוג וואסער, און איך אויך. מיר וועלן העלפן די פארוואונדעטע.

— כ׳האָב א שווערד, דינה, און איך וויל גיין אין שלאכט צוגלייך מיט אלעמען.

— ניין, לידיא, אונדזער אויפגאבע איז וויכטיקער. מיר וועלן העלפן די פארוואונדעטע און דאָס וואָס ס׳וועט בלייבן פון פארניכטונג, וועלן מיר זען צו ראטעווען.

— און די פארוואונדעטע רוימער? אויך זיי וועסטו ראַ־טעווען?

דינה האָט א טראכט געטאָן און געזאָגט:

— אויך זיי, לידיא. האָט דען ניט א מוטער־טראַכט זיי גע־באָרן, געכאָוועט מיט ליבשאַפט און געהאָפט אויף זיי. זיינען זיי

דען ניט קיין קרבנות פון רוימ׳ס גייציקייט? גייען דען ניט א סך פון זיי אין די לעגיאָנען אויס ביטערער נויט? קעמפנדיק זיינען זיי אונדזערע שונאים; אָבער געפאַלענע, צעקאַליעטשעטע זיינען זיי ניט מער ווי אומגליקלעכע מענטשן...

— פאַרגיב מיר, דינה, דיינע רייד זיינען אומפאַרשטענדלעך פאַר מיר. דאָס בלוט פון מיין פאָטער, ברידער און מיין פאָלק שרייט צו מיר נאָך נקמה און נאָר מיט בלוט פון די רוימער וועט עס אָפּגעוואָשן ווערן. דאָ צעגייען מיר זיך, דינה. איך גיי מיט מיין שווערד אין האַנט. דער גייסט פון מיין שבט אויף די ברעגן פון דאַנובע האָט דערוואַכט אין מיר. פרידן צו דיר!

לידיא איז אוועק, האַלטנדיק פעסט די שווערד אין האַנט. אין אירע אויגן האָט א תהומ׳דיק פייערל געפינקלט און אויף אירע אויסגעבלייכטע באַקן האָט די אויפרעגונג אויסגעמאָלן צוויי רויטע פלעקן.

דערווייל האָט די זון זיך הויך אויפגעהויבן אין הימל און האָט מיט אירע פולע שטראַלן באַגאָסן די בערג.

אַנטלויפנדיק פאַר די אָנקומענדיקע רוימער, וועלכע זיינען אריינגעדרונגען אין אַלע שפּאַלטן פון די בערג, האָבן איינצלנע קריגער געהאַלטן אין איין אָנקומען. בר־כוכבא האָט מיט זיי פאַרשטאַרקט די אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געהאַלטן אנדערע וויכ־טיקע פּאָזיציעס אין יד בערג.

און עס איז געווען, ווען די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבן בויגן צום מערב־צו, האָט די הויפּט־מחנה פון די רוימער זיך באוויזן אויפן ברייטן צוטריט וואָס האָט געפירט צו בר־כוכבא׳ס בארג־פעסטונג. די רוימער האָבן פאָרזיכטיק זיך גערוקט פאָראויס. אָבער קיינער האָט זיי נאָך ניט באַגעגנט. ארום איז געווען — א טויטע שטילקייט, ווי די בערג וואָלטן געווען אינגאַנצן אויסגע־שטאָרבן...

און פּלוצלונג איז די שטילקייט געבראָכן געוואָרן. פון א הויכן פעלז האָט א שוואַרצער וואָלקן פון פיילן מיט א זשום דורכ־געריסן די לופט און באַגעגנט די ערשטע רייען פון די רוימער. די ערשטע רייען זיינען אונטער דעם האָגל פון פיילן געפאַלן ווי אָפּ־

געקאָסטעט זאַנגען. דאָס גיין פון די געשלאָסענע רייען פון רוי־מער האָט זיך א ווײלע אָפּגעהאַלטן. אָבער נאָר א קליינע ווײלע. די סאָלדאטן, פאָלגנדיק דעם באפעל פון צענטוריאָן, זיינען גע־גאנגען פאָראויס, ניט געקוקט אויפן האָגל פון פיילן. נאָך קרבנות זיינען געבליבן ליגן הינטער. די סאָלדאטן זיינען ווייטער געגאנגען פאָראויס.

בר־כוכבא, וועלכער איז מיט א גרופע געלעגן פארשטעקט הינ־טער אן אויסבויג אין די בערג, האָט די רוימער געלאָזן צוטרעטן נע־נטער און דאן האָט ער זיך מיט די קריגער א לאָז געטאָן קעגן דעם שונא. אזוי אימפעטיק און אומדערוואַרט איז געווען זיין אטאַ־קע, אז די רוימער האָבן זיך אין ערשטן מאָמענט פארלאָרן. די פארלאָרנקייט האָט געדויערט בלויז א רגע. געאיבטע אין מלחמה, האָבן די רוימער אויפגענומען דעם אָנפאַל פון די אידן. א שווערדן־קאמף פון האנט־צו־האנט האָט זיך צעברענט. מיט זיינע מעכטיקע קלעפּ און דרייסטקייט האָט בר־כוכבא אָנגעצונדן די אידן מיט פייער. די שלאכט איז געוואָרן אלץ ביטערער, בלו־טיקער. די הינטערשטע רייען פון די רוימער האָבן מורא׳דיק געליטן פון די פיילן־שיסער. ווען ס׳איז שוין געווען גאנץ טונקל ארום האָבן די רוימער אָפּגעצויגן.

בר־כוכבא האָט זיך אויך צוריקגעצויגן און געגעבן זיינע קריגער א מעגלעכקייט אָפּצורוען זיך.

צווישן פראָקוראטאָר רופוס׳ן, וועלכער האָט אליין אָנגע־פירט מיט די רוימער, און די צענטוריאָנען, איז אָנגעגאנגען א באַראַטונג. די אידישע פיילן־שיסער מוזן באזייטיקט ווערן פון פעלז. אן אָפּטײלונג רוימער איז געשיקט געוואָרן אויסצופירן די שליחות. זיי זיינען פארגאנגען אָן א זייט, לאנג געזוכט ביז זיי האָבן געפונען א וועג פון וואנען צו אטאקירן די פיילן־שיסער.

דערווייל האָבן די רוימער צוגענומען זייערע געפאַלענע און פארוואונדעטע און זיי אוועקגעטראָגן אָן א זייט. כדי אָפּצוציען די אויפמערקזאמקייט פון די פיילן־שיסער אויפן פעלז, האָבן די רוימער ווידער גענומען אָנגרייפן. ווידער איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס פריער. א סך רוימער זיינען געפאלן און פארוואונ־

דעט געוואָרן פון די גוט־צילנדיקע פיילן־שיסער.

בר־כוכבא איז ווידער ארויסגעטראָטן קעגן די רוימער און די שלאַכט, נאָך הארטנעקיגער ווי פריער, האָט געפלאַקערט. רופוס האָט אַלץ געוואָרט אויף דעם אָנפאַל פון זיינע סאָלדאטן פון הינטן־ארום אויף די פיילן־שיסער פון פעלז. די רוימישע אָפטיילונג איז שוין דאָרט געווען גאָר נאָענט. דער פאָדערשטער פון זיי, קריכנדיק באהאלטן, האָט אָנגעצויגן זיין בויגן ארויסצולאָזן זיין פייל אין די זעלאָטן. אין דעם מאָמענט האָט א בליאַסק געטאָן א שווערד און זיך אראָפּגעלאָזט אויף דעם רוימער׳ס קאָפּ. ער איז געבליבן ליגן שטיל. זיין חבר האָט זיך א וואָרף געטאָן מיט זיין שווערד אַנטקעגן דעם ניט־געזעענעם שונא און קעגן אים איז אויפגעשפרונגען א פרוי אין די בגדים פון א רוימישער שקלאַפין.

קיין מער משונה׳דיקע באגעגעניש האָט דער רוימער ניט גע־קענט דערווארטן. די פרוי האָט אויסגעקוקט ווי א צערייצטע חיה. אירע אויגן האָבן געשאָסן פייער, אירע האָר זיינען געווען ווילד צעוואָרפן און צעפּאַטלט פון ווינט און אינגאנצן האָט זי אויס־געזען ווי א ווילד געשפענסט פון די פארשאָלטענע בערג...

— יופּיטער, מאַרס און פּאָלוקס! הייליקע געטער, באשיצט מיך! — האָט דער סאָלדאט ארויסגעמורמלט און אָפּגעטראָטן א טראָט צוריק.

זי האָט א שפרונג געטאָן צו אים ווי א ווילדע קאַץ, א פּאָכע געטאָן מיט דער שווערד און דער סאָלדאט האָט קוים באוויזן אָפּ־צופירן דעם קלאַפּ מיט זיין שילד. באלד האָט ער דערפילט ווי אירע קרעפטיקע הענט מיט די שארפע נעגל, האָבן זיך אריינ־געלאָזט אין זיין האלדז און אים גענומען ווארגן. ער האָט מיט אַלע זיינע קרעפטן גענומען רייסן זי פון זיך. אזוי ראנגלענדיק זיך זיינען זיי אנידערגעפאַלן, זיך צונויפגעפלאָכטן מיט די קער־פּערס און זיך געקייקלט אויף דער ערד. זי האָט אים ניט אָפּגע־לאָזן און אירע הענט זיינען טיפער און טיפער אריין אין זיין האלדז. און מיטאמאָל האָבן ביידע דערפילט ווי די ערד גליטשט זיך ארויס פון זיי. אין לעצטן מאָמענט איז דורכגעגאנגען אין זייער באוואוסטזיין, אז זיי פאַלן פון שפּיץ־פעלז. און באלד טא־

## ערב שטורם

קע זיינען זייערע צעביילטע, צעבלוטיקטע קערפּערס געלעגן אונטן אַף דער ערד. זי, נאָך אַלץ האַלטנדיק אירע הענט אין דעם רוימער׳ס האַלדז, און ער, מיט דעם פאַרשטיינטן שרעק־אויסדרוק אויף זיין פּנים.

אויפגעוועקטע פון דעם דאָזיקן קאַמף צו דער נייער סכנה, האָבן די קריגער אויפן שפּיץ פעלז זיך א לאָז געטאָן צו די רוימער. אויף דעם קליינעם פעלז איז באַלד אַנטשטאַנען א ביטערער געשלעג און צו די קערפּערס פון לידיא און דעם סאָלדאַט זיינען צוגעקומען נאָך קערפּערס פון רוימער און אידן, וואָס האָבן זיך איינער דעם אנדערן אַראָפּגעשטויסן אין אָפּגרונט. ווען דער געשלעג האָט זיך געענדיקט, זיינען די אידן נאָך אַלץ געבליבן די באַזיצער פון פעלז. אָבער ניט אויף לאַנג. אויף אַן אנדער פעלז, ניט ווייט פון דעם, זיינען שוין געלעגן רוימישע פייל־שיסער און געווענדט זייערע פיילן צו די אידישע שיסער. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן און ניט אויפגעהערט!

שפּעט ביינאַכט אָבער האָט די שלאַכט זיך איינגעשטילט.

בר־כוכבא האָט באַפוילן אוועקצוטראָגן די פאַרוואונדעטע הינטער די ווענט פון דער פעסטונג און דינה איז ניט מיד געוואָרן אַרומצוגיין אַרום זיי, וואַשן, פאַרבינדן די וואונדן, געקרעפטיקט זייערע הערצער מיט ווייַן, צוגעמישט מיט וואַסער. ביסלעכווייז זיינען די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע שוואַכער געוואָרן. אויסגעמאַטערטע פון פּיין און ווייטיק, זיינען זיי איינגעשלאָפן און צו פרימאָרגן איז אויך דינה פאַרזונקען געוואָרן אין א מידן שלאָף.

בר־כוכבא האָט צונויפגערופן די עלצטע קריגער אויף א באַראַטונג.

ס׳זיינען געקומען א סך נאַכריכטן וועגן די נעכטיקע געשלעגן.

— הונדערטער רוימער זיינען געפאַלן. אויך פון אונדזער זייט זיינען געווען א סך פאַרוואונדעטע און געפאַלענע. מיר האָבן געמוזט אָפּטרעטן צוליב דער גרויסער צאָל רוימער, אָבער מיר האָבן זיך באַפעסטיקט איבעראַנייס און וועלן זיך קענען האַלטן.

אַזוי האָט באַריכטעט דער זעלאָט שמואל.

א צווייטער קריגער האָט דערציילט וועגן דער גרויסער צאָל

קליינע רוימישע גרופעס וואָס זיינען צעוואָרפן אין די בערג. א דריטער האָט עפּעס אנדערש דערציילט, א פערטער, א פינפטער...

דערנאָך איז אנטשטאַנען א שטילקייט. אלעמענס בליקן זיי־נען געווענדעט געוועזן צו בר־כוכבא׳ן. ער איז אויסערלעך געבליבן רואיק פון די אלע באריכטן און נאָר דער צעקנייטשטער שטערן האָט עדות געזאָגט, אז אומרואיקע מחשבות יאָגן ארום אין זיין מוח.

— אונדזער איינציקער אויסוועג איז דורכצוברעכן א וועג מיט געווער און אנטרינען אונטער דעם צודעק פון נאכט, — האָט שמואל געזאָגט.

— ניין, ניט אנטלויפן וועלן מיר, נאָר אָנגרייפן, — האָט בר־כוכבא אַנטשלאָסן געענטפערט, — מיר האָבן גענוג געוואַרט, און איצט, ווען ס׳האָט געשלאָגן אונדזער שעה, וועלן מיר זי ניט דורכלאָזן. דו, שמואל, וועסט נעמען מיט זיך א הונדערט מענטשן און ארומגיין דעם שונא דורך דעם ברייטן ערד־דורכגאנג. ליג באהאלטן אין טונעל ביז דו וועסט ניט דערהערן אונדזער שאַלן „לחרות יהודה״. דעמאָלט זאָלסטו ארויסגיין פון באהעלטעניש און אָנפאַלן אויפן שונא. אָבער געדענק, איך לייג אויף דיין אָנפאַל דאָס גרעסטע געוויכט.

— וועלכן דורכגאנג מיינסטו, בר־כוכבא? דער ברייטער דורכגאַנג ענדיקט זיך דאָך לעבן דעם פּלאַץ, וואו די רוימער זיי־נען איצט באפעסטיקט און איידער מיר וועלן באַוויזן ארויסצו־גיין פון טונעל און זיך צעשיטן, וועלן מיר אנטדעקט ווערן. מיר וועל גאָרניט קענען אויפטאָן.

— צו יענער צייט וועלן די רוימער זיין ערגעץ אנדערשוואו.

אויף די פּנים׳ער פון די קריגער איז געווען פארוואונדערונג, אָבער קיינער האָט ניט געשטעלט קיינע פראַגעס. די ווערטער פון בר־כוכבא׳ן זיינען פאר זיי געווען גענוג.

פארטאָג האָבן די אידן זיך א וואָרף געטאָן אויף די רוי־מער. דער געשלעג, א בלוטיקער און פאר׳עקשנ׳טער, איז אָנגעגאנגען אָן איבעררייס און פוןביידע זייטן האָבן די קעמפער באַוויזן גבורה. בר־כוכבא איז נאָך אלץ אומדערמידלעך געשטאנען

## ערב שטורם

אין די פֿאָדערשטע רייען און מיט זיין שווערד באוויזן וואונדער. די זון איז ארויס און מיט אירע שטראַלן באַלויכטן דעם פּלאַץ פון קאמף. דער געשלעג איז אָנגעגאנגען אויף די טויטע קערפּערס פון די געפאַלענע און פּלוצלונג האָט בר־כוכבא געגעבן א באַפעל אָפּצוטרעטן.

מיט דעם געוואַר אין די הענט, האָבן די אידן גענומען אָפּ־טרעטן. די רוימער זיינען געוואָרן דרייסטער, אָבער קוים האָט עמיצער פון זיי פארגעסן אביסל צו זיין פאָרזיכטיק, האָט דער שווערד פון די זעלאָטן אים אוועקגעלייגט.

פון אַלע זייטן האָבן די אידן זיך צונויפגעקליבן צו דער פעסטונג און פארשלאָסן די טויערן.

א יובל־געשריי פון די הונדערטער רוימישע סאָלדאטן האָט פארהילכט די לופט.

— לעבן זאָל צעזאַר!

— לעבן זאָל רוים!

צו מיטיק־צייט האָבן די רוימער צונויפגעזאמלט צו דער פעס־טונג זייער גאנצן חיל און ארומגערינגלט זי מיט א דרייפאכער קייט פון סאָלדאטן.

רופוס האָט פאררופן די עלצטע אויף א בעראטונג. ער האָט זייער געוואָלט באַלד אַטאַקירן די פעסטונג און האָבן א שנעלן זיג. דאָס וואָלט שטארק פארגרעסערט זיין נאָמען אין רוים, אָבער וועגן נעמען די פעסטונג אָן צוגרייטונגען האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. די ווענט זיינען געווען גראָבע און הויכע און א באַלאגערונג אָן די קאַטאַפּולטן און טאַראַנען וואָלט געווען צוועק־לאָז. ער האָט דעריבער באשלאָסן ארומצורינגלען די פעסטונג און אויסהונגערן די באַלאגערטע.

ער האָט געגעבן א באַפעל ניט ארויסצולאָזן און ניט אריינ־לאָזן קיינעם. דערווייל האָבן די סאָלדאטן זיך צעלייגט אויף אָפּרו. בלויז א קליינע טייל פון זיי האָט געהאלטן וואַך אויף די טויערן און מיטאמאָל האָבן זיך די טויערן ברייט פאנאנדערגעעפנט און בר־כוכבא מיט די גבורים, פארהילכנדיק די בערג מיט זייער

געשריי: „לחרות יהודה! לחרות יהודה!״, האָבן זיך א לאָז געטאָן אויף די רוימער.

— „לחרות יהודה!״ — האָבן אָפּגעקלונגען די בערג און א ווילדער געשלעג האָט זיך ווידער צעשפּילט. אזוי אימפּעטיק איז געווען דער דראַנג פון די אידן, אז רופוס האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פארן אויסגאנג פון געשלעג. אָבער די רוימער זיינען פאָרט געווען אין אן איבערוועגנדיקער מאסע און האָבן ניט געפילט די פארלוסטן אזוי שטארק ווי די אידן. ס׳האָט זיך אויסגעדאכט, אז די העלדישקייט פון די אידישע גבורים וועט זיי ניט העלפן און די רוימער וועלן זיגן.

מיטאמאָל האָט זיך אָנגעהויבן א מהומה אין די הינטערשטע רייען פון די רוימער.

שמואל, וועלכער איז מיט די אָפּגעקליבענע הונדערט קריגער געלעגן פארשטעקט אין דורכגאַנג און אומגעדולדיק געווארט אויפן סיגנאל, האָט מיטאמאָל דערהערט דעם רוף: לחרות יהודה!

— לחרות יהודה! לחרות יהודה! האָבן מיט א ווילדן עקסטאז אונטערגעכאַפּט די קריגער מיט שמואל׳ן. זיי זיינען ארויס פון דורכגאנג און זיך צעשאָטן אין די בערג. אומבאמערקטערהייט האָבן זיי זיך שנעל צוגע׳גנב׳עט צו די רוימער פון הינטן און זיי באפאלן מיט דעם עקסטאטישן געשריי: לחרות יהודה! לחרות יהודה!

ניט דערווארטנדיק אזא אָנפאל, זיינען די רוימער ארומגע־כאפּט געוואָרן מיט א ווילדן שרעק. דאָס גאנצע חיל האָט זיך א וואָקל געטאָן און זיך א לאָז געטאָן אנטלויפן. פון אויבן האָבן די באהאלטענע אידן זיי פארפאָלגט מיט די פיילן און בר־כוכבא און די גבורים האָבן ניט אויפגעהערט נאָכצויאָגן זיי, שפּרייטנדיק צווישן די רוימער טויט און פארלענדונג.

פון דעם גאנצן רוימישן מיליטער זיינען בלויז קליינע מחנות פארבליבן און זיך געראטעוועט. אָבער ניט אויף לאנג. דער רוף: „לחרות יהודה!״ האָט הילכיק אָפּגעקלונגען איבערן לאנד. דער רוף האָט זיך ארייַנגעכאפּט אין די אָרימע פּויערישע הייזלעך, אין די שטעט און שטעטלעך, אין די ישיבות. אומעטום איז דער רוף

## ערב שטורם

געוועז דער סיגנאַל צו באוואפענען זיך און אָנפאַלן אויף די רוי־מער. דער געשלעג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די בערג, האָט זיך צעפלאַקערט אומעטום און איז פארוואנדלט געוואָרן אין אן אמת׳ן פאָלקס־אויפשטאנד; פויער און בעל־מלאכה, יונג און אַלט, — אלע זיינען פארכאפט געוואָרן אין דעם קאמף. בלוטיק און העלדיש האָט זיך דער אויפשטאנד געצויגן, — ביז וואנען יהודה איז פריי געוואָרן.

# איין און צוואנציקסטער קאַפּיטל

יהודה איז געוואָרן פריי. אַ גאַנץ יאָר האָבן אָנגעהאַלטן די בלוטיקע שלאַכטן און האָבן זיך ניט איינגעשטילט ביז וואַנען קיין איין רוימער איז ניט פאַרבליבן אין לאַנד. אונטער בר־כוכבא'ן האָבן זיך שוין געפונען פופציק באַפעסטיקטע שטעט און ניין הונ־דערט פינף און אכציק שטעטלעך און דערפער.

דער צעשלאָגענער רוימישער פּראָקוראַטאָר, טיניוס רופוס, די רוימישע באַאַמטע און די רעשטלעך פון די רוימישע לעגיאָנען, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער שכנישער סיריע.

צו פאַרזיי־צייט האָט בר־כוכבא פאַנאַנדערגעלאָזן זיין אַרמיי, איבערלאָזנדיק מיט זיך בלויז אַ קליינע צאָל סאָלדאַטן.

דאָס לעבן אין יהודה האָט זיך גענומען איינשטעלן און בר־כוכבא האָט זיך גענומען באַפעסטיקן די לאַגע פון אינעווייניק. כדי אָנצוזאָגן דער וועלט, אַז עס עקזיסטירט שוין אַ זעלבסטשטענדיקע אידישע מלוכה, האָט בר־כוכבא אַרויסגעלאָזן אידישע מטבעות. רבי עקיבא האָט זיך געגרייט צו פאַררופן אַ סנהדרין, אָבער דאָס האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן. ביי די גרעניצן פון גליל האָט זיך באַ־וויזן טיניוס רופוס מיט פרישן רוימישן חיל.

צונויפזאַמלענדיק די צעשלאָגענע רעשטלעך פון די אַמאָל־שטאַרקע רוימישע לעגיאָנען, איז רופוס'ן געלונגען צונויפצושטעלן אַ נייע אַרמיי. אים צו הילף, אויפן באַפעל פון רוים, איז געקומען פּובליוס מאַרצעליוס מיטן גאַרניזאָן פון אַנטיאָכיע, אַ פרישע מחנה פון פינף טויזנט מאַן. דער רוימישער חיל איז ווידער אַריינגע־דרונגען אין לאַנד.

בר־כוכבא האָט בליצשנעל צונויפגערופן און צונויפגענומען שטאַרקע אָפּטיילונגען פון זיין חיל און האָט מיט זיי זיך געלאָזט באַגעגענען דעם אַלטן שונא. לעבן דאָרף חנניה האָבן זיך די אַר־מייען געטראָפן.

בר־כוכבא האָט אָפּגעטיילט צוויי מחנות און זיי געשיקט אונ־טערן צודעק פון דער נאַכט אַרומצוגיין דעם שונא פון די פלאַנ־

קען, באהאלטן זיך אין די וועלדלעך, און אטאקירן דעם שונא ערשט נאָך האַלבן טאָג.

באַגינען האָבן די אידן אטאקירט די רוימער אין צענטער. אזוי שטארק איז געווען דער דראַנג פון די אידן צו ווארפן זיך אויף זייער שונא, אז בר־כוכבא האָט זיי ניט געקענט איינהאלטן. ניט באוויייזנדיק נאָך פאנאנדערצעוויקלען די גאנצע מחנה און צו פארנעמען די געהעריקע פאָזיציעס, האָבן די קריגער זיך געוואָרפן אויף די רוימער. עס האָבן הילכיק געקלונגען זייערע אויסרופן:

— יחי עם ישראל!

— יחי בר־כוכבא!

אַ גאַנצן האַלבן טאָג האָט אָנגעהאלטן דער עקשנות'דיקער קאמף, און דאן האָבן די אנדערע גבורים־גרופן, באהאלטענע אין די וועלדלעך, אַטאַקירט דעם שונא פון די פלאַנקען. די רוימער האָבן דאָס ניט אויסגעהאלטן און אָפּגעטראָטן אין גרויס אומאָרדענונג. די אידן האָבן זיי ניט אָפּגעלאָזן און האָבן ניט אויפגעהערט צו דריקן זיי פון אלע זייטן. דער גאנצער וועג פון דאָרף חנניה ביזן סירישן גרעניץ איז געווען פארלייגט מיט געפאלענע רוימי־שע סאָלדאטן.

דער זיג האָט נאָך מער בארימט געמאכט דעם נאָמען פון בר־כוכבא. זיין נאָמען האָט נאָך מער שרעק אָנגעוואָרפן אויף די שונאים פון די אידן.

ווידער איז א קורצע צייט שטיל געווען אין יהודה. בר־כוכבא האָט זיך שוין גענומען גרייטן ווידעראויפצובויען די שטאָט ירושלים און אויך דעם בית־המקדש. שלוחים האָבן זיך דורכגע'גנב'עט דורך די רוימיש־באַוואַכטע גרעניצן, און אין אלע לענדער, און אין אלע שטעט, וואו ס'זיינען נאָר געווען אידישע קבוצים, האָט מען געקליבן געלט פאר דעם אויפבוי פון ירושלים. אָבער דער שונא האָט ניט צורו געלאָזט. ווידער האָט א רוימישע ארמיי זיך באַוויזן אויף די גרעניצן פון יהודה.

דאָס מאָל האָבן זיך די ארמייען באגעגנט אין גליל העליון, אין דער געגנט צווישן גוש־חלב און ציפורים. בר־כוכבא האָט די געגנט גוט געקענט און איז דאָס מאָל שוין ניט געווען אליין אין

קאַמף קעגן די רוימער. מיט אים איז געווען דער אראבישער שייך אַבו־נאַזים מיט זיינע פיר טויזנט רייטער אויף פלינק־שטארקע אראבישע פערד.

די רוימישע ארמיי, אונטער דער פירערשאפט פון לאָליאוס אורביציאוס, איז באשטאנען פון פופצן טויזנט שווער־באוואָפנטע סאָלדאטן און אויך — דריי טויזנט רייטער.

בר־כוכבא האָט ניט געווארט ביז וואנען די רוימער וועלן אָנפאַלן. ער האָט ארויסגעשטעלט שטארקע אָפטיילונגען צו דריקן אויף די פלאַנקען און איז אליין מיט דעם גרעסטן טייל קריגער ווי־דער אָנגעפאלן אויף די רוימער אין סאמע מיטן פון זייער חיל. א גאנצן טאָג האָט מען זיך געשלאָגן. אז די נאכט איז צוגעפאלן האָבן ביידע צדדים אָפגעשטעלט דעם געשלעג און צוגענומען די פארוואונדעטע און גע׳הרג׳עטע. אויף מאָרגן האָט דער קאמף זיך נאָך מער צעשפילט. בערג גאנצע הרוגים זיינען געבליבן אויפן שלאכטפעלד. אויפן דריטן טאָג האָט בר־כוכבא איבערגעגעבן די אָנפירונג צו אן אנדער גבור. אליין האָט ער מיט א שטארקער אָפטיילונג קריגער, פארנומען די פאָזיציעס אויפן רעכטן פלאַנק. ביז האלבן טאָג האָט געדויערט די עקשנות׳דיקע שלאכט. מיט־אמאָל האָט דער צענטער פון דער אידישער ארמיי גענומען אָפ־טרעטן. די רוימער האָבן זיך א לאָז געטאָן זיי נאָכיאָגן. אויף דעם טאקע האָט בר־כוכבא געווארט. פאָראויס פון זיינע קריגער האָט ער זיך א לאָז געטאָן אויף די רוימער און דורכגעריסן זייערע רייען. די אָפטרעטנדיקע אידן, דערזעענדיק בר־כוכבא׳ס אויפ־טו, האָבן זיך ווידער א וואָרף געטאָן און ארומגערינגלט די רוימער פון אלע זייטן. פיל זיינען אויסגעשלאכט געוואָרן. דאָ האָט בר־כוכבא א קאָמאַנדע געטאָן די אראבישע רייטער און זיי האָבן זיך אריינגעריסן אין די צעוואָרפענע רייען פון די אויסגעמאטערטע און אַנטמוטיקטע רוימער. אין ווילדן פאניק האָבן די רוימער געוואָרפן זייער שווער געווער און זיך געלאָזן לויפן. אָבער זיי זיינען ווייט ניט אנטלאָפן. די שווערד פון די נאָכיאָגנדיקע רייטער האָט זיי פארטיליקט. פון דער גרויסער מעכטיקער רוימישער ארמיי זיינען בלויז פארבליבן רעשטלעך צעשלאָגענע, וואָס האָבן זיך באהאלטן

## בר־כוכבא

אין די וועלדער און הײלן, און זײ האָבן בלאָנדזשענדיק געזוכט א וועג צוריק קײן סיריע.

אז די נײעס פון דער פולשטענדיקער מפּלה פון לאָליאוס אורביציאוס איז דערגאנגען צום קיסר אַדריאַנוס אין רוים, האָט ער זיך ארומגעזען אז דער אידישער אויפשטאַנד איז פיל געפערלעכער ווי ער האָט זיך דאָס פריער פאָרגעשטעלט. דערצו זײנען אָנגעקומען באריכטן פון גאנצן אָריענט, וואָס האָבן דערצײלט וועגן דער וואַקסנדיקער אומרואיקײט ביי די אנדערע אומצופרידענע פעלקער. אויך יענע גרייטן זיך נאָכטאָן בר־כוכבא׳ן און באפרייען זיך פון רוים...

אדריאַנוס האָט דאן באשלאָסן צו שיקן קעגן די אידן דעם גרעסטן קריגס־פירער פון יענער צײט, יוליאוס סעווערוס, וועלכער האָט זיך נאָר־וואָס באַרימט געמאכט מיט אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד פון די קריגערישע בריטאַניער.

די נײעס וועגן דעם האָט געבראַכט א שליח פון רוים. בר־כוכבא האָט נאָך פריער פאָראויסגעזען, אז דער קאמף מיט רוים וועט זײן א לאנגער און א שווערער, און ער האָט די גאנצע צײט געהאלטן אין צוגרייטן דאָס לאנד פאר א ווײטערער פארטיידיקונג. אזוי ווי אין דער ערשטער מלחמה מיט די רוימער אין צײט פון קיסר נעראָן, אזוי האָט ער אויך איצט דערוואַרט אז די גרויסע ארײנדרינגונג פונם שונא וועט פאָרקומען פון צפון, פון דער זײט פון סיריע. האָט ער, דעריבער דאָרטן אויסגעבויט די ערשטע ליניע פון פארטיידיקונג.

די שטעט: מגדלה, כבול, סיכין אין גליל, האָט ער צום ערשט באַפעסטיקט און איז צוגעטראָטן אויפצובויען די צווייטע ליניע פון פארטיידיקונג, אין יהודה. די שטארקסטע שטאָט איז דאָרט געווען ביתר. אלע פעסטונגען האָט ער באזאָרגט מיט א סך עסנווארג און געוועהר און האָט ניט אויפגעהערט צו איבן און צוגרייטן זײנע סאָלדאטן.

אָבער אינעווייניק אין לאנד האָט זיך די לאגע געביטן צום ערגערן. דער עקשנות׳דיקער קאמף האָט ארײנגעצויגן כמעט די גאנצע מענערשע באפעלקערונג. אין די דערפער און שטעט זײנען

## דאָס פאַלן פון ביתר

בלויז געבליבן אלטע לייט, פרויען און קינדער. א סך פון די פעלדער זיינען פארבליבן ניט געזייט און יהודה, וואָס איז שטענדיק געווען א לאנד פון אַקערבוי, האָט גענומען פילן א שטארקן מאנגל אין שפייז. בר־כוכבא׳ס סאָלדאטן, וועלכע זיינען אממערסטנס געקומען פון דעם פויערים־שטאַנד און פון אָרימע בעל־מלאכות, דערוויסנדיק זיך אז זייערע משפחות הונגערן האָבן, ביסלעכווייז גענומען פארלאָזן בר־כוכבא׳ס רייען, אומצוקערן זיך צו זייערע היימען. די וואָס זיינען נאָך פארבליבן מיט אים, האָבן נאָך דער שטארקער אָנשטרענגונג און לאנגע קאמפן, זיך דערפילט אויסגעמאַטערט, מיד. עס האָט זיי אויסגעפעלט דער אויסדויער פאר א לאַנגן קאמף. בלויז די אויסגעפרובירטע אלטע קעמפער, די אמת׳ע קריגער, מיט דעם העלדנמוט פון די אמאָליגע זעלאָטן, זיינען געבליבן פעסט און מוטיק. אָבער זייער צאָל, נאָך די פיל שלאכטן, איז געוואָרן א סך קלענער.

גראָד דעמאָלט איז סעווערוס מיט זיין ארמיי צוגעקומען צו די גרעניצן פון גליל. פאָראויס איז געגאנגען אן אָפטיילונג פון רייטער. דערנאָך אָפטיילונגען פון לייכט־באַוואָפנטע וועגן־בויער און לאַגער־בויער. דערנאָך, דאָס געפעק פון די אָפיצערן. הינטער א מעכטיק־באַוואָפנטער אָפטיילונג איז געריטן דער אויבערקאָמאַנדיר, יוליאוס סעווערוס, ארומגערינגלט פון א גרופע אָפגעקליבענע סאָלדאטן. דערנאָך איז דורכגעגאנגען די רייטעריי. פופצן טויזנט רייטער. יעדער רייטער באוואָפנט ביי דער לינקער זייט מיט א לאנגער שווערד און מיט א קורצער שפיז אין האנט. זיי זיינען געפאָרן אויף אויסגעצייכנטע גוטע פערד, איינגעהילט אין א וואָלקן פון שטויב. נאָך זיי האָבן געראָלט, פון זעקס און אכט פערד געשלעפט קאטאפולטן, וואָס ווארפן שטיינער און וואַרף־מאשינען פאר שפיזן. נאָך די לעצטע — באליסטן און סקארפיאנען — אינגאנצן הונדערט פיר און זיבעציק שטיקער. דערנאָך זיינען געגאנגען די טריבונען מיט די אָפגעקליבענע אָפטיילונגען און די קאָמאנדירן פון די קאָהאָרטעס. ווייטער זיינען געגאנגען די טרומייטערס און דערנאָך האָט מען געטראָגן די קריגס־פאָן מיטן אָדלער אינמיטן. ערשט נאָך דעם אלעמען איז געקומען די הויפט־מאַסע פונם חיל און פוסגייער־שורות, צו זעקס מאן שטארק. זיי האָבן געצויגן און גע־

צויגן זיך אָן אויפהער. הונדערט טויזנט פוס־סאָלדאטן. יעדער באַוואָפנט מיט א פאנצער ארום דער ברוסט, און מיט א קיווער. ביי די זייטן האָבן זיי געהאט געווער. די שווערד ביי דער לינקער זייט איז געווען א סך לענגער פון דעם קינזשאַל אויף דער רעכטער זייט. א חוץ דעם האָבן זיי אויף די פלייצעס געטראָגן א קאָרב, א קליינע לאָפּעטע מיט א האק, רימענס, שניידמעסער און פּראָוויאנט אויף דריי טעג.

די פאָראויסגייענדיקע רייטער־אָפּטיילונג האָט אויפגעזוכט א פלאץ פאר א לאגער ביים גרעניץ פון גליל העליון. די וועג־בויער האָבן מיט די רידלען זיך גענומען אויסגלייכן דעם פלאץ. בערגלעך זיינען אָפּגעגראָבן געוואָרן און לעכער האָט מען פארשאָטן, די ביי־מער אויסגעהאקט. פארנאכט־צו איז דער פלאץ געווען גרייט. א פירקאנטיקער גלייכער פאס ערד. אויף מאָרגן גאנץ פרי האָבן טויזנטער ארבעטער געשטעלט זיך בויען א צוים ארום און ארום. די צוים האָט אויסגעזען ווי א מויער און אין גלייכע אָבשטאַנדן זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן טורעמס. צווישן די טורעמס האָט מען אוועקגעשטעלט ווארפמאשינען, קאטאפולטן און די באליסטן. אין דעם צוים זיינען געווען פיר טויערן, צו איין טויער אין יעדער זייט. די טויערן גאנץ ברייטע, אזוי אז די געשפאנען מיט די מאַשינען זיינען לייכט אריינגעפאָרן.

אינעווייניק איז דער לאַגער געווען צעטיילט אויף פיר טיילן. אינמיטן זיינען געשטאַנען די געצעלטן פון די פירער און צווישן זיי האָט זיך דערהויבן סעווערוס׳עס געצעלט.

די גאַנצע ארבעט פון אויפשטעלן דעם לאַגער איז אויסגעפילט געוואָרן פון געניטע ארבעטער מיט בוי־געצייג און האָט געדויערט בלויז צוויי טעג. פאַרנאַכט־צו האָבן די סאָלדאטן פארנומען זייע־רע געצעלטן. דער טרומייטער האָט אָנגעזאָגט די צייט פון אָוונט־עסן. און דערנאָך, א סך שפּעטער, האָט דער טרומייטער געגעבן דעם באפעל צו לייגן זיך שלאָפן. די סאָלדאטן האָבן גערוט אין די געצעלטן אונטער דעם שוץ פון דער אויסנווייניקסטער צוים און פון די וועכטער אויף די טורעמס.

אויף מאָרגן זיינען אלע סאָלדאטן געגאנגען צו די צענטוריאָ־

# דאָס פאַלן פון ביתר

נען זיי צו באגריסן; דערנאָך זיינען די צענטוריאָנען געגאנגען באַ־גריסן די טריבונען און דערנאָך זיינען אַלע אָפיצערן געגאנגען באַ־גריסן דעם אויבערקאָמאַנדיר — סעווערוס׳ן.

סעווערוס האָט זיי געגעבן דעם פּאַראָל און די פּאַראָרדענונגען פון טאָג: די פוסגייער זאָלן רוען! ארויסשיקן רייטער־אָפּטיילונ־גען און באפאלן די אידישע אומבאשיצטע אָדער די שוואַך־באשיצ־טע דערפער! צעטומלען און צערייסן די אידישע רייען.

די רייטער האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן אויף די אידישע ישובים. זיי האָבן געשאָכטן אַלעמען, אָן אונטערשייד פון עלטער און פון געשלעכט. אין שרעק האָבן די אידן זיך געלאָזן לויפן צו ראטעווען זיך. די אנטלאָפענע זיינען אין עטלעכע טעג ארום אָנגעקומען צו בר־כוכבא׳ן.

בר־כוכבא האָט ארויסגעלאָזן אַ רוף צו אַלע קריגס־פייאיקע צו שטעלן זיך אונטער זיין פאָן און צו פארטיידיקן דאָס לאַנד. פון אַלע זייטן האָבן אידן זיך ווידער גענומען זאמלען ארום בר־כוכבא׳ן, אָבער די שטימונג איז ווייט ניט געווען די זעלבע, ווי אין אָנהויב פון דעם אויפשטאנד. דער דויערנדיקער קאמף, די בילדער פון הונגער און נויט אין זייערע היימען, וואָס זיי האָבן איבערגע־לאָזן הינטער זיך, די קלאנגען וועגן דער מעכטיקייט און גרויסקייט פון דער סעווערוס׳עס ארמיי, — דאָס אַלץ האָט אָפּגעשוואכט דעם פריערדיקן מוט. אָבער פון דער אנדער זייט האָט דאָס געפיל אז איצט קעמפן זיי די ענדגילטיקע שלאכט, צוגעגעבן נאָך מער מוט און אימפּעט ווי פריער. דערהויפּט האָט זיך אָט־דאָס פאר־שטארקטע געפיל געזען ביי די אַלטע אויסגעפּרואוווטע קריגער.

בר־כוכבא האָט מיט א גרויסער אידישער ארמיי זיך אוועק־געלאָזט באגעגענען דעם שונא.

די ערשטע צוזאמענשטויסן מיט די רוימער זיינען געווען גאנץ גינסטיק פאר די אידן, אָבער בר־כוכבא האָט איינגעזען אז ער איז צו שוואך צו באפאלן דעם שונא׳ס לאגער, וועלכער איז נאָך לעצטנס ארומגערינגלט געוואָרן מיט א גראָבן, פיר איילן די טיף און פיר איילן די ברייט.

אז סעווערוס האָט פון די ערשטע צוזאמענשטויסן זיך איבער־

צייגט, אז אזוי גרינג וועט ער בר־כוכבא׳ן ניט באזיגן, האָט ער זיך גענומען גרייטן פאר א לאנגן קאמף. ער האָט ארומגערינגלט די גרעניצן פון יהודה מיט א שטארקער וואַך, אזוי אז צו קריגן שפייז פון אויסערן לאנד איז פאר די אידן געוואָרן אוממעגלעך. איצט האָט דער הונגער גענומען זיך נאָך שטארקער פילן אין לאנד.

סעווערוס׳עס רייטער פלעגן מאכן פלוצימדיקע אָנפאַלן אויף די אָפּגעזונדערטע אָפּטיילונגען פון בר־כוכבאָ׳ס חיל און אזוי ארום איז אים געלונגען באדייטנדיק זיי אָפּצושוואַכן. קעגן אָט די רייטער האָט בר־כוכבא קיין קעגן־קראפט ניט געהאט, ווייל דער אראבישער שייך, אבו־נאזים, ווי נאָר ער האָט דערהערט וועגן דער מעכטיקייט פון דער רוימישער ארמיי, האָט ער זיך אונטערטעניקט צו די רוימער און אלס באווייז פון זיין טרייהייט צו די רוימער, האָט ער גאָר אין פאַראַט ארויסגעשטעלט זיינע רייטער קעגן די אידן!

ניט קענענדיק קעגנשטעלן זיך קעגן די רוימער אין אן אָפענער שלאכט, איז בר־כוכבא אָפּגעטראָטן צו דער ערשטער ליניע פון זיינע באפעסטיגונגען. דאָרטן, אין די שטעט פון מגדלה, כבול און סיכין האָבן די אידן אָנגעפירט אן עקשנות׳דיקן קאמף, פארהאלטנדיק דעם שונא אויף לאנגע מאָנאטן. נאָר איינציקווייז, איינציקווייז, זיינען די פעסטונגען באזיגט געוואָרן.

מוטיק האָבן די אידן פארטיידיקט זייערע היימען און יעדן דאָרף; יעדעס בערגל האָבן די רוימער בייגעקומען ערשט נאָך א שווערן קאמף. טייכן בלוט האָבן זיך געגאָסן פון ביידע זייטן. די רוימער האָבן קיינעם ניט געשאנעוועט, בלויז פרויען און קינדער וואָס מען האָט זיי געקאָנט פארקויפן פאר שקלאפן, פלעגן זיי איבערלאָזן.

די רוימער האָבן אונטערגעצונדן די דערפער, פארוויסט די שטעט, אויסגעריסן די ביימער און פארשאָטן די ברונימער.

נאָך א סך אָפענע שלאכטן, אין וועלכע בר־כוכבא׳ס ארמיי האָט ארויסגעוויזן גרויסע גבורות, איז בר־כוכבא ענדלעך אָפּגעטראָטן צו ביתר — צו דער לעצטער מעכטיקער אידישער פעסטונג.

# צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

הויך איבער די ארומיקע בערג און טאָלן האָט זיך געהויבן דער בארג, וואו די שטאָט ביתר איז געלעגן. דער דרום און מזרח זייט פון בארג האָבן זיך אראָפגעלאָזט מיט גלייכע פעלזיקע ווענט אין טיפע תהומ׳דיקע טאָלן. די צפונ׳דיקע זייט איז געווען א קייט פון משופע׳דיקע בערגלעך, וועלכע האָבן זיך געהויבן איינס קעגן דעם אנדערן; און נאָר די מערב־זייט האָט געהאט א גראדליניקן וועג, וואָס האָט זיך אלץ געהויבן ארויף. מיט דעם גראדליניקן וועג פלעגט מען אריינפאָרן אין ביתר ביזן אויבן פון בארג, וואו עס איז געווען פלאך. דאָרטן האָבן זיך געצויגן, איינס אין אנדערן, שמאָלע, פארדרייטע געסלעך. די הייזער, געבויט פון שווערע ניט־ארומגעהאקטע שטיינער, זיינען געווען ענג צוזאמענגעדריקט. די הייזער זיינען איצט געווען איבערגעפילט מיט מענטשן, וואָס זיינען זיך אהער צוזאמענגעלאָפן פון אלע עקן פון יהודה, זוכנדיק רעטונג פון דער פייער־שווערד פון די רוימער.

דעם לייכטן צוטריט צו ביתר פון מערב האָט בר־כוכבא פאר־שטעלט מיט א שטארקער מויער. אויפן מויער האָט ער אויסגע־בויט טורעמס. יעדער טורעם הונדערט און זעכציק איילן די הויך. אינעווייניק אין שטאָט, האָט בר־כוכבא אין די פאסיקע ערטער אויסגעגראָבן א ריי ברונימער, צונויפצוקלייבן דאָרטן וואסער. ער האָט באַזאָרגט די שטאָט אויך מיט א סך עסנווארג. מען האָט צוזאמענגעקליבן א סך געווער און שיס־מאַטעריאל. צווישן די טורעמס האָט מען אויסגעשטעלט קריגס־מאשינעס, וועלכע מ׳האָט פארכאפט פון די רוימער אין די פריערדיקע שלאכטן. אָבער זייער צאָל איז געווען קליין. לעבן די קריגס־מאשינעס זיינען געלעגן גרויסע קופעס שטיינער; קעסלען צו שמעלצן פעך זיינען געווען צוגעטשעפעט צו אייזערנע דראָנגען. דאָ און דאָרטן זיינען געלעגן הרודעס האָלץ. מען האָט זיך געריכט אויף א לאנגער באלאגערונג.

בר־כוכבא און די אָנפירנדיקע זעלאָטן האָבן געהאט זייער הויפט־קווארטיר אין הויז פון אבטליון בן אברהם, דעם רייכסטן פי־

הענדלער אין ביתר. דאָס הויז האָט זיך געפונען אויפן פי־מארק און איז באשטאנען פון א גרויסן בנין מיט א סך שטאָלן ארום, און אנדערע בנינים אין די הינטערשטע טיילן פון דעם הויף.

דאָ זיינען אויך איינגעשטאנען די אויפזעער איבערן פראָוו־יאַנט, אויך דער שאַצמייסטער, די לויפער מיט זייערע פלינקע אראַ־בישע פערד און נאָך אנדערע נאָענטע מלחמה־לייט.

דאָ, אין ביתר, האָט זיך אויך געפונען דינה, זיין נאָענטסטע, זיין טרייסטע!...

אָבער בר־כוכבא האָט איצט, אין אזוינע אָנגעשטרענגטע טעג, וויניק־וואָס זיך געקענט זען מיט דינה׳ן.

זי, דינה, איז איינגעשטאנען אין א הויז אויף א זייטיק געסל. זי האָט מיט זיך געהאט די צוויי קינדערלעך פון דעם העלדיש־פארשטאָרבענעם זעלאָט, יהודה. זי האָט דאָך יהודה׳ן צוגעזאגט, ווען יענער האָט גע׳גוסס׳ט, אז זי וועט זיין א מאמע צו זיינע קינדער. און אזוי טוט זי טאקע. זי האָדעוועט זיינע צוויי יתו־מים, לאה און מנחם.

פארנאכט. דינה גיט די קינדערלעך עסן און גרייט זיי צום שלאָפן. מנחמ׳ל האָט זיך היינט א גאנצן טאָג געשפילט אין מלחמה. פון א לאנגן שטעקן האָט ער זיך געמאכט א שווערד און מיט זיינעם א חבר׳ל זיך פארמאָסטן אין א שווערדן־קאמף... מנחמ׳ל האָט געשפילט פאר א בר־כוכבא און זיין חבר, דער קליי־נער שלמה׳לע, איז געווען טיטוס הרשע. אז זיין חבר, שלמה׳לע האָט זיך מיט אים, מנחמ׳ען געוואָלט איבערבייטן די ראָלן, האָט מנחם דאָס בשום אופן ניט געוואָלט און קליינוואָרג האָט זיך צע־שלאָגן אויף צונ׳אמת׳ן.

א וויינענדיקער איז מנחמ׳ל געקומען צולויפן צו דינה׳ן, ווע־מען ער און זיין שוועסטער, לאה׳לע, פלעגן רופן „מאמע״.

דינה האָט אים בארואיקט, געצערטלט. קוקנדיק אויף די צוויי קינדער, האָט א שניידנדיקער ווייטיק זי אדורכגענומען. אין מוח האָט ניט אויפגעהערט צו מאטערן: וואָס דערוואַרט איצט אָט־די צוויי אומשולדיקע שעפעלעך? זי האָט געפילט אז דאָ אין ביתר קומט דער סוף. סעווערוס איז צו שטארק. די אידישע מחנה

ווערט שיטערער. זי האָט געוואוסט אז דאָס איז אויך איר סוף. זי וועט טיילן בר־כוכבא׳ס גורל. אויף וועמען אָבער וועלן זיי, די יתומים, בלייבן? די געשטאַלט פון יהודה׳ן אין דער לעצטער נאכט פון זיין לעבן איז איצט ארויסגעשוואומען פאר איר. יענע נאכט און זיינע לעצטע בעטנדיקע ווערטער. צוויי גרויסע טרערן זיינען פון אירע אויגן אראָפּגעפאַלן...

אין טיר איז האַסטיק אריין איר ארויסהעלפערין, דבורה.

— אָך, דינה, דו זיצט גאָר דאָ? קום! נייע מענטשן זיינען נאָר־וואָס אָנגעקומען.

דינה האָט זיך אויפגעהויבן און איז מיט איר ארויס. אומע־טום, אין די גאסן, אין די ווייַנגערטנער און אין די פעלדער אויסערן שטאָט, זיינען געלעגן בינטלעך מענטשן מיט זייערע פעקלעך אויף דער ערד. דאָ לעבן זיי האָבן זיך געריסן די צוגעבונדענע ציגן. אנדערע זיינען געקומען מיט די אייזלען, אויף וועמענס רוקנס עס איז געווען אָנגעלאָדן דער גאנצער הויז־סקאַרב.

צווישן די ערשט־אָנגעקומענע זיינען געווען ווייניק מענער. מערסטנס זיינען דאָס געווען פרויען און קינדער פון מענער, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן מיט די רוימער, אָדער פון מענער וואָס זיינען שוין אומגעקומען אין די שלאכטן.

אויסגעמאטערטע, אויסגעהונגערטע, מיט אויגן פול מיט צער און יאוש, זיינען די ערשט־אָנגעקומענע געלעגן. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט א שטיל שלוכצן. הונגעריקע קינדער האָבן געוויינט; אויסגעהונגערטע ציגן האָבן רחמנות׳דיק געמעקעט.

דינה איז צוגעגאנגען צו א יונגער מוטער, וועלכע איז א פאַר־חלש׳טע געלעגן אויף דער ערד. לעבן דער מוטער׳ס אויסגעטריקנ־טער ברוסט האָט זיך געריסן אין געוויין א פיצל קינד. דינה האָט אויפגעהויבן דעם קליינינקן און צו אים א טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן.

— הונגעריק, האַ? באַלד, באַלד וועלן מיר עפּעס האָבן פאר דיר.

דאָס עופ׳עלע האָט אויסגעשטעלט אָ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן אויף דינה׳ן, האָט אויפגעהערט צו וויינען און האָט פריילעך

אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענטעלעך.

דינה האָט זיך צוגעבויגן צו דער פאַר׳חלש׳טער מוטער:

— און דו, טאָכטער פון ישראל, וואָס איז מיט דיר?

די יונגע מוטער האָט זיך צעוויינט. איר גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן אין שלוכצנדיקע ספּאַזמען. דינה האָט איר אָנגענומען ביי אַ האַנט און געוואָלט העלפן אויפהויבן זיך.

— קום! קום מיט מיר!

— אָ, לאָז צורו, איך בעט דיך! — האָט די יונגע פרוי גערעדט דורך די שלוכצן. — לאָז אזוי־אָ שטאַרבן. נאָר נעם צו דאָס עופ׳עלע.

— פאַרצווייפל ניט, טאָכטער פון ישראל, קום. וואו איז דיין מאַן?

די יונגע פרוי האָט זיך מיטאמאָל אויפגעהויבן. אירע פאַרלאָשענע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

— געשטאָרבן. ער איז געשטאָרבן פון די וואונדן נאָך אַ שלאַכט מיט די רוימער. איך מיטן קינד האָב געדאַרפט שטאַרבן מיט אים אינאיינעם, איידער אריינצופאלן אין די הענט פון די רוימער. כ׳האָב געוואָלט דער׳הרג׳ענען מיין אייגן קינד און זיך אליין. כ׳האָב דאָס אָבער ניט געטאָן. איך לעב. מיין קינד לעבט.

די פרוי האָט אַ שלוכץ געטאָן און אָנגעהויבן מיט אַ געביטענעם טאָן:

— און אפשר דאַרף איך לעבן. אפשר גאָר דאַרף איך שטאַרק זיין ווי אַ אידישע מאמע דאַרף זיין שטאַרק. און זאָל פון מיין דיך ארויסקומען אַ נייער דור זעלאָטן. אינאיינעם מיט מיין מוטער־מילך וועל איך שוין אין מיין קינד אריינגעבן דעם סם פון האַס צו די באַדריקער. גוט, איך גיי מיט דיר. איך וועל דיר העלפן...

דינה האָט די יונגע מוטער און איר קינד געבראַכט אהיים. דאָס קינד האָט אויסגעטרונקען אביסל מילך און איז רואיק איינגעשלאָפן. די מוטער איז געבליבן לעבן איר שלאָפנדיקן אינגעלע און דינה איז ווידער ארויס צו די אָנגעקומענע אַנטרונענע.

## דאָס פאַלן פון ביתר

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט דינה ניט געררוט. זי האָט געהאָלפן די ליידנדיקע און אין דער זעלביקער צייט האָט זי געזוכט צווישן די נייע אָנגעקומענע איר פאָטער. יעדעס מאָל ווען א נייע כוואַליע אַנטרונענע פלעגט אַריינפליִיצן אין ביתר, האָט דינה געהאָפט אז אויך איר פאָטער וועט זיין צווישן זיי. און יעדעס מאָל, ניט געפינענדיק אים, פלעגט א ווייטיק פריש איינשניידן זיך טיף אין הארצן. וואָס איז מיט איר אַלטן פאָטער? וואו איז ער איצט?

דער אַלטער אליעזר האָט מיט צער זיך אָפּגעקערט פון די זעלאָטן און פון בר־כוכבא׳ן, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר דעם הויפּט־שולדיקן אין דער מלחמה מיט די רוימער. ער האָט ניט אויפגעהערט צו גיין פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און רופן, בעטן די אידן צו בלייבן אונטערטעניק אונטער די רוימער. אָבער זיינע ווערטער האָבן ווייניק געהאָלפן. ווען בר־כוכבא איז געגאַנגען פון זיג צו זיג, ווען ער האָט איינגענומען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער און פון דאָרטן פאַרטריבן די רוימער, זיינען אַלע אידן געווען אזוי באַגייסטערט פאַר בר־כוכבא׳ן, אז קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די רייד פון אַלטן אליעזר, און אז סעווערוס מיט די שטאַרקע רוימישע לעגיאָנען איז אַריינגעדרונגען אין לאַנד, איז שוין דער אויפשטאַנד געווען צו ווייט פאַרגאַנגען, אז אליעזר׳ס ווערטער זאָלן קענען עפּעס אויפטאָן.

און די הויכע געשטאַלט פון אַלטן רבי אליעזר מיט זיין לאַנגער ווייסער באָרד האָט זיך טיף איינגעבויגן. ער האָט באַשאָטן זיין קאָפּ מיט אש און אָנגעטאָן אויף זיך א זאַק און אזוי מיט א שטעקן אין האַנט, פלעגט ער וואַנדערן איבער די חורבות און ווי ירמיהו באַוויינען דאָס גרויס אומגליק. געשפייזט האָט ער זיך מיט טרוקן פאַרדאַרט ברויט, גענעצט אין וואַסער, און שלאָפן פלעגט ער אויף דער הוילער ערד.

די רוימער האָבן אים שוין געקענט און פלעגן אים ניט באַלעסטיקן. אויב דער אַלטער אליעזר האָט נאָר געקענט עפּעס ראַטעווען פון די איבערגעבליבענע ישובים, פלעגט ער גיין צו די רוימער בעטן און וועקן ביי זיי רחמנות אָפּצוראַטעווען די שארית־

הפליטה. ניט איינמאל האָט ער זיין לעבן שיעור ניט פארלאָרן זיך פלאָנטערנדיק אין דעם געלאָף פון קריג... אָבער אליעזר — אויף זיין אופן — האָט אין זיין שתדלנות ארויסגעוויזן א סך העלדישקייט.

און אָפט פלעגט ער אין מחשבה דערזען פאר זיך די געשטאַלט פון זיין טאָכטער דינה׳ן, וועמען ער האָט אזוי ליב געהאט. ער האָט צו איר ניט געפילט קיין כעס פאר איר איבערגעבנקייט צו דער זאַך פון די זעלאָטן. טיף אין הארץ האָט ער געפילט אז סיי אים, סיי זיין דינה׳ן, און סיי שמעונ׳ען, באוועגט איין און דער זעלביקער כח: די טרייהייט צום פאָלק ישראל. נאָר די וועגן זייערע זיינען פארשיידענע. און רופנדיק צו הילף דעם גרויסן גאָט פון די אבות, פלעגט א הייסע תפילה אויפגיין אין זיין הארץ און א געבעט, אז זיי, דינה און בר־כוכבא און די זעלאָטן, זאָלן דערזען די קרומקייט פון זייער וועג און אויפגעבן דעם בלוטיקן קאמף מיט די רוימער.

דינה האָט איר טאטן צווישן די געקומענע ניט געפונען.

אויף מאָרגן גאנץ פרי איז דינה פארנומען געווען מיט צוגרייטן עסן פאר די ניי־צוגעקומענע קינדערלעך און מאמעס. זי האָט שוין אָבער געהאט א נייע ארויסהעלפערין. דאָס איז געווען די פאר׳חלש׳טע מוטער פונם קינד, די יונגע פרוי אָסנת, וועמען זי האָט נעכטן געגומען צו זיך.

שפעטער האָט זי פאנאנדערגעטיילט די קינדערלעך צו פאַמיליעס, וואָס האָבן נאָך געהאט פלאָץ פאר זיי און איז אליין אוועק צו בר־כוכבא׳ן בעטן אים, ער זאָל ארויסגעבן מער שפייז פאר די צוגעקומענע אנטרונענע.

בר־כוכבא און אייניקע אָנפירנדיקע זעלאָטן האָבן עפעס שנעל אונטערהאנדלט אין זייער קווארטיר ביי אבטליונ׳ען.

ווען דינה איז צו אים אריין, איז ארום בר־כוכבא׳ן געשטאנען א געווירבל פון מענטשן. מען האָט אומגעדולדיק געוואַרט. שטאָפעטן פון אלע ווינקעלעך פון דער נאָך־פארבליבענער פרייער יהודה האָבן געבראכט ידיעות. אנדערע האָבן געוואַרט אויף בר־כוכבא׳ס באפעלן.

# דאָס פֿאַלן פֿון ביתר

ביי דינה׳ס אריינקומען האָבן זיך אַלעמענס בליקן געווענדט צו איר. נאָר בר־כוכבא אַליין האָט, דאכט זיך, קיין אכט ניט געלייגט אויף איר אריינקומען. ער איז אינגאנצן געווען אריינ־געטאָן אין די לעצטע נייעסן פונם לאַנד און אין די נויטיקע פאַר־אָרדענונגען.

ענדלעך זיינען אַלע פאַראָרדענונגען געמאכט געוואָרן, די מענטשן זיינען אוועק און דינה איז פארבליבן אַליין מיט שמעונ׳ען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז געגאנגען איר אנטקעגן.

— פרידן צו דיר, דינה!

— אויך צו דיר, שמעון, טייערער.

זי האָט אויפגעהויבן אירע שווארצע אויגן און אריינגעקוקט טיף אין שמעונ׳ס אויגן. שמעונ׳ס בליק איז געווען טריב. זי האָט באַמערקט ווי שמעון האָט זיך פאר די לעצטע טעג פארעל־טערט און ווי מיד ער איז. דער שטאָלענער, שטענדיקער אָדלער־גלאַנץ פון שמעונ׳ס אויגן האָט זיך פארטונקלט. טיפע קנייטשן האָבן זיך געגרונצלט ביי די זייטן פון זיין שטערן.

ער האָט אריינגענומען אירע ביידע הענט אין זיינע. און מאָדנע! זיין געמיט איז מיטאמאָל לייכטער געוואָרן. די קנייטשן ארום שטערן זיינען עטוואָס מילדער געוואָרן. די אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט מיט א רואיקער גליקזעליקייט.

— געבענטשט זאָל זיין דיין קומען, דינה.

— ס׳איז דיר שווער, שמעון?

— שווער! זייער שווער, דינה. פון אַלע זייטן קלעפּ און פאררעטער. אָט דיין פאָטער! איצט ווען עס גרייט זיך די לעצטע שלאכט, גייט ער ארום אין פאַלק און שלאָפט־אָפּ דעם מוט ביי די קעמפער.

— מיין פאָטער? וואו איז ער?

— אָט טאקע ערשט איז געקומען א סאָלדאט און געפרעגט וואָס מען זאָל טאָן מיט דיין פאָטער, וואָס שוואַכט־אָפּ דעם מוט פון די קעמפער.

— פארדענק אים ניט, איך בעט דיך, שמעון, פאר זיינע

רייד. ניט פון בייזוויליקייט טוט ער דאָס, נאָר פון געטריישאפט צום פאָלק.

— כ׳האָב באפוילן ניט צו באלעסטיקן אים, אָבער ביז וואנען קען איך דאָס ליידן? ביז וואנען? איך זע, אויך דיר איז שווער, דינה.

— כ׳באקלאָג זיך ניט. איך בין מיט דיר און וויל דיר העלפן אין דיין שווערן וועג.

שמעון האָט זי צוגעצויגן און צוגעדריקט צו זיך.

— כ׳האָב ניט געזען קיין אנדער אויסוועג. מיר האָבן ניט געקעמפט פאר גאָלד, אָדער צו פארכאפן נייע מדינות. מיר האָבן זיך געשלאָגן פאר אונדזערע היימען, פאר אונדזערע בערג און טאָלן, פאר אונדזערע פרויען און קינדער. פאר אונדזער תורה און פאר וועלן אויסלעבן זיך אין איר פריי, פריי פון פרעמדן יאָך. ביז וואנען עס לעבט אין אונדז דער גייסט פון די זעלאָטן, וועלן מיר דעם קאַמף ניט אויפגעבן. ביזטו מיט מיר?

— מיר דיר, שמעון, טייערער.

— ביזן לעצטן סוף?

— ביזן לעצטן סוף.

שמעון האָט זי שטארקער צוגעדריקט צו זיך. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און דערפילט ווי נייע כחות זיינען אים צוגעקומען. זיינע אויגן האָבן ווידער אויפגעגלאנצט מיט א דורכדרינגענדיקן אָדלער־גלאַנץ.

# דריי און צוואנציקסטער קאַפּיטל

דער שטראָם פון די אַנטרינענדיקע אידן, וואָס זיינען געקומען זוכן רעטונג אונטער דעם שוץ פון בר־כוכבא׳ס שטאַרקן חיל און די שטאַרקע ווענט פון ביתר, איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

געיאָגט פון די רוימער, וועלכע האָבן ווי מיט א רייף ארומגערינגלט דעם נאָך פריי פארבליבענעם טייל פון יהודה און דאָס אלץ ענגער און ענגער צוזאמענגעצויגן, — זיינען זיי געלאָפן, זיך געשלעפּט איבער אלע וועגן און שטעגן צו דערגרייכן ביתר.

געווען זיינען דאָס מערסטנס פּויערים און אָרעמע מענטשן פון די קליינע ישובים. די רייכע, ווער נאָר עס האָט געקענט, האָבן געזוכט צו ראַטעווען זיך אין די שכנישע לענדער.

א טייל פּויערים האָבן אויף אָקסן־שפּאַנען אָנגעלאָדן זייער ביסל פארמעגן: פּעק מיט בגדים, צונויפגעבייטע שטרוי־מאַטראַצן, כלים און אקער־אייזנס. אויף די פּעק זיינען געזעסן כאָפּטעס קינדער, אלטע לייט, פרויען. די מענער זיינען געגאנגען פאָראויס, אונטעריאָגנדיק די לאַנגזאַם־שפּאַנענדיקע אָקסן. אנדערע ווידער האָבן אויף א קליין אייזעלע אָנגעלאָדן זייער גאנצן האָב און גוטס. אָבער די מערסטע האָבן געטראָגן זייער לעצטן דלות אין קלומיקלעך אויף זייערע אייגענע פּלייצעס. זיי האָבן אויך מיטגעשלעפּט מיט זיך די לעצטע שפּייזערינס פון דער משפּחה: קי און ציגן.

צוגלייך מיט אָט־דעם שטראָם אנטרינענדיקע, זיינען יעדן טאָג אויך אָנגעלאָפן נייע קריגער, וועלכע האָבן ביזן לעצטן אָטעם אָנגעהאלטן דעם קאמף מיט די רוימער. אָט־די צוגעקומענע וועלכע האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן נאָר־וואָס געזען ווי זייערע היימען זיינען פאַרוויסט געוואָרן, זיינען געווען נאָך בייטערער אַנטשלאָסן אָט־דאָ, אין די ווענט פון ביתר, אויסצוקעמפן די לעצטע שלאכט מיטן שונא!

א ניט־געשטילטער פייער פון האַס צו די רוימער האָט געברענט אין זיי! אָט־דער האַס און די איבערגעגעבנקייט צו דער

# בר־כוכבא

זאַך פון פרייהייט, האָט זיי צונויפגעשמאָלצן מיט זייער פירער, מיט בר־כוכבא׳ן.

אין דער פרימאָרגנדיקער שמירה, האָט דער וועכטער באַמערקט אַ געדיכטע שווארצע מאַסע באַוועגט זיך אין דער ריכטונג פון ביתר און ער האָט גלייך געשיקט אָנזאָגן בר־כוכבא׳ן, אז דער שונא דערנעענטערט זיך.

בר־כוכבא איז שנעל געקומען צולויפן. פון דערווייטנס האָט ער געזען ווי איינגעוויקלט אין אַ וואָלקן פון שטויב באַוועגט זיך, ווי א שווארצער היישעריק, די געדיכטע מאסע פון רוימישן חייל. אַ ווײַלע איז ער געשטאנען און נאָכגעקוקט די באוועגונג פון דעם שונא.

די נייעס איז בליץ־שנעל ארומגעלאָפן איבער דער שטאָט. אַלע האָבן זיך ארויסגעשאָטן אויף דער מויער־וואַנט און מיט האַרץ־קלאפעניש געקוקט אויפן רוימישן חייל. — עס דערנעענטערט זיך די לעצטע שלאַכט!

די רוימער זיינען צוגעקומען נעענטער. צוואנציק סטאַדיעס פון ביתר, האָט סעווערוס באַפוילן אָפּצושטעלן זיך.

די רוימער האָבן צוגעשמידט זייערע בליקן צו די פעסטונג־מויערן, וואָס זיינען איצט שווארץ געווען מיט מענטשן. די רוימישע פארצוקונג־בליקן האָבן לאַנג באַטראַכט און געפּאָרשט די ארומיקע פעלזן און צוטריטן צו ביתר. אין רוימישן לאַגער האָט געהערשט אַן אומגעדולדיקייט. די הערצער האָבן געברענט מיט חיה׳שער דערוואַרטונג. באַלד וועט מען ענדיקן די מלחמה און מען וועט זיך אָנזעטיקן מיט נקמה און מיט רויב...

סעווערוס האָט ארומגערינגלט די פעסטונג מיט א צווייענדיקער קייט פון פוסגייער און איז צוגעטראָטן אויפצושטעלן זיין לאַגער.

די לאַגער־בויער מיט זייער געצייג האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט, בשעת די אנדערע רוימער האָבן געהאלטן וואַך אויף די קריגס־מאַשינען.

בר־כוכבא האָט צוגערופן עמוס׳ן און אים עפּעס שטיל באַפוילן.

## דאָס פאַלן פון ביתר

עמוס האָט אויסגעקליבן אַן אָפּטיילונג פון חיל און איז מיט זיי פאַרשוואונדן אין איינעם פון די אונטערערדישע גענג. בר־כוכבא איז געבליבן אין טורעם, אויף דער מויער־וואַנט.

עמוס מיט זיינע קריגער האָבן זיך ארויסגע'גנב'עט פון פעס־טונג, זיינען שטילערהייט צוגעקומען צו די רוימישע לאַגער־בויער, וועלכע האָבן גאָרנישט פאַרדעכטיקט, און זיי באַפאַלן. איידער די רוימער זיינען געקומען צו זיך פון איבערראַשונג, האָבן די אידן באַגאָסן מיט סמאָלע דעם צוגעגרייטן האָלץ־מאַטעריאַל און די וואָפּמאַשינען און זיי אונטערגעצונדן! שנעל האָט דאָס פייער ארומגעכאַפּט די אויסגעטריקנטע טיילן פון די מאַשינען און א שטיקנדיקער, שווארצער רויך האָט איינגעוויקלט דעם גאַנצן רוימישן לאַגער.

דאָס פייער איז געווען דער דערוואַרטנדיקער סיגנאַל פאַר בר־כוכבא'ן. ער האָט זיך מיט זיינע גבורים א לאָז געטאָן אויף די רוימער. די צווייענדיקע קייט סאָלדאַטן איז דורכגעבראָכן געוואָרן און מיט אַן אימפּעט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט, האָבן די זעלאָטן זיך אַ וואָרף געטאָן אנטקעגן דעם גאַנצן רוימישן חייל, וועלכער האָט נאָך ניט באַוויזן זיך צו באַפעסטיקן און ווי געהעריק פאַנאַנדערצעוויקלען זיך.

אין רוימישן לאַגער האָט אויסגעבראָכן א מהומה. די קריג־געשרייען פון די אידן, זייער אימפּע,ט זייער משוגע'נע דרייסט־קייט, — דאָס אַלץ האָט אַזוי ווי פאַראַליזירט די רוימער. זיי האָבן גענומען אָפּפאַלן. ניט פאַרלאָרן זיך אָבער האָט זייער הויפּט־קאָמאַנדיר — סעווערוס. ער האָט באַפוילן די רייטער ארומרינגלען די אידן און זיי צו אַטאַקירן. די גרויסע מאַסע ריי־טער האָט זיך דאַן צעטיילט אויף צוויי אָפּטיילונגען און זיך גע־לאָזט אויף די אידן פון די פלאַנקען. פאַר א צייט האָבן די אידן זיך געהאַלטן מוטיק. אָבער אַז דער דרוק איז געוואָרן שטאַרקער, האָבן זיך די קעמפער צוריקגעצויגן הינטער די ווענט פון ביתר.

די פרייד פון די אידן איז געווען גרויס: דער ערשטער ארויסטריט קעגן די רוימער איז געווען געלונגען. די רוימער האָבן געהאַט באַדייטנדיקע פאַרלוסטן אין גע'הרג'עטע און פאַרוואונדע־

טע, אין דער צייט ווען די פארלוסטן פון די אידן איז ניט געווען צו גרויס. דערצו זיינען גלייך צעשטערט געוואָרן פיל רוימישע קריגס־מאַשינען. בר־כוכבא׳ן האָט דער געלונגענער ערשטער ארויס־טריט געגעבן נייע האָפענונגען און געשטארקט זיין הארץ.

אָבער אין דערפרי האָבן די אידן דערזען, אז דער שונא האָט זיך ווידער גענומען אויפשטעלן זיין קריגס־לאגער. די באשעדיק־טע מאשינעס און האָלאָוועשקעס פון דעם פריער־צוגעגרייטן בוי־מאטעריאל זיינען אָפגערייניקט און אוועקגעשלעפט געוואָרן. ארום דער פעסטונג האָט זיך שוין איצט געצויגן א דרייפאכיקע קייט פון קריגער. און א חוץ דעם האָט סעווערוס אויסגעשטעלט אין סטרא־טעגישע פונקטן אָפטיילונגען פון רייטער.

ניט געקוקט אויף די פלוצלינגע ארויספאלן פון בר־כוכבא׳ס חיל קעגן די רוימער, איז דאָך די לעצטע געלונגען אין א וואָך צייט אויפצושטעלן זייער לאגער. איצט האָט סעווערוס צונויפגערופן די עלצטע אָפיצירן אויף א באראטונג. ער האָט אויסגעהערט די מיינונג פון די מערסטע. זיי האָבן געגאַרט וואָס שנעלער פאר־טיק צו ווערן מיט דער לעצטער פעסטונג פון די אידן. אָבער סע־ווערוס איז געווען מער געניט פון זיי און האָט גוט באגריפן אז מיט א באלדיקן שטורעמען די מויערן וועט ער גאָרניט אויפטאָן. ער האָט געהאט אן אנדער פלאן. פריער דארף מען אָנווארפן א מורא און ברעכן דעם מוט ביי די אידן, האָט ער זיך געטראכט.

סעווערוס האָט באפוילן די אָפיצירן אויסשטעלן דעם גאנצן חייל אויף אן אָרט, פון וואנען די אידן זאָלן זיי גוט קענען זען. כדי נאָך מער צוציען די אויפמערקזאמקייט פון די באַשיצער פון ביתר, האָט ער אויך געהייסן שפילן זייערע מיליטערישע קאפעליעס. דעם דאָזיקן מאָדנעם פאַראַד האָט דורכגעפירט ער, דער אויבער־קאָמאנדיר סעווערוס אליין. מיט בלויזע שווערדן און אין פולער באוואָפענונג האָבן דורכגעמארשירט די פוס־גייער; די רייטער האָבן געפירט פאר די האלטערס די אויסגעפוצטע פערד. די קאפע־ליעס האָבן געשפילט. פון מויער האָט מען געזען פינקלען דאָס בליאַסטשענדיקע רוימישע געווער, דעם פאָן־געפלאַטער פון די

לעגיאָנען, מיט זייער גאָלדענעם אָדלער. דער פאראד האָט זיך געצויגן שעה נאָך שעה.

סעווערוס האָט געוואָלט צעברעכן די נערוון־פעסטקייט פון די אידן... ער האָט אויסגעקוקט אויף דעם איינדרוק וואָס עס וועט מאכן אויף די אידן דער אויסשטעל פון דעם מעכטיקן רוימישן חייל! דער ריזיקער פאראד האָט אזוי ווי גערעדט צו אידן דאָרט אויף דער מויער:

— זייט ניט קיין נאַראָנים! גיט זיך אונטער! איר זייט סיי־ווי פאַרלאָרענע!

סעווערוס איז נאָכן פאַראַד געבליבן וואַרטן. אפשר וועט בר־כוכבא ארויסשיקן צו אים א שליח, און בעטן שלום, זיך אונטער־געבן, הייסט עס.

און בר־כוכבא׳ס ענטפער איז געקומען אויפן דריטן טאָג. אָבער דאָס איז געווען ניט קיין ענטפער פון אונטערטעניקייט. גע־ווען איז דאָס גאָר אן ענטפער פון העלדישקייט, פון פייער און שווערד: ביתר וועט אזוי שנעל ניט אָפּגעגעבן ווערן!

א געדיכטע מאַסע קריגער זיינען פלוצלונג ארויס פון ביתר און געמאכט א דרייסטן אָנפאַל אויף די רוימער. די ערשטע רוי־מישע פאַטרולן זיינען באלד פארניכטעט געוואָרן. די אידן זיי־נען צוגעקומען צום לאגער פון די רוימער, האָבן צעשטערט די דעכער און אונטערגעצונדן די באפעסטיגונגען. די שלאכט האָט געדויערט א גאנצן טאָג. די רוימער האָבן געהאט פיל שאָדן.

בר־כוכבא׳ס ענטפער האָט סעווערוס׳ן ארויסגעבראכט פון זיך. ער האָט זיך געטראכט: — אויב די אידן זיינען אזוי האַרט־נעקיק, דאַן מוז מען שטורעמען זייער פעסטונג!

קעגן פרימאָרגן האָט סעווערוס אויסגעשטעלט זיין גאנצן חייל. פלוצלונג האָבן א הילך געטאָן די טרומייטן פון אלע לע־גיאָנען. די לופט איז פארהילכט געוואָרן מיט דעם אויסגעשריי פון דער הונדערט טויזנט קעפיקער ארמיי און די עכאָ פון די בערג האָט נאָך שטארקער צעקלונגען דעם אויסגעשריי. ס׳איז געגעבן געוואָרן א סיגנאל און אלע בויגנשיסער האָבן ארויסגע־לאָזט א געדיכטן האָגל פון פייער־פיילן!

אזוי ווי א געדיכטע, טונקעלע מאַסע האָט זיך די פיילן כוואַליע געטראָגן — ראַש, צום מויער!

אָבער די אידן זיינען באַשיצט געווען פון הינטער די טורעמס און האָבן אויסגעמיטן די פיילן.

דאַן איז געקומען א צווייטער סיגנאַל: שטורעמען! שטורעמען די אידישע פעסטונג — צו דער מויער־וואַנט!

די אויסגעשטעלטע מאַסע רוימער האָט זיך א לאָז געטאָן פאָראויס, צו דער מויער. יעדער סאָלדאַט האָט געטראָגן איבערן קאָפּ א שילד, זיך צו באַשיצן פון די פיילן, וואָס זיינען געפלויגן פון אויבן־אראָפּ, און אונטערן אָרעם האָט יעדערער פון זיי נאָך געטראָגן א זעקל ערד. צולויפנדיק צו דער מויער, האָט יעדער דאָס זעקל געדאַרפט א וואַרף טאָן אויף דער ערד, כדי פון די אַלע טויזנטער זעקלעך זאָל זיך אויסבילדן א דאַמבע, א קריך־באַרג, אַרויפצוקריכן אויף דער מויער!

דער מענטשן־שטורעם האָט אָנגעהאַלטן! די דאַמבע איז געוואַקסן!...

אָבער די זעלאָטן האָבן גענומען וואַרפן גרויסע שטיינער אַראָפּ, און באַלד איז די זעקלעך־דאַמבע געווען פאַרלייגט מיט דער׳הרג׳עטע רוימער.

אַז סעווערוס האָט דערזען די שווערע פאַרלוסטן, וואָס זיינע סאָלדאַטן האָבן געליטן, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם אָנגריף. קיין אנדער אויסוועג איז ניט געבליבן ווי גרייטן זיך פאַר א לאַנגן קאַמף און אָנהויבן די באַלאַגערונג פון ביתר.

דעמאָלט האָט סעווערוס פאַראָרדנט אויפצובויען א וואַל ארום דער מויער און האָט אַרויסגעשיקט זיינע סאָלדאַטן אויסצעהאַקן די קליינע וועלדלעך ארום ביתר און ברענגען דיביימער אוןביימלעך פאַר דעם וואַל. אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן קליינע אָפּטיילונגען פון זעלאָטן זיך דורכגעגנב׳עט דורך די אונטערערדישע גענג און זיך באַהאַלטן אין די וועלדלעך. ווען די רוימער זיינען אין פרימאָרגן געקומען אויסהאַקן די ביימער, זיינען זיי פון די אידן־קריגער פּלוצלונג באַפאַלן געוואָרן און זיינען אויסגעשלאַכט געוואָרן.

## דאָס פאַלן פון ביתר

אָט די געשעעניש אין די וועלדלעך האָט נאָך מער ארויסגע־בראכט סעווערוס׳ן פון געדולד. אפילו די העלדישע בריטאַניער האָבן ניט ארויסגעוויזן אזוי פיל פארביסנקייט ווי די אידן! ער האָט פארשטארקט די שמירה ארום דער פעסטונג און צו יעדער אָפטיילונג פון די האָלץ־העקער צוגעגעבן א מיליטערישע וואַך. איצט איז די ארבעט פון צושטעלן מאטעריאַלן פאַר דער וואַל געגאנגען אָן אונטערברעכונג. די רוימער האָבן אויפגעצויגן גע־פלאָכטענע דעכער איבער באַלקנס צו באשיצן זיך פון דעם האָגל שטיינער און פיילן, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קומען פון די מויער־ווענט. אונטערן שוץ פון אָט־די דעכער איז די ארבעט צו־געגאנגען געשווינדט. אייניקע האָבן צוגעשטעלט דאָס האָלץ, אנ־דערע שטיינער און אנדערע — ערד. די אידן האָבן מיט שרעק צוגעקוקט ווי די דאמבע וואַקסט און אָט איז די דאמבע שוין גע־ווען א העלפט די הויך פון מויער!

דעמאָלט האָט בר־כוכבא אָפּגעקליבן די שטארקסטע גבורים פון זיין חייל און מיט זיי געמאכט אן ארויספאַל קעגן שונא. מיט אימפעט האָבן זיי זיך א לאָז געטאָן אויף די רוימער, האָבן אויס־גע׳הרג׳עט די פאָדערשטע רייען און אריינגעדרונגען ביזן וואַל און — אונטערגעצונדן! דער פייער האָט זיך שנעל פארשפרייט און די דאַמבע איז פון זיך אליין איינגעפאַלן מיט א מורא׳דיקן קראַך. א גאנצן טאָג האָט זיך געצויגן דער געשלעג. פאַרנאַכט־צו, ווען אויסגעמאטערטע האָבן זיך די אידן צוריקגעצויגן, זיינען זיי ארויף אויף דער מויער־וואנט און אראָפּגעקוקט צום רוימישן לאַ־גער און צו דער דאמבע. הרודעס שווארצע האָלאָוועשקעס פון די פארברענטע מאשינעס און באַלקעס האָבן ארויסגעשטארטשט. די זאָרג און די שרעק פון די לעצטע טעג איז אָפּגעטראָטן, און די האָ־פענונג אויף א זיג איז שטארקער געוואָרן...

דאָס צעשטערן פון דער דאַמבע האָט אינגאנצן אָפּגענומען דעם מוט ביי די רוימער, ווייל זיי האָבן געזען ווי די ארבעט פון א סך טעג איז צוניש געוואָרן אין עטלעכע שעה. א סך רוימער האָבן זיך שוין מייאש געווען פון איינצונעמען די שטאָט.

איצט, האָט סעווערוס געטראכט, איז דאָס בעסטע ארומצו־

רינגלען די פעסטונג מיט א קייט פון סאָלדאטן און ניט צולאָזן אהין קיין שפייז. די פעסטונג וועט פאלן פון הונגער. אָבער דאָס וואָלט פון אים צוגענומען דעם גאנצן רום פון באזיגן די אידן און זיין באַרימטקייט אלס קאָמאַנדיר וואָלט פארקלענערט געוואָרן. דעריבער האָט סעווערוס באשלאָסן ווידער אויפצובויען די דאמבע. כדי צו באוואָרענען זיך פון די עקשנות׳דיקע אידן, האָט ער באַשלאָסן אויסצושטעלן ארום אלע אראבישע בויגנשיסער און די סירישע שליידערער און שטיינוואַרפער.

מיט מער איינגעשפארטקייט האָבן די רוימער ווידער זיך גענומען בויען דעם וואַל. איצט, אז די אידן האָבן ניט געוואַגט צו באווייזן זיך אויף דער מויער־וואַנט, ווייל זיי פלעגן באלד אַראָפּגעשאָסן ווערן פון די אראבישע בויגן־שיסער און סירישע שליידערער, איז די דאמבע געוואַקסן שנעל און, ווען די הויך פון וואַל האָט זיך דערנעענטערט צו דער הויך פון מויער, האָט סעווערוס געהייסן ברענגען דעם שטורעם־באַק.

הונדערטער סאָלדאַטן האָבן זיך איינגעשפאנט און געשלעפט א מורא׳דיקן גרויסן באַלקן אויף דעם וואַל. דער באַלקן איז געווען ענלעך צו א מאסטבוים פון א שיף. אויפן פאָדערשטן שפּיץ איז ער געווען באשלאָגן מיט א גראָבן אייזן, וואָס האָט געהאט די פאָרם פון א קאָפּ פון אַ באַראַן. אינמיטן איז דער באַלקן געהאנגען האָריזאָנטאַל, אָנגעבונדן אויף אַן אנדער באַלקן, וואָס איז געווען באפעסטיקט פוןביידע זייטן אויף גראָבע קלעצער.

בעת מען פלעגט לאָזן דעם שטורעם־באַק שטויסן דעם מויער, פלעגט ער פון א סך מענטשן פריער געצויגן ווערן אהינטער און דערנאָך מיט פאראייניקטער קראַפט געשטויסן ווערן פאָראויס אויף די שטיינער פון דער מויער־וואַנט!

— מען מוז דעם שטורעם־באַק פארניכטן! — האָט בר־כוכבא באפוילן. — ווער מיט מיר?!

און בר־כוכבא האָט זיך א לאָז געטאָן אויף די רוימער מיט זיינע געוואַגטסטע קריגער. אליין האָט ער געטראָטן פאָראויס, באגלייט פון זיין איבערגעגעבענעם חבר, יוחנן פון טבריה.

יוחנן האָט זיך שטענדיק געהאלטן לעבן בר־כוכבא׳ן און אין

# דאָס פּאַלן פון ביתר

די שלאַכטן געווען דער איבערגעגעבנסטער און געטרייסטער ארויס־העלפער זיינער. אין זיינע בליקן צו בר־כוכבא׳ן האָט זיך תמיד געזען: יראת־הכבוד, באוואונדערונג!

די רוימער האָבן קענטיק דערוואַרט בר־כוכבא׳ס ארויסטריט און זיינען געווען גוט צוגעגרייט. א גאנצן טאָג האָבן זיי צוריק־געשלאָגן די אידן אין זייער פאַרזוך צו צעשטערן דעם שטורעם־באָק און די זעלאָטן האָבן זיך געמוזט צוריקציען אנטמוטיקטע.

מיט אמאָל איז מיט יוחנן עפּעס געשען. זיין בליק איז גע־וואָרן פינצטער. היינטערן מויער איז ער אָפּגעשפּרונגען פון בר־כוכבא׳ן און אים אָנגעקוקט מיט א מאָדנעם שטאַרן בליק. דער־נאָך האָט ער ארויסגעלאָזן א יללה:

— ווייי, וויי צו אונדז, זין פון יהודה! עס קומט, עס קומט דער טאָג פון אונטערגאנג!

בר־כוכבא האָט זיך אומגעקוקט. יוחנן איז געווען אינגאנצן פאַרענדערט. די שווארצע אויגן האָבן אימה׳דיק ארויסגע־שטאַרטשט. ארום מויל האָט געשלאָגן א ווייסער שוים.

— שווייג! — האָט בר־כוכבא א געשריי געטאָן.

— ניין! איך וועל ניט שווייגן! וויי איז צום פאָלק! וויי צו די פרויען און קינדער! וויי צו דער שטאָט!

— שווייג! שווייג זאָג איך דיר! — האָט בר־כוכבא געדונערט און געפילט ווי דער ווייטיק פאַרטונקלט זיין מוח.

— ניין! ניט שווייגן וועל איך, נאָר שרייען אין די אויערן פון פאָלק אז דו ביזט ניט משיח! אז דו... דו...

בר־כוכבא האָט ארויסגעצויגן זיין שווערד, און אין א רגע איז יוחנן געלעגן אויף דער ערד אין א טייך פון בלוט.

און אז בר־כוכבא האָט ארויסגעצויגן זיין שווערד פון יוחנן׳ס האַרץ, האָט ער דאָס בלוט ניט געקענט אָפּווישן און האָט אויך ניט געקענט אריינלייגן די שווערד צוריק אין שייד. ער האָט זיך ארומגעקוקט. די קריגער האָבן געזוכט אויסצומיידן זיין בליק. און דאן האָט ער דערפילט אז די נאָענטקייט און דער בונד, וואָס האָט זיי — אים מיט די זעלאָטן — אזוי לאַנג צונויפגעשמידט און געהאלטן צוזאמען אינאיינעם, איז צערונען געוואָרן; אז צווישן

אים און די איבעריקע קריגער שטייט א וואַנט און אינמיטן פון אַט־
דעם גרויסן המון איז ער מורא׳דיק איינזאם!...

ער האָט זיך געלאָזן לויפן איבער די גאסן פון ביתר אזוי־אַ,
האלטנדיק די פארבלוטיקטע שווערד אין האנט. ער איז געלאָפן
פון איין גאס אין דער צווייטער, ווי געיאָגט און געשמיסן פון די
בליקן פון די מיטקעמפער, וועלכע ער האָט געפילט, געשפירט,
כאָטש ער האָט זיי ניט געזען...

די שווערד האָט אים געצויגן אראָפּ, אראָפּ, און האָט זיך
אויסגעוויזן צו זיין זייער שווער, אָבער אוועקוואַרפן זי האָט ער
ניט געקענט. זי איז געווען א ירושה פון זיין פאָטער, דער צייכן
פון דעם שטאם, פון דוד בן ישי. אָבער די בלוט־פלעקן, האָט זיך
אים געדאכט, האָבן אראָפּגעשריען: „דו, דו דער ערשטער האָסט
פארשוועכט די ירושה מיט בלוט פון דיין אייגענעם ברודער!״

אזוי איז ער געלאָפן און געלאָפן, ביז זיינע טריט האָבן אים
פארפירט צו דינה׳ן. דאָרטן איז ער א מאכטלאָזער אנידערגעפאלן
צו דער ערד מיטן קאָפּ אויף זיינע הענט. אזוי איז ער לאנג גע־
לעגן און פון די טיפעניש פון זיין הארץ האָט ער תפילה געטאָן:

— „גאָט! אָ, גרויסער גאָט! דו, וואָס זעסט דורך די הערצער
פון די מענטשן! דו, דו ווייסט דאָך אז איך האָב ניט געוואָלט זיין
משיח! דו, דו ווייסט דאָך, אז איך האָב נאָר געוואָלט דינען דיר,
און מיין פאָלק מיט מיין גאַנצער נשמה. האָסטו דען ניט אליין
דורכן מויל פון פאָלק מיך אָנגערופן: „משיח״? האָסטו דען ניט
גערעדט דורכן מויל פון דיין הייליקן דינער רבי עקיבא? און אויב
דו ווילסט אונדז ניט העלפן, דאַן העלף־זשע כאָטש אויך ניט אונד־
זערע שונאים!״

אזוי האָט ער תפילה געטאָן.

מיטאמאָל האָט ער דערפילט א האנט. ער האָט אויפגעהויבן
זיין קאָפּ און באגעגנט דינה׳ס אויגן. זי האָט געקוקט אויף אים
און אויף זיין טיפן צער און ניט געהאט קיין ווערטער פון טרייסט
פאר אים, נאָר פון איר בארירונג אליין איז אים עטוואָס לייכטער
געוואָרן.

און דאַן האָט ער אויפגעציטערט. ס׳האָט זיך דערטראָגן א

# דאָס פאַלן פון ביתר

לאנגער, טעמפער קלאפּ. דער ערשטער קלאפּ האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ קרעכץ פון א פארוואונדעטער חיה. דאָס האָט געקרעכצט דער מויער פון ביתר. דערנאָך זיינען געקומען אנדערע קלעפּ, מער מעכטיקערע. בר־כוכבא האָט זיך אַ צאפּל געטאָן. דער שטור־רעם־באָק האָט אָנגעהויבן זיין שרעקלעכע ארבעט. בר־כוכבא איז אויפגעשפּרונגען און זיך צוריק געלאָזט צו דער מויער־וואנט.

ווען ער איז געקומען צולויפן איז א שטיק וואנט שוין גע־לעגן צעקרישלט. א מורא׳דיקער כוח האָט אים באוועלטיקט. ער האָט געכאפּט א גרויסן שטיין און פון מויער־וואנט דאָס א וואָרף געטאָן אויפן קאָפּ פון שטורעם־באָק. דער שטיין האָט אראָפּגע־קלאפּט די קאָפּ פון באָק. די רוימער ארום שטורעם־באָק זיינען געבליבן פארוואונדערט. בר־כוכבא האָט זיך א לאָז געטאָן אויף דעם פארוואונדערטן שונא. נאָך אים האָבן זיך א לאָז געטאָן די קריגער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער מויער־וואנט ווי א שטורעם־ווינט האָט בר־כוכבא זיך אריינגעריסן אין די רייען פונם שונא, האָט מיט דער שווערד געשניטן רעכטס און לינקס. די אידן זיינען צוגעקומען צום פארוואונדעטן שטורעם־באָק און אים אונטערגעצונדן. די רוימער האָבן געמאכט א שטארקן פארזוך דאָס פייער אויסצולעשן. נאָר די אידן זיינען אריינגעטראָטן אין א פארביטערטן געפעכט. דערווייל האָט זיך דאָס פייער צע־שפּרייט. די פלעקער אויף וועלכע דער האָריזאָנטאַלער באַלקן האָט זיך געהאלטן, זיינען איינגעפאלן און דער גרויסער באלקן, די גרויס פון א מאסטבוים, איז אויך איינגעפאלן און צוגעדריקט צו דער ערד, צום טויט, א פּאָר צענדליק רוימער.

אז בר־כוכבא מיט זיינע קריגער האָבן זיך נאָכן געפעכט צוריק־געצויגן אין ביתר, האָט ער דערזען ווי עס לויכטן די בליקן פון די זעלאָטן און זיי קוקן אויף אים מיט אנטציקונג. און א פרייד איז אויפגעגאנגען אין זיין הארצן: גאָט האָט דערהערט זיין תפילה! זיין בונד מיט די זעלאָטן איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרן!

אויף מאָרגן האָבן די רוימער גענומען איינשטעלן אַן אנדער שטורעם־באָק. די גאנצע צייט וואָס די רוימער זיינען געשטאנען ביי דער ארבעט פון אויפשטעלן דעם נייעם שטורעם־באָק, זיינען

געשטאנען גרייט גרויסע אָפּטיילונגען פון סירישע שיסער און שליי־
דערער און קלענערע אָפּטיילונגען פון רייטער.

באלד האָבן די אידן מיט שרעק דערזען ווי הונדערטער רוי־
מער שלעפּן שוין דעם נייעם שטורעם־באָק אהינטער און דערנאָך
מיט א גרעסערן אימפּעט פאָראויס! מיט א קרעכץ האָט די איי־
זערנע קאָפּ פון שטורעם־באָק זיך ווידער איינגעגראָבן אין מויער־
וואנט. פון אָנהויב האָט דער מויער אויסגעהאלטן די קלעפּ, דער־
נאָך אָבער האָט די וואנט גענומען ציטערן. דאן האָט בר־כוכבא
געהייסן אָנפילן גרויסע זעק מיט שטרוי און אראָפּלאָזן די זעק
אויפן פלאץ וואו ער גרייט זיך דער קלאפּ. איצט איז אָנגעגאנגען
א שפּיל פון די, פון אונטן, וואָס האָבן באוועגט דעם שטורעם־באָק
און די, פון אויבן, וואָס פלעגן איטלעכן מאָל קונציק אונטערשטעלן
דעם זאק שטרוי און אָפּשוואכן די קלעפּ. די רוימער פלעגן בא־
גלייטן די געשיקטע ארבעט פון די אידן מיט שרעקלעכע זידלע־
רייען און קללות.

צום סוף פון טאָג זיינען די רוימער געפאלן אויף אַן המצאה.
זיי האָבן צוגעבונדן פון פאָרנט א מעסער און דער מעסער האָט
דעם זאק אָפּגעשניטן.

די נאכט האָט געמאכט א סוף צום שטרייט.ביידע צדדים
זיינען געווען אויסגעמאטערט. אין אידישן לאגער האָט שמעון
פאנאנדערגעשטעלט די פּאָסטנס און געהייסן די סאָלדאטן גיין רוען.
ער האָט זיך געשראָקן פארן מאָרגנדיקן טאָג, ווען דער שטורעם־
באָק וועט ווידער אָנהויבן זיין געפערלעכע ארבעט. ווען די שוץ־
מויער זאָל איינפאלן, דאן קען סעווערוס אָנהויבן שטורעמען די
פעסטונג.

אלץ איז איינגעשלאָפן אין א מידן שלאָף און די נאכט א
פינצטערע, אן אָנגעלאָדענע מיט אן אומהיימלעכן מאָרגן, האָט
געהויערט איבער אלעמען...

בר־כוכבא האָט זיך קיין רו ניט געפונען. שטיל האָט ער
זיך אויפגעהויבן און איז ארויס אויף דער שוץ־וואנט, און אראָפּגע־
קוקט צום שונא׳ס לאגער. פון דאָרטן האָבן זיך געטראָגן די ריט־
מישע טריט פון די וועכטער. אזוי איז אלץ געווען איינגעהילט

## דאָס פאַלן פון ביתר

אין חושך. אז בר־כוכבא האָט זיך גוט איינגעוויגן מיט די אויגן אין חושך האָט ער דערזען די גאנצע טייוולשע מאכט פון די רוי־מער. אלץ איז דאָ געווען אויסגעשטעלט מיט א סדר: די באליסטן, די קאטאפולטן, די ווארפ־מאשינען און דאָס שרעקלעכסטע פון אלץ — דער שטורעם־באָק! מיט אמאָל האָט אין חושך זיך א שטארקער ווינט א הויב געטאָן און זיך גענומען טראָגן אין זייט פון שונא׳ס לאגער. בר־כוכבא האָט דאָ דערזען א נייע געלעגנ־הייט. ער האָט צוגערופן די וועכטער און געהייסן ברענגען א סך טרוקן האָלץ. דאָס האָלץ האָט מען באגאָסן מיט סמאָלע און עס אונטערגעצונדן. דער ווינט האָט צעבלאָזן דעם פייער אין א שרעקלעכן פלאם, וואָס האָט אויפגעריסן דעם חושך, האָט אונטער־געכאפט דעם פלאָם און אים פארטראָגן צום שטורעם־באָק און צו די געפלאָכטענע דעכער איבער די קריגס־מאשינען. אין א רגע האָט דער גאנצער וואַל אויפגעפלאמט און איז פארוואנדלט געוואָרן אין א ים פון פלאמען. א שרעקלעכע מהומה האָט אויסגעבראָכן אין רוימישן לאגער. די אומרו־סיגנאלן האָבן געטרומייטערט און די מידע רוימישע סאָלדאטן האָבן זיך מיט שרעק אויפגעכאפט און ארויסגעקוקט צו דער מויער־וואנט פון ביתר. בר־כוכבא, בא־לויכטן פון די פלאמען, איז דאָרט געשטאנען און האָט איצטער אויסגעקוקט ווי דער גאָט פון נקמה!...

די אידן זיינען אויפגעריסן געוואָרן פון זייער שלאָף און געקומען צולויפן צו דער מויער־וואנט. דערזעענדיק דעם גאנצן רוימישן וואַל איינגעהילט אין איין שטיק פלאָם, האָבן זיי אין גליקלעכן עקסטאז געשרייען:

— יחי בר־כוכבא! אונדזער רעטער, זיין מויל שפייט מיט פייער!

צו מיטיק־צייט האָבן די רוימער דאָס פייער איינגעלאָשן. פון אויבן האָבן די אידן דייטלעך געזען די רעזולטאטן פון בר־כוכבא׳ס איינפאל. דער שטורעם־באָק, אלע דעכער און קריגס־מא־שינען ווי אויך די שוץ־שטיבער פאר די רוימישע סאָלדאטן זיינען געלעגן פארברענטע אין קופעס אַש.

די גאנצע טעטיקייט פון די רוימער איז מיט אמאָל אָפּגע־

שטאַרבן, אזוי ווי פּאראליזירט פון דעם אומגלויבלעכן געטראַף.

נאָך לאנגע חדשים פון אומאויפהערלעכער אָנשטרענגונג און שטענדיקער וואכזאמקייט און ניט אויסגעשלאָפנקייט האָבן די אידן איצט געהאט א מעגלעכקייט זיך אויסצורוען. אזוי זיינען אריבער עטלעכע וואָכן פון שטילשטאנד. א האָפענונג איז אויפגעגאנגען: אפשר וועט דער שונא אראָפּנעמען די באלאגערונג.

די האָפענונג איז צערונען געוואָרן. פונקט א חודש נאָך דער לעצטער געשעעניש האָבן די רוימער ווידער זיך גענומען אויפ־שטעלן די קריגס־מאשינען: באליסטן, קאטאפולטן און שפּיז־שליי־דערער. דאָס מאָל זיינען אלע הילצערנע טיילן פון די מאשינען באשלאָגן געוואָרן מיט אייזן, די דעכער — באצויגן געוואָרן מיט רויער פעל.

די קריגס־מאשינען האָבן איצט געארבעט אָן אויפהער און די אידן האָבן באלד דערפילט זייער טויטלעכע ווירקונג. ביי איינעם פון די קריגער אויפן מויער־וואנט איז אראָפּגעריסן געוואָרן די קאָפּ און דער שאַרבן איז פארוואָרפן געוואָרן אויף א מהלך פון דריי סטאַדיעס; א טראָגנדיקע פרוי איז געטראָפן געוואָרן פון איינעם פון די שטיינער אין בויך און איר קינד איז ארויסגעריסן און אָפּגעוואָרפן געוואָרן אויף א מהלך פון א האלבער סטאדיע.

אונטער דעם צודעק פון כסדר׳דיקער באָמבארדע פון שטיינער, שפּיזן, פיילן, האָט סעווערוס געגרייט זיין לעצטן טויטלעכן קלאַפּ.

בר־כוכבא האָט זיך אַנטשלאָסן אויף א שטארקן ארויסטריט. ביינאַכט האָט ער געשיקט עמוס׳ן מיט אן אָפּטיילונג קריגער צו באהאלטן זיך אין וואלד. אין פרימאָרגן האָט בר־כוכבא מיטן גאנ־צען חייל זיך א וואָרף געטאָן אויף די רוימער. מוטיק האָבן זיך די אידן געשלאָגן, אָבער דער שונא איז אויך ניט אָפּגעטראָטן. זיי־נע רייטער האָבן זיך מיט די פערד אריינגעשניטן אין די רייען פון די אידן און זיי געדריקט. די לעצטע זיינען ניט אָפּגעטראָטן און מוטיק באגעגנט דעם טויט. בר־כוכבא איז דאָ אָנגעפאלן, ווען געדריקט פון שטארקערע כחות צוריק אָפּגעטראָטן, און זיך ווידער אריינגעשניטן מיט אימפּעט אין די רייען פונם שונא — און צוריק. אין דערזעלבער צייט האָט עמוס מיט די קריגער א

## דאָס פאַלן פון ביתר

קלאפּ געטאָן אויף די הינטערשטע רייען פון די רוימער. דער קריגס־געשריי פון די אידן האָט זיך איצט געטראָגן פון אלע זייטן, אָבער באלד איז ער פארהילכט געוואָרן פון דעם קריגס־געשריי פון די רוימער. סעווערוס האָט ארייננעפירט נייע חיילות אין קאמף און דאָס האָט געראטעוועט זיין לאגע. א גאנצן טאָג האָט דער קאמף געדויערט און אז די נאכט איז צוגעפאלן האָט בר־כוכבא באפוילן אָפּצושטעלן דעם קאמף און אָפּצוטרעטן אהינטער דער מויער־וואַנט. די אידישע פארלוסטן זיינען געווען גרויס. פון עמוס׳ן און זיינע קריגער איז קיינעם ניט געלונגען צו ראטעווען זיך און דורכברעכן זיך א וועג צוריק אין ביתר...

דער קילער אָוונט האָט עטוואָס אָפּגעפרישט די פארבליבענע, פארמאטערטע אידישע קריגער. אויף מאָרגן האָט בר־כוכבא ווידער געגרייט צו מאכן אן ארויסטריט, נאָר ווען ער האָט א קוק געטאָן אויף די שיטערע רייען פון די איבערגעבליבענע, אויף זייער מידן אויסזען, אויף די רויטע ניט־אויסגעשלאָפענע אויגן, האָט ער דערפילט אז דאָס וואָלט איצטער געווען אוממעגלעך. טראָפּנווייז איז דער יאוש ארייננעדרונגען אין די הערצער.

ווידער האָבן די רוימער געלאָזט ארבעטן דעם שטורעם־באָק. די וואנט, איצט שוין א צעקרישלטע פון די באליסטן, האָט גענומען קרעכצן פון יעדן קלאפּ און יעדער קרעכץ פלעגט מיט שרעק אָפּ־קלינגען אין די הערצער פון די אידן אין ביתר.

פארנאכט־צו האָט א טייל פון וואנט נאָכגעגעבן די קלעפּ פון שטורעם־באָק און מיט א מורא׳דיקן קראך איינגעפאלן. נאָר איי־דער די רוימער האָבן באוויזן אויפצושטעלן די שטורעם־לייטערס און ווארפן די שטורעם־בריקן, האָבן די זעלאָטן, ביי וועמען די פארצווייפלונג האָט אויפגעוועקט נייעם מוט, אויפגעשטעלט א צייטווייליקן וואַל קעגן דעם איינגעפאלענעם טייל פון דער וואנט. אזוי איז דורך די נאכט.

אָבער צום פרימאָרגן האָט סעווערוס צונויפגעקליבן זיין גאנ־צע ארמיי צו שטורעמען די פעסטונג. די רייטער זיינען געשטאַ־נען מיט די גלאנציקע שפּיזן פאָראויס, די פוסגייער אין זייער פו־לער באוואָפענונג; נאָך זיי, לאנגע רייען פון ארבישע פיילן־שיסער

און סירישע שפּיזן־שלײַדערער.

ווען די פרויען האָבן דערזען, אַז מען גרייט זיך צו שטור־רעמען די שטאָט, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ מורא׳דיקע יללה. און חנה, אַ האַלב־בלינדע אידענע מיט דריי קליינע מיידעלעך, האָט געכאַפּט אירע קינדער און זיך געלאָזן צום שפּיץ פעלז, דערביי האָט זי געיאָמערט אַז זי וויל בעסער שטאַרבן איידער אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די רוימער.

און באַלד האָט זיך דער יאָמער און פּאַניק איבערגעגעבן צו די איבעריקע פרויען. און ווי אַרומגעכאַפּט פון איין ווילדער שרעק און פאַרלאַנג בעסער צו שטאַרבן, איידער איבערגעגעבן זיך אין די הענט פון צעיושעטע רוימישע סאָלדאַטן, האָבן די פרויען זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צום שפּיץ פעלז. דינה און אָסנת זײַנען אויך גע־לאָפן אהין, אָבער ניט אַראָפּצעוואַרפן זיך.

דינה איז די ערשטע געקומען צולויפן, האָט זיך אָוועקגע־שטעלט, און מיט צעשפּרייטע הענט פאַרשטעלט דעם וועג:

— מוטערס! פרויען, טעכטער פון ישראל, — האָט זי אויס־געשריען, ווי ניט מיט אייגענעם כוח, — וואָס טוט איר? צי ווילט איר שוין אײַנגאַנצן דערשלאָגן דעם מוט פון אונדזערע קעמ־פער? פאַר וועמען וועלן זיי זיך שלאָגן?

און אָסנת איז צוגעשפּרונגען:

— אויב שטאַרבן, טאָ קומט מיט מיר! לאָמיר שטאַרבן אײַנ־איינעם מיט אונדזערע מענער אין קאַמף מיט די רוימער! קומט!

און אָסנת האָט זיך געלאָזן צוריק. זי איז אַרײַנגעלאָפן אין הויז, געכאַפּט אַ זודיקן קעסל מיט אויל, וואָס זי האָט צוגעגרייט און אויפגעזאָדן און מיט אים געלאָזט זיך צו דער מויער־וואַנט.

די רוימער האָבן אָקאָרשט געוואָרפן די שטורעם־בריקן. דאַן האָבן אַ הילך געטאָן די טרומייטן פון אַלע לעגיאָנען. דער גאַנ־צער רוימישער חייל האָט אַרויסגעלאָזן אַ מורא׳דיקע שלאַכט־גע־שריי. די לופט איז פינצטער געוואָרן פון אַ וואָלקן פײַלן.

בר־כוכבא האָט אָוועקגעשטעלט די שוואַכע און אויסגעמאַטער־טע קעמפער אין די ווייניק געפערלעכע ערטער, אַליין מיט דעם אָפּגעקליבנסטן טייל קעמפער האָט ער פאַרנומען דעם פּלאַץ לעבן

# דאָס פאַלן פון ביתר

דעם איינגעפאַלענעם טייל פון שטיק מויער.

ער האָט פאַרזאָגט זיינע קריגער זיי זאָלן זיך פאַרשטאָפּן די אויערן פון די געשרייען, זאָלן זיך לייגן אויף דער ערד און צודעקן זיך מיט די שילדן, אזוי אז דעם שונא׳ס פיילן זאָלן זיי ניט שאטן.

אז די רוימער האָבן געוואָרפן די שטורעם־בריקן, האָט זיך בר־כוכבא מיט זיינע געטרייסטע א לאָז געטאָן זיך אנטקעגן פיינט. איידער די רוימער האָבן באוויזן זיך פעסט אוועקצושטעלן, זיינען די אידן אריינגעטראָטן מיט זיי אין געשלעג. די רוימער האָבן געשטורעמט אין געשלאָסענע רייען און האָבן די אידן שטארק גע־דריקט. נאָך אביסל און די אידן וואָלטן פארטריבן געוואָרן פון די בריקן און דעמאָלט וואָלט אלץ געווען פארלאָרן.

אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען אָסנת. זי האָט אויסגעקליבן אן אָרט און האָט מיטן זודיקן אויל אָפּגעגאָסן די ערשטע רייען פון די אָנגרייפנדיקע רוימער. דער זודיקער ביימל האָט זיך דורכ־געזאפט דורך די ניט־פארדעקטע טיילן פון זייערע קערפערס, זיך אראָפּגעגליטשט אונטער דער שווערער באפאנצערונג און האָט מיט בראנד־וואונדן געסמאַליעט, געברענט. מיט מורא׳דיקע ווײ־געשרייען און קללות האָבן זיך די ערשטע רייען פון די רוימער גע־נומען קאָנוואולסיוו ווארפן. זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן אויף צוריק און זיינען באגעגנט געוואָרן פון די שפּיזן פון זייערע אייגענע חברים. אזוי זיינען זיי אראָפּגעשליידערט געוואָרן אין אָפּגרונט צווישן מויער־וואַנט און וואַל.

אז בר־כוכבא האָט דערזען דעם אויפטו פונם נייעם מיטל, האָט ער גלייך באפוילן מען זאָל אָנפילן די קעסלען און זידן וואָס מער בוימל. אזוי האָט דער געשלעג געדויערט ביז ס׳איז טונקל געוואָרן.

אויף מאָרגן און איבערמאָרגן האָט דערזעלבער געפעכט אָנ־געהאַלטן. דערביי האָבן די רוימער געליטן גרויסע פארלוסטן. אָבער מיט שרעק האָט בר־כוכבא צוגעזען ווי עס פאלט די צאָל פון קעמפנדיקע אידן. די מוטיקסטע זיינען שוין געפאַלן, בעת ביי די רוימער פלעגט יעדן טאָג ארויסטרעטן נייע קרעפטן.

אויך סעווערוס האָט דאָס גוט געוואוסט און ער האָט גענומען גרייטן דעם לעצטן קלאַפּ. סעווערוס האָט נאָך געהאט גרויסע רעזערוון, א גרויס חייל.

# פיר און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

ס׳איז פאַרגאַנגען נאָך א טאָג אין בלוטיקן געראַנגל. דאָס איז געווען דער דריטער טאָג, זינט די רוימער האָבן אָנגעהויבן צו שטורעמען די מויערן פון ביתר. ס׳איז געווען דער אכטער טאָג פון אָב.

א גאַנצן טאָג האָט, אונטער די ברענענדיקע זון־שטראַלן, ניט אויפגעהערט דער פאַרביטערטער קאַמף. אָן אויפהער האָבן פרישע אָפּטיילונגען פון רוימישע סאָלדאַטן געשטורעמט די מויערן און אָן אויפהער האָבן די זעלאָטן זיך געוואָרפן זיי אנטקעגן, האָבן זיי אראָפּגעשטויסן פון די שטורעם־בריקן און ניט דערלאָזט זיי צו שטעלן א פעסטע פוס אויף די מויערן גופא. דערווייל איז נאָך די אידן געלונגען איינצוהאַלטן די אָנגרייפער. אָבער בר־כוכבא האָט אָן אויפגערודערטער געזען ווי ס׳ווערט קלענער די צאָל פון זיינע קעמפער. בר־כוכבא אליין האָט ניט ארויסגעלאָזן די שווערד פון האנט, שטענדיק באוויזנדיק זיך אין די געפערלעכסטע פלעצער. בלוט, שוייס; קרעכצן פון די פארוואונדעטע; שרעק־אויסגעשרייען פון די וואָס זיינען פון די בריקן אראָפּגעשטויסן געוואָרן און גע־פאַלן אין אָפּגרונט צווישן די מויער־וואַנט און דעם וואַל; דאָס כאָרכלען פון די שטאַרבנדיקע. — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אינאיינעם, אין איין געיאָמער.

דער טאָג האָט זיך געצויגן אומענדלעך לאַנג, אָבער די גלוטיק רויטע זון איז דאָך ענדלעך פאַרגאַנגען הינטער די בערג. ס׳האָט גענומען טונקלען און אין רוימישן לאַגער האָט מען געגעבן דעם סיגנאַל אָפּצושטעלן דעם קאַמף.

דער געפעכט האָט אויפגעהערט און די רוימישע סאָלדאַטן האָ־בען זיך אומגעקערט צו זייער לאַגער. באַלד האָט מען גערופן צו אָוונט־ברויט. די אויסגעשעפּטע רוימישע סאָלדאַטן האָבן איצט געאיילט צום קוכער. יענער האָט הנאה׳דיק מיט א שמייכל אָנגע־נומען אין שעפער א פולע מאָס געקעכטס און עס פאַנאַנדערגעגאָסן אין די כלים פון די סאָלדאַטן.

## דאָס פּאַלן פון ביתר

אויך די הויפּטלינגע פון רוימישן חייל האָבן זיך איצט געגרייט צו אָוונט־ברויט. הונגעריק זיינען אַלע... אויך סעווערוס האָט איצט געשאַרפט זיין אַפּעטיט.

אין איינעם פון די ביידלעך ארום סעווערוס׳עס לאַגער־געצעלט, צווישן די ארמיי־פירער, איז אויך געווען דער שטאָלצער טעלעניוס. אויך ער האָט אנטייל גענומען אין דעם שטורעמען פון ביתר. איצט האָט ער געוואַרט, אז זיין דינער זאָל אים אויך ברענגען עסן. אין קאָפּ האָט אים געבויערט: — „אָט א פאַר־האַרטעוועט פאָלק ישראל, ווילן זיך ניט אונטערגעבן, האָסן די אונטערטעניקייט!"

און אים דערמאָנט זיך וואָס ער האָט אמאָל געהערט פון עמיצן, — א פרוי, צי מאַן? ער געדענקט שוין ניט. — „בלויז צו גאָט זיינען מיר, אידן, אונטערטעניק!" — אזוי האָט צו אים נאָך געקלונגען דאָס געהערטע קול פון אַמאָל.

מיטאמאָל איז אריינגעקומען א סאָלדאט און געזאָגט:

— מיין האר, א מאַן איז געקומען צום טויער, און ער וויל זען דעם נאָבעלן טעלעניוס׳ן.

טעלעניוס האָט זיך אומגעקוקט שטארק פארוואונדערט:

— א מאַן? ווער איז ער? א רוימער? א איד?

דער סאָלדאט:

— ער האָט ניט געזאָגט ווער ער איז, נאָר געזאָגט האָט ער אז ער מוז דרינגלעך זען דעם נאָבעלן טעלעניוס.

— ווי זעט ער אויס?

— ער זעט ניט אויס ווי קיין איד. פארקערט פון זיינע קורצע בגדים האָבן זיך ארויסגעזען מוסקולירטע הענט און פיס און איך וואָלט געשוואָרן ביי די געטער, אז ער איז דורכגעגאנגען די אטריומס פון רוים. און דאָך איז זיין אָנטועכץ א מאָדנע. אפשר איז ער גאָר א גריך פון די נייע אידישע סעקטעס.

טעלעניוס האָט פאראינטערעסירט געזאָגט:

— פיר אים אריין.

דער סאָלדאט האָט זיך אוועקגעדרייט אוועקצוגיין, און טע־לעניוס האָט אים נאָכגעשריען:

— וואַרט! וואַרט! האָט ער ביי זיך וועלכע עס איז געווער?
— ער איז אומבאוואָפנט.
— דאַן ברענג אים באלד אריין.

דער סאָלדאט איז אוועק און איז אין א קורצער ווײַלע צוריק־געקומען מיט דעם נײַ געקומענעם.

— לאַריטיוס! — האָט טעלעניוס פריידיק אויסגעשריען, — ביי די טייכן וואו ראָמול איז געבאָרן געוואָרן, דאָס ביזטו עס, לאַריטיוס? וואָס פאַר אן אומדערוואַרטעטער גאַסט! וואו ביזטו דאָס אלץ געווען? וואָס מאכסטו?

די פריינט האָבן זיך הארציק געגריסט און טעלעניוס האָט אלץ פארוואָרפן לאַריטיוס׳ן מיט פראגן.

לאַריטיוס האָט מערסטנס געשוויגן. ער האָט זיך פאַר דער צייט שטארק געענדערט. די פריערדיקע ערנסטקייט פון זיין פנים איז נאָך ערנסטער געוואָרן. ארום די אויגן זיינען געלעגן טיפע ריג־גען, און קנייטשן אין די ווינקלען פון די אויגן האָבן צוגעגעבן זיין בליק א ליידנדיקן אויסדרוק.

— ביי באַקכוס! געקומען אין צייט, לאַריטיוס. דאָס אָוונט־ברויט וועט באלד דערלאַנגט ווערן און איך בעט דיר, טייל מיט מיר דאָס עסן.

אין דעם איז דער סאָלדאט אַריין און געבראכט דאָס אָוונט־ברויט. טעלעניוס האָט דעם סאָלדאט באפוילן ער זאָל ברענגען ווײַן.

דער באדינער האָט געבראכט ווײַן און טעלעניוס האָט אָנגעגאָסן די באָקאַלן.

— נו, און איצט א טאָסט פאַר די אלטע גוטע צייטן פון אונדזער אמאָליקער פריינטשאַפט, און פאַר אונדזער רוים!

לאַריטיוס האָט גאָרניט געענטפערט. בלויז ניט צו באליידיקן זיין אלטן פריינט, האָט ער א לייכטן זופּ געטאָן פון באָקאַל און עס אָוועקגעשטעלט צוריק.

טעלעניוס האָט די גאנצע צייט ניט אראָפּגענומען זיין בליק פון לאַריטיוס׳ן און א געווירבל פון געדאנקען האָבן דורכגעקרייצט זיין מוח. וואָס פאַר אן אונטערשייד צווישן דעם לאַריטיוס, וואָס

## דאָס פּאַלן פון ביתר

זיצט לעבן אים, און דעם, וועלכן ער האָט געקענט אין רוים. ער האָט געקוקט אויף דעם אָפּגעצערטן טונקל־מאָטן פּנים, אויף די בלויע קרייזן אונטער די שווארצע אויסדרוקפולע אויגן וועלכע זיי־נען איצט געווען פאר׳חלומ׳ט און פארטרויערט. דער גאנצער אויסדרוק פון געזיכט איז געווען דער היפּוך פון דעם אמאָל זעלבסט צופרידענעם לאריטיוס׳ן, וועלכער האָט געקענט א גאנצן טאָג שלאָגן זיך מיטן שונא, ביינאכט שיכור׳ן און אויף מאָרגן ווידער גיין אין שלאכט, ווי גאָרניט געווען.

— איז דאָס דו, לאריטיוס, אָדער בלויז דיין שאָטן?

— דאָס בין איך, טעלעניוס.

— דו האָסט זיך געענדערט, מיין פריינט, פאר די פּאָר יאָר וואָס כ׳האָב דיך ניט געזען. נעם, איך בעט דיך, שטארק דיין הארץ און דערצייל וועגן זיך. כ׳בין נייגעריק צו וויסן אלץ וואָס ס׳איז זיך מיט דיר פארלאָפן. אָבער איך זע: דיין באָקאל איז גע־בליבן גאנץ. דער טאָסט פאר רוים איז ניט דערטרונקען.

און לאַריטיוס האָט געענטפערט:

— פאַרדענק מיר ניט, טעלעניוס. איך טרינק ניט מער פאר רוים. איך שעם זיך אָפּט מיט רוימ׳ס דערגרייכונגען און רוימ׳ס נצחונות.

האָט טעלעניוס מיט א פול מויל דערווידערט:

— וואָס? דו שעמסט זיך? וואָס פאר אן אורזאך האָסטו צו שעמען זיך? איז ניט רוים די הערשערין פון דער וועלט? ביי יופּיטער! ווי דער אָדלער איז דער קיסר פון די פויגלען, ווי דער לייב דער קיסר פון די חיות, אזוי איז דאָך רוים מיט רעכט די הערשערין פון דער וועלט!

האָט לאריטיוס געזאָגט:

— האָסטו געזען דער לייב זאָל פארטרייבן אלע חיות פון וואלד, כדי ער אליין זאָל האָבן גאָר דאָס רויב? דער אָדלער זאָל פארטרייבן פון רוים דעם גאנצן פויגל־שטאַנד, כדי ער און נאָר ער אליין זאָל באוועלטיקן די לופט?! רוים אָבער איז אומגעזעטיקט! קוים האָט א פאָלק געוואָלט לעבן זיין אייגן, פרייען לעבן ווערט ער צעטראַמפּלט. רוים וויל אלץ! און זע: אָט די פעלדער, וואָס ציען זיך דאָ אוועק זיינען אמאָל געווען פעלדער פון שפע, פרייד

און געזאַנג; ווער האָט זיי פאַרוויסט? אָט די ארומיקע בערג און טאָלן האָבן געשפּרודלט מיט לעבן און לוסט, ווער האָט דאָס אַלץ פאַרניכטעט? איז דאָס רוימ׳ס אויפטו מיט וועלכן דו שטאָל־צירסט?

טעלעניוס האָט מיט א געצוואונגענעם שמייכעלע געענטפערט:

— אין דיינע ווערטער, מיין פריינט, דערקען איך דאָך דעם אמאָליקן לאַריטיוס׳ן, וועלכער האָט געלערנט פילאָזאָפיע. איך זע, דו ביזט נאָך אַלץ א טרוימער. אָבער מיר, רוימער, ווייסן בלויז די ווערט פון מאַכט און דעם גענוס וואָס קראַפט ברענגט. דאָס וואָס גיט זיך אונדז ניט אונטער פרייוויליק, אונטערטעניקן מיר דורך מלחמה. ניט אזוי רויב, ווי מאַכט! רוים וויל מעכטיק זיין, מעכטיק ווי אונדזערע געטער זיינען. אזוי איז געווען, אזוי וועט אייביק זיין.

האָט לאַריטיוס צוריק געזאָגט:

— זאָג דאָס ניט, טעלעניוס. אזוי וועט דאָס ניט זיין. כ׳האָב דערפאַרן דעם נייעם אמת. א צייט וועט קומען און די מענטשן וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס. א פאָלק קעגן א פאָלק וועט ניט הייבן קיין שווערד, און מען וועט ניט מער לערנען קיין מלחמה.

לאַריטיוס האָט ברייט געעפנט זיינע אויגן, ווי ער וואָלט אין ערגעץ געקוקט און האָט ווייטער גערעדט:

— און די ערד, געבענטשט פון דעם גרויסן גאָט וועט אויפעפענען איר מוטער־טראַכט און וועט געבוירן מיט פולער שפע פאַר אַלעמען; וואָרום די פעלדער האָבן גענוג ברויט אז אַלע, אַלע מענטשן זאָלן זאַט זיין; די טייכן — גענוג פיש, די קוואַלן — גענוג וואַסער, דער טוי און די לאָנקעס וועלן זעטיקן די גראָזן און די פי וועלן געבן גענוג מילך פאַר אַלע דורשטיקע; די בלומען וועלן טראָגן גענוג זאַפט פאַר די בינען, און האָניק וועט זיך גיסן ווי וואַסער. איין מענטש וועט זיך דערנעענטערן צום אנדערן ניט ווי רוימער, גריך און איד, נאָר ווי מענטש צו מענטש, געשאַפן אין דעם זעלבן גייסט פון גאָט.

טעלעניוס האָט אַן אויפגערודערטער זיך אויפגעהויבן:

## דאָס פּאַלן פון ביתר

— איך זע, דו האָסט די געטער פון אונדזער רוים פארביטן. האָסט זיך מיט נייע געטער אָנגעשטעקט. נו געזונט. כ׳מוז באלד גיין צו סעווערוס׳ן. מאָרגן וועלן מיר באווייזן ווער ס׳איז שטאר־קער: רוים׳ס מאכט צי דער גייסט פון דיין נייעם גאָט. מאָרגן וועל איך אליין מיט מיין שווערד פארטיליקן די זעלאָטן.

האָט לאַריטיוס ווייטער גערעדט:

— דיין שווערד וועט אפשר זיגן, די באזיגטע וועסטו מאכן פאר שקלאפן, טעלעניוס, דאָך אייביק וועלן זיי בלייבן צעזאָרן פון גייסט. אָבער פאַרגעם, טעלעניוס! ניט ווי איד און ניט ווי רוי־מער בין איך צו דיר געקומען, נאָר ווי א מענטש צו מענטש. באַ־גערסטו דען דאָס בלוט פון די אומגליקלעכע? ציטערט ניט דיין הארץ איבער די בערג דער׳הרג׳עטע אידן און רוימער? נוויטיקט זיך דען רוים אין א שחיטה פון נאָך צענדליקער טויזנטער אומ־גליקלעכע קינדער און פרויען?

טעלעניוס האָט אומגעדולדיק א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי ער וואָלט פון זיין פנים געוואָלט אוועקטרייבן א זשוזשענדיקע פליג און געזאָגט:

— צו שפּעט, מיין לאַריטיוס. צו ווייט איז שוין פארגאנגען! גיי דורך די ביידלעך מיט די פארוואונדעטע; זע די רייען קברים פון די דער׳הרג׳עטע און — רייד ניט פון קיין רחמנות! נעם ניט אוועק פון אונדז די לאַנג־געגאַרטע נקמה! ביי יופּיטער, מאָרגן וועלן איך אליין פירן די לעגיאָנען אין שטורעם, און מיין ברען נאָך נקמה וועט ניט געשטילט ווערן ביז וואנען בר־כוכבאַ מיט זיינע קריגער וועלן ניט, ווי שפּליטער, צעשמעטערט ווערן!

לאַריטיוס האָט שארף אָנגעקוקט טעלעניוס׳ן און געפרעגט:

אָבער אז די אידן זאָלן אוועקלייגן דאָס וואַפן, וועט איר שאַנעווען די איבעריקע?

טעלעניוס האָט געמאכט א טריט נעענטער צו לאַריטיוס׳ן און געזאָגט:

— האָסטו פון זיי א צוזאָג, לאַריטיוס? ביזטו געקומען ווי א שליח זייערער?

— ניין. נאָר אין מיין וואַנדערונג, אָן אָפּגעשלאָסענער און עלנטער, האָב איך געטראָפן דעם אלטן אליעזר׳ן און ביידן האָט

# בר־כוכבא

אונדז פאַרכאַפּט נאָר איין באַגער: אָפּשטעלן די שרעקלעכע בלוט־פאַרגיסונג! ראַטעווען פון פאַרניכטונג וואָס ס׳איז נאָך מעגלעך! און מיר האָבן באַשלאָסן: איך זאָל פּועל׳ן ביי די רוימער אָפּצו־שטעלן די אומנויטיקע שחיטה און ער . . . ער, אליעזר, וועט ריידן אין די אויערן פון די פאַרטיידיקער פון ביתר און באַוועגן זיי זיך אונטערצוגעבן און ראַטעווען זייערע פאַרבליבענע פרויען און קינ־דער.

טעלעניוס׳עס בליק איז געוואָרן דורכדרינגענדיקער:

— איז דאָס אַמאָל גאָר דיין באַהאַלטענער באַגער צו ראַ־טעווען דינה׳ן?

לאַריטיוס:

— כ׳ווייס ניט, טעלעניוס. אפשר. נאָר בייט עס דען די זאַך?

טעלעניוס:

— דו ביזט גערעכט, לאַריטיוס. כ׳וועל דיין וואונטש דער־פילן. כ׳גיי גלייך צו סעווערוס׳ן. דו בלייב דאָ און וואַרט אויף מיך.

---

אריינקומענדיק צו סעווערוס׳ן האָט טעלעניוס אים געפונען פאַרזונקען אין טראַכטן. דאָס האָט ער געמאַכט זיינע פּלענער פאַר דער מאָרגנדיקער אַטאַקע אויף ביתר.

— ביזט שוין דאָ, טעלעניוס? די פּרטים פון מאָרגנדיקן שטורעמען זיינען נאָך ניט פאַרטיק, נאָר דו וועסט פירן דיין אָפּ־טיילונג אין דער ערשטער אַטאַקע.

טעלעניוס:

— גוט. נאָר כ׳בין געקומען עפּעס וויכטיקעס מיטצוטיילן.

סעווערוס:

— וואָס איז עס, רייד!

טעלעניוס:

— דו געדענקסט דעם יונגן לאַריטיוס׳ן פון רוים?

סעווערוס:

— כ׳געדענק. דאַכט זיך, זיין פאָטער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבן, איז דאָס זיין זון?

טעלעניוס:

## דאָס פֿאַלן פֿון ביתר

— יאָ. דאָס איז ער. א העלדישער רוימער! נאָר צייט ער איז געקומען אין יהודה האָט ער זיך אינגאַנצן געביטן. היינט איז ער געקומען צו מיר בעטן צו דערלויבן, אז דער אַלטער אליעזר זאָל ריידן צו די באַלאַגערטע וועגן אוועקלייגן דאָס געווער, מיטן באַדינג, אז מיר וועלן שוינען זייער לעבן.

סעווערוס איז א פריידיקער אויפגעשפרונגען. ער האָט ארומגעשפרייזט איבער זיין געצעלט. ער האָט אויסגערופן:

— ביי פּאָלוקס, דאָס וואָלט געווען אויסגעצייכנט פאר אונדז, טעלעניוס. וועלן זיי זיך אונטערגעבן וועלן מיר זיין די זיגער. אויב אפילו ניט, וועלן אליעזר׳ס רייד אריינטראָגן א צערודערונג אין די הערצער פון די שוואכערע און דאָס וועט אונדז סיי־ווי העלפן זיי צו באזיגן. זאָל ער ריידן. גוט.

טעלעניוס:

— אָבער דער אַלטער אליעזר, צי וועט מיט אים קיין בייז ניט געשען?

סעווערוס האָט א לאַך געטאָן:

— דאָס איז שוין ניט אונדזער דאגה. ביי מאַרס און פּאָלוקס, די געטער פארלאָזן אונדז ניט. באַלד, און מיר קערן זיך אום קיין רוים מיט אלע טריאומפן! אייל שנעל צו לאַריטיוס׳ן און זאָג אים, אז מאָרגן אין דער צייט פון דער לעצטער שמירה וועל איך איינשטעלן א וואָפנשטילשטאַנד און דער אַלטער אליעזר וועט קענען ריידן צו די פון ביתר.

טעלעניוס האָט א פרעג געטאָן:

— און דערנאָך וועסטו איבערענטפערן בר־כוכבא׳ן אין מיינע הענט?

סעווערוס:

— כ׳וועל דאָס טאָן, טעלעניוס, דיין בעכער פון נקמה וועט זיין פארפולט!

טעלעניוס:

— און וואָס וועסטו טאָן מיט די איבעריקע?

סעווערוס האָט ניט געענטפערט. אין זיין מוח זיינען שוין געשפרונגען די פונקען, די פייערלעך פון נצחון, — נצחון איבער ביתר!

טעלעניוס האָט ניט אָפּגעלאָזט:
— מיר וועלן שווינען די איבעריקע, ניט אמת?
סעווערוס האָט געענטפערט:
— מיר'ן זיי פאַרקויפן פאַר שקלאַפן. אַלזאָ, אייל צו, לאַ־ריטיוס'ן, טעלעניוס, און זאָל דער אַלטער אליעזר צוקומען צו דעם וואַל.
סעווערוס האָט א לייכטן שמייכל געטאָן און געזאָגט:
— א רוימער בלייבט א רוימער. וועט לאַריטיוס סיי־ווי העל־פען רוים. נו, גיי, שנעלער!
ווען טעלעניוס האָט זיך אומגעקערט צו זיין געצעלט האָט ער געפונען לאַריטיוס'ן איינגעדרעמלט אויפן טיש, נאָר ביי זיין אריינגיין האָט דער לעצטער זיך גלייך אויפגעכאַפּט.
טעלעניוס האָט פריילעך ארויסגעשאָסן:
— דיין וואונטש איז דיר געגעבן, לאַריטיוס.
לאַריטיוס האָט שטאַרק געדריקט טעלעניוס'עס האנט.
טעלעניוס:
— מאָרגן ווען די פרימאָרגנדיקע שמירה וועט זיך איינשטעלן, זאָל דיין אליעזר זיין גרייט ארויפצושטייגן אויף דעם וואַל און ריידן צו די איינוואוינער פון ביתר.
לאַריטיוס:
— איך דאַנק דיר. אזוי וועט זיין.
טעלעניוס האָט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף זיין חבר'ס פּלייצע און געזאָגט:
— הער, לאַריטיוס, זאָל אליעזר דורכפאַלן וועל איך דיר געבן אן אָפּטיילונג פון די בעסטע סאָלדאטן און באַלד ווי ביתר וועט איינגענומען ווערן, אייל זיך מיט דיינע סאָלדאטן און נעם אוועק דינה'ן. איך ווייס דאָך דיין באגער, נאָר זי וועט זיין דיינע, ביי דער מעכטיקייט פון רוים'ס האנט!
לאַריטיוס האָט ווידער געדריקט טעלעניוס'עס האנט און איז ארויס.
ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן.

# פינף און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

פרימאָרגן פון דעם נײַנטן אָב.

די גלוטיקע זון איז נאָך פאַרהילט געווען אין אַ געוועב פון נעפּלען און שוין האָבן אירע שטראַלן הייס געבריט.

טויט־מידע זײַנען די שלאָפנדיקע קעמפער געלעגן הינטער דער מויער־וואַנט. געלעגן אײנציקווײַז און גרופּנווײַז. געלעגן צונויפגעקאָרטשעטע, מיטן געווער אין די הענט.

די קאַטאַפּולטן און באַליסטן האָבן ניט אויפגעהערט אַרויסצעשפּײַען זייערע טויטלעכע וואָפן. דאָ און דאָרט פלעגט אַ שלאָפנדיקער זעלנער דער־הרג׳עט אָדער פאַרוואונדעט ווערן ס׳האָט זיך געדאַכט אַז דער טויט קומט איצט צו לינדערן די ליידן פון די קריגער, ברענגענדיק זיי אַ שנעלן טויט אין שלאָף...

די שומרים האָבן זיך געהאַלטן.

און מיט אמאָל איז ביי דער פרימאָרגנדיקער שמירה טויט־שטיל געוואָרן. די קאַטאַפּולטן און באַלאַסטן האָבן אָפּגעשטעלט זייער פאַרניכטנדיקע אַרבעט. דער זשום פון די לויפנדיקע שטיינער איבער די קעפּ האָט אויפגעהערט. די באַלאַגערטע האָבן דערפילט אַ דערלייכטערונג, אָבער אויך אַ מורא: צי גרייטן ניט צו די רוימער עפּעס אומדערוואַרט? די שומרים האָבן פון די טורעמס נייגעריק אַראָפּגעקוקט צום רוימישן לאַגער.

דאָרטן איז אַלץ געווען אײַנגעהילט אין נעפּל. אַ טויטע שטילקייט איז געהאַנגען. די זון האָט זיך אַרויסגעריסן פון נעפּל און גענומען העלער באַלייכטן דעם אַרום. אונטן, וואו דער רוימישער לאַגער איז געלעגן, האָבן זיך קיין ספּעציעלע אַטאַקע־צוגרייטונגען ניט געזען.

פון אָנהויב האָבן די שומרים דעם שטילשטאַנד אָנגענומען פאַר אַ צופעליקייט, אָבער אַז דאָס האָט געדויערט לענגער, האָבן זיי געשיקט אָנזאָגן וועגן דעם שמעון׳ען. די נייעס האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ ביתר און אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מויער.

## בר־כוכבא

אַ האָפענונג אויף אַ נס האָט אויפגעגליט: אפשר טרעטן די רוימער אָפּ פון שטאָט! נאָר די האָפענונג איז באַלד פארשוואונדן. דער רוימישער לאַגער איז געשטאנען ווי געווען. נאָר די אורזאך פון דעם שטילשטאנד איז באַלד קלאָר געוואָרן. אויפן רוימישן וואַל האָבן די אידן דערזען די פיגור פון אַ מאַן, וואָס האָט מיט לאַנגזאַמע, שווערע באַוועגונגען געהויבן זיך אַרויף.

— אַ שליח! — האָבן אייניקע געטראַכט:

— דאָס איז דאָך אליעזר פון מודעין! — האָט בר־כוכבא אויסגערופן.

— יאָ, דאָס איז ער! — האָבן אנדערע אונטערגעהאַלטן.

אליעזר האָט זיך דערנעענטערט און ס'איז שוין גרינג געווען אים צו דערקענען.

אַן אויסגעמאַטערטער, שווער־אָטעמענדיק און אינגאַנצן אַ נאַסער פון שווייס, האָט זיך דער אַלטער אליעזר אַרויפגעקליבן אויפן שפּיץ פון וואַל און אויסקלייבנדיק אַ פּלאַץ פון וואַנען ער זאָל קענען געהערט ווערן אַמבעסטן, איז ער געבליבן שטיין.

זיינע אויגן האָבן אַרומגענומען די מאַסע מענטשן אויף דער מויער־וואַנט און ער האָט דערפילט אויף זיך די בליקן פון די זעלנער. די בליקן פון אייניקע פול מיט שנאה און פאַראַכטונג, ווי צו אַ פאַררעטער; די בליקן פון אנדערע — פול מיט באַהאַלטענער פאַרגעבונג. אַ פיינלעכער קראַמף האָט צונויפגעדריקט דעם אַלטן אליעזר'ס האַרץ און פון זיינע טיף־טרויעריקע אויגן זיינען צוויי גרויסע טרערן פּאַמעלעך געראָנען איבער זיינע באַקן און געבליבן שטעקן אין באָרד.

וואָס פאַר אַ טרויעריקע געשטאַלטן זיינען פאַר אים געשטאַנען! אַש־גרויע, פאַרוואַקסענע; איינגעפאַלענע פּנים'ער מיט צייכנס פון פאַרטריקנטן בלוט אויף זיך; מענער מיט אָפּגעריסענע הענט, פאַרבונדענע מיט שמאַטעס, צעקאַליעטשעטע; אויסגעשעפּטע מענטשן אין וועלכע בלויז די אויגן האָבן עדות געזאָגט אַז ס'ברענט נאָך דאָרטן אַ פונק פון לעבן. די אויגן פון די מערסטע — אַזוי ווי אויגן פון צו טויט־פאַר'משפט'ע, וואָס נעמען אָן זייער אומפאַרמיידלעכן גורל. און אויגן פון אנדערע וואָס זאָגן, אַז זייער ווילן

## דאָס פֿאַלן פֿון ביתר

צו קעמפֿן ביז דעם לעצטן אָטעם איז ניט געבראָכן. אָבער אזוינע אויגן זיינען שוין געווען ווייניק.

אליעזר האָט צו דער טראַגישער מאָסע אויסגעשטרעקט זיינע הענט, ווי אין געבעט און אויפֿגעהויבן זיין קול:

— ברידער, זין פֿון יהודה! פֿארנעמט, איך בעט, מיינע ווער־טער, איר מיט אייערע אויערן און הערצער. דריי יאָר שוין זינט די משוגעת פֿון מלחמה האָט ארומגענומען דאָס גאנצע לאנד. דריי שרעקלעכע יאָר פֿון טויט, שריפֿות און פֿאַרוויסטונג. די גאנצע צייט האָב איך ניט אויפֿגעהערט צו רופֿן אייך אין נאָמען פֿון גאָט ניט צו לאָזן זיך פֿירן אויף די בלוטיקע וועגן פֿון מלחמה. איצטער בין איך ווידער געקומען צו ריידן צו אייערע הערצער.

און אליעזר האָט ווייטער גערעדט:

— ווײ, ווײ איז צו אונדז! אונדזער לאנד פֿארוויסט, אונד־זערע היימען פֿארברענט! אויף די ערטער וואו פֿריער פֿלעגט אויפֿגיין דאָס געזאנג פֿון כּלות — טראָגט זיך איצט דער געוואָי פֿון שאַקאַלן; אויף די פֿעלדער וואו פֿריער פֿלעגט פֿול זיין מיט לעבן און שפֿע — הענגט איצט דער שווארצער טויט. זין פֿון יהודה! ווען מיר שטייען שוין ביים ראַנד, ווען דער גורל פֿון דער שארית הפּליטה אין ביתר שטייט אין קאָן, בין איך ווידער געקו־מען צו ריידן אין אייערע אויערן. איז דען ניט פֿארפֿולט געוואָרן די מאָס פֿון פֿארגאָסן בלוט? איז דען אונדזער אומגליק ניט גרויס גענוג, אז מיר זאָל זיך ניט באַדענקען? דערמאָנט זיך אָן אייערע קינדער און פֿרויען! לייגט אוועק דאָס געווער. גיט זיך אונטער און ראַטעוועט זיך ביז וואנען ס'איז נאָך ניט שפּעט. ראַטעוועט דעם שארית הפּליטה.

שטום זיינען די קריגער געשטאַנען. קיינער האָט קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. זייערע בליקן זיינען איבערגעפֿירט געוואָרן אויף בר־כוכבא׳ן און געוואַרט. אָבער דער לעצטער האָט מיט קיין ווענדונג פֿון געזיכט ניט אויסגעגעבן זיינע געפֿילן. מיט זיין שאַרפֿן בליק האָט בר־כוכבא ארומגענומען די זעלאָטן ארום אים. און בר־כוכבא האָט געזען: די פֿארבליבענע מיט אים זעלאָטן זיינען צעטיילט אויף צוויי גרופּן: ביי אייניקע אין די אויגן טליעט שוין

דאָס פייערל פון יאוש... זיי ווילן אָננעמען אליעזר׳ס עצה. אָבער ביי אנדערע ברענט נאָך אלץ עקשנות, קנאי׳שקייט, גרייט צו קעמפן ביזן לעצטן!

בר־כוכבא האָט געקוקט און געמאָסטן: וועלכע גרופּע איז גרעסער? ער האָט געהאלטן אין קוקן פון איין זײַט צום צווייטן.

און א פּאָר פון די אַנטשלאָסענע קנאים האָבן דערוויילע ניט אויסגעהאלטן און אויסגערופן:

— דאָס איז א שפּיצל פון די רוימער! דאָס איז א שפּיצל צו ברעכן אונדזער מוט!

געשרייען:

— בוגד! פאררעטער! אראָפּ פון וואָל!

און אויך די שוואכערע האָבן שוין אונטערגעכאפּט:

— אהא, פארקויפט זיך צו די רוימער! אוועק מיט אליעזר׳ן!

און איין זעלנער, יעקב בר נצחי, האָט ארויסגעברומט:

— ראַטעווען דעם שארית הפּליטה! ווי ליגנעריש. פון רוים׳ס נעגל קען מען גאָרנישט ניט ראַטעווען! אוועק דו, בוגד!

די געשרייען פון מויער־וואַנט האָבן זיך ווי שפּיזן אריינגע־ריסן אין אליעזר׳ס הארץ. א ווײַלע איז ער געליימט געשטאַנען אין אָפּהענטיקייט און דאן האָט זיך אין אים אויפגעהויבן די גאַנ־צע פארשטיקטע פארביטערטקייט:

— טאָ הערט־זשע אויס, איר פארפירטע פון פאלשע משיחים. אמת׳דיק זאָג איך אייך, אז ניט בר־כוכבא דארף זיין דער נאָמען פון אייער פארפירער, און ניט א זון פון יעקב׳ס שטאַם איז ער, נאָר בר־כוזב זאָל זיין זיין נאָמען, ווייל א זון פון ליגן איז ער און ביז וואַנען ס׳איז נאָך ניט שפּעט, באַדענקט זיך! באַדענקט זיך! ווײַ צו די . . .

אריינגעטאָנענע אין צוהערן זיך צו אליעזר׳ס רייד האָבן די זעלנער ניט באמערקט ווי די רוימער האָבן שטילערהייט צוגע־גרייט די לעגיאָנען. די רוימער זיינען געשטאַנען גרייט פאר דער אַטאַקע און געוואַרט בלויז אויף א סיגנאַל פון סעווערוס׳ן.

א וועכטער אויפן טורעם האָט אויסגעשריען:

— היט זיך! דער שונא גרייט זיך צום שטורעמען!

## דאָס פאַלן פון ביתר

די וואָרענונג איז נאָך ניט פארשטומט געוואָרן, ווי נאָך איי־נער האָט געמאָלדן:

— זיי לאָדן די קאַטאַפולטן!

און אויפגערעגטער פון דער נאָענטער סכנה האָט בר־כוכבא אויסגעשריען:

— נעמט צו דעם לעסטערער!

די ווערטער האָבן קוים אָפגעקלונגען און א פייל פון א זעלאָט האָט דורכגעריסן די לופט און דורכגעלעכערט אליעזר׳ס הארץ. ער האָט זיך געכאפט פאר זיין ברוסט, ארויסגעלאָזן א שוואכן גע־שריי און איז אראָפגעפאלן אין אָפגרונט צווישן מויער־וואנט און וואָל.

— אָה... אָה! — א מורא׳דיקער וויי־געשריי האָט זיך ארויס־געריסן פון די הערצער פון דער מאסע מענטשן אויף דער מויער־וואַנט. א שניידנדיק געפיל פון עפעס שרעקלעכעס האָט זיי פיינ־לעך דורכגענומען.

אליעזר׳ס טויט האָט פיל צווישן די אויף דער מויער פארא־ליזירט. זייערע חושים זיינען א ווײַלע פארטעמפט געוואָרן... אָבער דער דונער פון דעם רוימישן לאגער האָט זיי באלד אויפגע־וועקט!

און איבער דעם אויפגעבראָכענעם רוימישן דונער האָט זיך דערהערט די דונערדיקע שטים פון בר־כוכבא:

— יחי עם ישראל! גרייט! זייט גרייט! קומט נאָך מיר, זעלאָטן!

און בר־כוכבא׳ס קול האָט פארטריבן די געלײַמטקייט פון צווישן די אידישע רייען. אלע זיינען ווידער גרייט געווען צו באגעגענען דעם שונא.

און די רוימער האָבן אין דעם שטורעם אריינגעוואָרפן אלע זייערע כוחות. אָט, און די רוימער האָבן שוין אראָפגעלאָזט פון זייער וואָל די שטורעם־בריקן און א געדיכטע מאסע סאָלדאטן מיט לאַנגע שפיזן האָבן זיך אויף זיי באוויזן. זיי האָבן מיט די שפיזן זיך געוואָרפן אָפצושטופן די אידן, וועלכע האָבן זיך פארטיידיקט מיט שווערדן.

# בר־כוכבא

בר־כוכבא האָט ווידער באַפוילן צו נעמען זיך צום אויסגעפּרו־
בירטן מיטל: אָפּגיסן דעם שווער־באוואָפנטן שונא מיט זודיקן
ביימל. דער ביימל האָט זיך פארקליבן הינטער די בגדים, האָט גע־
בראנדעוועט דאָס לייב און האָט אָנגעטאָן די רוימער אזוינע יסו־
רים, אז זיי האָבן זיך א לאָז געטאָן אויף צוריק. פון הינטן אָבער
האָבן געשפּארט נייע לעגיאָנען. ווילד ווערנדיק פון פארצווייפלונג
זיינען די פארוואונדעטע געשפּרונגען אין אָפּגרונט צווישן דער
מויער־וואנט און וואַל. דאָרטן האָט אויף זיי געוואַרט א זיכערער
טויט.

שעה׳נלאנג האָט געדויערט די שלאכט אויף די שטורעם־בריקן.
בר־כוכבא איז געווען אין די פאָדערשטע רייען און מיט זיין מוט
באגייסטערט די איבעריקע. מיט זיין אָדלער־בליק האָט ער נאָכ־
געפאָלגט דעם געראַנגל, און יעדעס מאָל, ווען די געפאר איז געווען
גרויס, האָט ער באוויזן אָפּצוגעבן די נויטיקע באפעלן. אין ער־
געץ האָבן די רוימער ניט באוויזן אָפּצושטופּן די אידן.

אז די אָפּטיילונג פון סאָלדאטן מיט די לאנגע שפּיזן איז
איינציקווייז אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן, האָט זיך אויף דעם שטורעם־
בריק באוויזן טעלעניוס, פירנדיק נאָך זיך די אויסגעקליבענע סאָל־
דאטען פון זיין לעגיאָן.

די בליקן פון בר־כוכבא׳ן און טעלעניוס׳ן האָבן זיך געטראָפן.
ווי א יונגער לייב, פארגעסנדיק אלע מאָסן פון פאָרזיכטיקייט,
האָט בר־כוכבא א שפּרונג געטאָן און איז געשטאנען פּנים צו פּנים
מיט זיין אלטן פיינט, מיט טעלעניוס׳ן. די שווערדן האָבן זיך
א הויב געטאָן, האָבן זיך געקרייציקט און געקראכט. באלד איז
טעלעניוס ווי א פלאכטע געפאלן אויפן שטורעם־בריק. טריאומפירנ־
דיק האָט בר־כוכבא אריבערגעטראָטן איבער דעם קערפּער פון שונא
און זיך געלאָזן אנטקעגן די פארגאפטע רוימער. נאָר מיט אמאָל
האָט א שווארצע כמארע א וויי געטאָן גאָר נאָענט. בר־כוכבא
האָט זיך געוואָלט אָפּקערן, נאָר ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דער
פליענדיקער ריזיקער שטיין האָט אים א זעץ געטאָן אין קאָפּ און
אומגעוואָרפן צו דער ערד.

א ציטער האָט דורכגענומען די קריגער אויף די שטורעם

בריקן. דערציטערט און אָן אָטעם זיינען זיי אויך געליימט געוואָרן, די אָנגרייפֿנדיקע רוימער האָבן דאָס אויסגענוצט. זיי זיינען מיט נאָך מער אימפּעט באַפֿאַלן די געליימטע קריגער און זיי איבערוועלטיקט. מוטיק קעמפֿן נאָך דאָ און דאָרטן הייפֿעלעך אידן, נאָר דער הויפּט ווידערשטאַנד איז געבראָכן! אָט זיינען שוין די לעצטע אידן אַראָפּגעשטופּט געוואָרן פֿון די בריקן און די רוימער האָבן אין געדיכטע מאַסן גענומען אַריינדרינגען אין ביתר. איצט ווערן די איבערגעבליבענע אַרומגערינגלט און אויסגעשאָכטן. דער קאַמף איז פֿאַרלאָרן. ביתר איז אין שונא׳ס האַנט.

## זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

און איצט, אַז די רוימער זיינען שוין אַריינגעדרונגען אין שטאָט, האָט דער קאַמף זיך איבערגעוואָרפֿן פֿון דער מויער־וואַנט און האָט זיך צעשפּרייט איבער גאַנץ ביתר.

מיט די לעצטע כחות האָבן די אידן געקעמפּט פֿאַר זייערע היימען, פֿרויען און קינדער. די רוימער האָבן געמוזט נעמען מיט שטורעם יעדעס הויז, יעדע גאַס.

די אַריינדרינגער פֿון מערבֿ־זייט, וואו די גאַסן האָבן זיך געהויבן איינע איבער דער אַנדערער ווי טרעפּ, האָבן מיט אַמאָל ווידער באַגעגנט אַן אומדערוואַרטעט שטאַרקן ווידערשטאַנד. אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם זעלאָט, זומאָ בן שמעון, וועלכער האָט צוזאַמענגעקליבן יעדן נאָך־פֿייאיקן צו קעמפֿן, האָבן די אידן פֿון די אויבערשטע גאַסן פֿאַרצווייפֿלט זיך א לאָז געטאָן קעגן די רוימער. די רוימער האָבן געמוזט אָפּטרעטן און זיינען אַראָפּגעשפּרונגען אויף די דעכער פֿון דער נידעריקער גאַס. אָבער אויך דאָרטן האָבן זיך די רוימער, אונטער די אַטאַקעס פֿון די אידן ניט געקענט
'ער אימפּעט און דרייסטקייט פֿון די לעצטע קריגער
האָט זיי געצוואונגען אין גרויסע מאַסן צו שפּרינגען אַף די הייזער פֿון דער נידעריקער גאַס. די דעכער פֿון די הייזער האָבן ניט אויסגעהאַלטן די שווערע מאַסע און האָבן איינגעבראָכן, באַגראָבנדיק

אונטער זיך די רוימער אין א וואָלקן פון שטויב!

אָבער דאָס איז געווען דער לעצטער אידישער זיג. אומעטום האָבן די רוימער מיט זייער גרויסער מערהייט איבערוועלטיקט די אידן.

ביתר איז געפאַלן!

די פרויען און קינדער האָבן זיך באהאַלטן אין די לעכער, אין די קעלערן. יעדערער האָט מיט ציטער זיך צוגעהערט צום געיאָמער פון דער שטארבנדיקער ביתר; די לופט איז געווען געדיכט אָנגעזאפט מיט בלוט-געזאַלצענעם ריח, איז פול געווען מיט אָפּגעריסענע כאָרכלען פון די שטארבנדיקע; געוויין און געבעט; געשרייען פון די באזיגטע, און די חייל-געשרייען פון די זיגער.

דינה, האַלטנדיק צוגעדריקט צו זיך די ציטערנדיקע קינדער, לאה׳לען און מנחמ׳ען, איז געלעגן פארשטעקט אין אַ וויין-קעלער. אין דער סומנעקייט פון קעלער האָט די שרעק געדיכטער נאָך געשווארצט די שווארצע וואנט, צו וועלכער זי איז דערגאנגען... דער מוט האָט זי פארלאָזן, און זי איז, ווי א געליימטע געבליבן ליגן אויף דער ערד.

אין מוח האָט נאָר איין געדאנק איצט געהאמערט: דער סוף איז געקומען. וויפיל מאָל האָט זי שוין געטראכט וועגן דעם אומפארמיידלעכן סוף, וויפיל מאָל האָט זי געדריקט דאָס הענטל פון קינדשאַל, וואָס וועט מיט איין שטאָך מאכן אן ענדע צו אַלץ און אויף אייביק פאראייניקן זי מיט שמעונ׳ען.

און דאָך זיינען אירע הענט איצט געבליבן געליימט און איר גאנצע אנטשלאָסנקייט פאראַליזירט.

און די צוויי יתומים ליגן און ציטערן...

אין מוח הייבט אָן זיך וועבן א נייער קנויל געדאנקען. אַלץ איז איבערגעפלאָכטן און אזוי פארפלאָנטערט. איין געדאנק רופט און מאָנט: „רייס איבער דעם פאָדעם פון לעבן, מאך אן ענדע צו דער פינצטערער נאכט וואָס שפרייט זיך פאר דיר!” און דאן טויכט אויף אן אנדער געדאנק, וואָס איז נאָך דערווייל מטושטש, אָבער דאָך שטאַרק, ווייל ער קומט פון א מאָדנער טיפעניש און דער דאָזיקער געדאנק רופט: האַלט! האַלט!

# דאָס פֿאַלן פֿון ביתר

אזוי איז זי שעה׳נווייז געלעגן. דער קעלער איז געוואָרן אינ־גאנצן טונקל. נאַכט איז צוגעפאַלן. ענדלעך האָט זי צונויפגע־קליבן געווגנוג מוט. אירע צונויפגעקאָרטשעטע קני האָבן זיך גע־נומען אויסציען און אויסגלייכן. אירע טרייסלענדיקע הענט האָבן קראַנקהאפט געדריקט אין די פינגער דעם קינדשאַל. זי האָט איר האַנט אויסגעצויגן צו דערלאַנגען דעם לעצטן באַוועג. אָבער איר האַנט איז מאַכטלאָז אראָפּגעפאַלן און דער קינזשאַל איז מיט א קלונג געפאַלן צו דער ערד.

די קליינע לאה׳לע און מנחם, נאָך מער צעשראָקענע, האָבן זיך שטאַרקער גענומען קלאַמערן אָן איר. זי האָט צו זיי אראָפּגעקוקט, צוגעדריקט זיי שטאַרקער צו זיך... א פּיינלעכער קאַמף האָט צו־זאַמענגעדריקט איר האַרץ. יהודה׳ס געשטאַלט — אין דער לעצ־טער נאַכט פון זיין לעבן — דער פאָטער פון די קינדער — איז אויפגעשוואומען פאַר אירע אויגן און אין אירע אויערן האָבן ווי א געבעט אָפּגעקלונגען זיינע לעצטע ווערטער.

זי האָט אויפגעשווידערט. יהודה׳ס ווערטער האָבן זי גערופן צום לעבן און זי האָט זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אָן דעם געדאַנק פון טויט, ווי א פאַר׳משפּט׳ער קלאַמערט זיך אָן דעם מזבח...

— פאַרגיב מיר, יהודה, איך קען ניט... — האָבן אירע ליפּן קוים ארויסגעשעפּטשעט.

זי האָט געמאַכט א געוואַלדיקע אָנשטרענגונג און אירע פינגער האָבן ווידער קראַנקהאַפטיק אויפגעהויבן דעם קינזשאַל. מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ א וויג געטאָן. א שוואַרצע כמארע איז אריינגע־דרונגען אין איר און זי האָט אָפּגעטיילט פון די טונקעלע ווענט פון קע־לער און אויך פון די קליינע, לאה׳לע און מנחם...

אין דער שוואַרצער כמאַרע האָט זי זיך אינגאַנצן אויפגעלייזט. דאַן האָט א שרעק דורכגעציטערט איר גאַנץ וועזן. זי האָט דער־פילט ווי זי פאַלט און פליט אין א טיפן תהום. אַרום איר זיינען געהאַנגען געדיכטע ווענט פון חושך און זי איז געפלויגן און גע־פלויגן אין אָפּגרונט. דערנאָך האָט די שרעק עטוואָס אָפּגעלאָזט. דער חושך האָט גענומען ווערן שיטערער. דורך א טומאַן, ווי דורך א וואָלקן שטויב האָט זי געזען אין אַן אומענדלעכער פּראָצעסיע

פארביישלייכן פאר איר איינגעהויקערטע פיגורן פון מענער, פרויען און קינדער, טראַגנדיק זייער לעצטן דלות אין די הענט. ביי די זייטן האָבן באַפאַנצערטע רייטער אומ׳רחמנות׳דיק זיי געטריבן מיט בייטשן. יעדער בייטש פלעגט מיט א סווישטש זיך אראָפּלאָזן אויף די פלייצעס פון די געטריבענע, פלעגט זיך צוזאמענגיסן מיט זייער פארשטיקטן וויי־געשריי און פארשטיקטן שלוכץ.

דערנאָך האָט זי געזען די זעלבע געיאָגטע אין ענגע, שמאָלע געסלעך פון פארצאמטע קווארטאלן. אָן פרייד און אָן לעבן האָבן זיי זיך דאָרטן ארומגעדרייט. די פּנים׳ער בלאַסע, די רוקנס איינ־געבויגן, און טויט האָט געהויערט אין די אויגן. נאָר אָפט פלעגט דורך די אויגן דורכבליצן גאָר אן אנדער פייער, דורכבליצן און זיך פארלעשן. און אז זי האָט זיך גוט איינגעקוקט האָט זי דערזען, אז דאָס האָט נאָך אין זייערע אויגן דורכגעלויכטן דאָס פייער פון די זעלאָטן.

אָט מיט דעם פייער האָט זי זיי געזען גיין צום טויט, צום קאמף, צום שייטערהויפן. גענערט פון אָט דעם פייער האָט זי זיי געזען קעמפן פאר יושר, פאר איין גאָט, פאר משפט און גע־רעכטיקייט.

און די שווארץ און פייער־זעאונג האָט ניט אָפּגעלאָזט. עפּעס ליכטיקס, יאָ, אזא ליכטיקס אזוי אויפגעגאנגען אין דער כמארע... זי הערט א קול, ווי א עכאָ פון דער ווייט. זי זעט: זיי, די געהויקערטע געשמיסענע, געטריבענע, זיי רייסן זיך דורך די ווענט פון די ענגע קווארטאלן, רייסן זיך ארויס פון די שמאָלע ענגע געסלעך און לאָזן זיך ערגעץ ווייט מיט ניי־אויפגעהויבענע פאָנען. און שטארק און מעכטיק איז זייער דראַנג. איבער לענדער, בערג און ימ׳ען גייען זיי. און זיי גייען מיט געזאנג. דאָס געזאנג האָט זי איינ־גאנצן פארכאפּט און אז זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין די זינגנ־דיקע, האָט זי דערזען פאר זיך גאָר אנדערע מענטשן: שטארקע יונגען און מוידן מיט פארברענטע און צעווינטיקטע פּנים׳ער, מיט גראָב־אייזנס אויף די פלייצעס. זיי שטייגן אויף א בארג! מונטער זייער טראָט. אין די אויגן שיינט גלויבן, — דער גלויבן פון די זעלאָטן. א מאָדנע פרייד האָט א שלאָג געטאָן צו איר הארץ, ווייל

# דאָס פּאַלן פון ביתר

זי האָט דערקענט דעם פירער פון דער מחנה. זיין ברייטע פּלייצע, זיין שטארקע ברוסט און מער פון אלץ די אויגן, האָבן זי אָן עפּעס דערמאָנט. „יהודה”, איז איר דורכגעלאָפן א געדאנק און מיט אמאָל איז איר קלאָר געוואָרן:

— מנחם! מנחם! מנחם! — האָט זי מיט אַלע כחות גענומען שרייען און האָט זיך אויפגעכאפּט...

נאכט איז נאָך געווען אין קעלער. שאָטנס פון פייער־שטור־קאצן האָבן זיך געוויגט און באלויכטן די געשטאלטן, וואָס זיינען געשטאנען ארום איר. די שאָטנס זיינען געווען אזוי ווייט פון די ביזארע בילדער וואָס זי האָט נאָר־וואָס געזען. אָבער ווער זיינען זיי? וואָס ווילן זיי פון איר? וואָס ריידן זיי צו איר? זי הערט דעם קלאנג פון ווערטער און פארשטייט זיי ניט...

— דאָס בין איך... איך, לאריטיוס, דינה! דינה, האָב קיין מורא ניט. וואָס איז מיט דיר? דו האָסט אזוי געשריען... דו האָסט מיך אזוי דערשראָקן...

דינה האָט אָפּגעשטעלט אירע אויגן אויף לאריטיוס'ן מיט זיינע באגלייטער. זי האָט געקוקט מיט א מאָדנעם פארשטארטן בליק פון פאַרגלייזטע אויגן.

לאריטיוס האָט דעם בליק ניט אויסגעהאלטן. זיין הארץ איז איינגעקראמפּט געוואָרן פון ווייטיק. ער האָט געפילט ווי צוצופאלן צו אירע קני און בעטן מחילה, פּונקט ווי ער אליין וואָלט געווען דער שולדיקער אין אלץ. זיין הארץ איז פול געווען מיט אומרו פאר איר זין, פאר איר פארשטאנד...

דינה האָט אראָפּגענומען דעם פארשטארטן בליק פון לארי־טיוס'ן. אירע וויעס האָבן זיך אראָפּגעלאָזן און זי איז פארזונקען געוואָרן אין א רואיקן שלאָף, ווי אין א תהום...

ס'האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז וואנען לאריטיוס'ן איז געלונגען צו ברענגען דינה'ן צו זיך. ער האָט זי פון קעלער ארויס־געפירט. אין שטיבל האָט ער זי אוועקגעלייגט אויף א צונויפגע־נייטן שטרוי־מאַטראַץ און אריינגעגאָסן אביסל וואסער אין אירע לעבנסלאָזע ליפּן. זי האָט זיך ניט געוועקט. געלעגן, געלעגן. דער־נאָך האָט זי די אויגן ברייט פאנאנדערגעעפנט און געקוקט אויף לאריטיוס'ן.

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער איר:

— אָ, דינה! קוק ניט אזוי אויף מיר! קוק ניט אויף מיר ווי אויף א רוימער! ניט ווי א שונא בין איך אהער געקומען, אויפ־געזוכט דיך צווישן די קרבנות. איך בין געקומען ראטעווען דיך. קום מיט מיר! קום מיט מיר אין רוים. אין מיין הויז אין פּאַלאַ־טין; דאָרטן וועל איך דיך ארומרינגלען מיט א רואיקן לעבן; דאָרטן צווישן די בליענדיקע גערטנער וועסטו פארגעסן דעם שוידער פון דער מלחמה און דיינע וואונדן וועלן זיך פארהיילן.

זי האָט געקוקט אויף אים און געשוויגן. ערשט איצט האָט זי גענומען באגרייפן וואָס דאָ קומט פאָר, און מיט אמאָל איז זי אומרואיק געוואָרן: וואו זיינען לאה׳לע און מנחם?

זי האָט געמאכט אַן אָנשטרענגונג און איז מיט וואקלדיקע טריט אראָפּ פון געלעגער. זי האָט זיך געלאָזט צום וויין־קעלער אין הויף. לאריטיוס האָט זי פארהאלטן און ניט געלאָזן ווייטער גיין. איר בליק איז געוואָרן נאָך אומרואיקער און כמעט וואנזיניק האָט זי גענומען היסטעריש שרייען:

— וואו? וואו זיינען זיי? וואו זיינען מיינע קינדערלעך?!

— דיינע קינדערלעך? — האָט לאריטיוס שטיל איבערגע־פרעגט מער מיט ווייטיק, ווי מיט פארוואונדערונג. איצט איז ער געווען זיכער אז זי האָט פארלאָרן איר פארשטאנד.

— וועלכע קינדערלעך? — האָט ער זי געפרעגט.

— לאה׳לע, מנחם! האָסט זיי ניט געזען?

לאריטיוס האָט זיך דערמאָנט, אז דערנעבנטערנדיק זיך צום וויין־קעלער, וואו ער האָט דינה׳ן געפונען, האָט ער געזען, ווי א סאָלדאט פירט ארויס א מיידעלע מיט א אינגעלע.

— זיי זיינען דאָ, זיי לעבן. א סאָלדאט האָט זיי נאָר־וואָס אוועקגעפירט, — האָט לאריטיוס געזאָגט.

דינה האָט זיך מיט אמאָל בארואיקט. אירע אויגן האָבן ווי־דער באקומען דעם אמאָליקן אויסדרוק. נייע כחות האָבן גענומען פילסן צו באגעגענען די נייע צרות. זי האָט דאנקבאר ארויפגע־קוקט צו לאריטיוס׳ן. זי איז צו אים מיט וואקלנדיקע טריט צו־געגאנגען און זיך צעכליפּעט. איצט איז ער געווען פאר

## דאָס פאַלן פון ביתר

איר דער איינציקער אנקער אין א ים מיט פיין און צרות. אזוי איז זי געשטאנגען א ווײַלע, דערנאָך האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט.

— פארבלײַב געזונט, לאַריטיוס!

לאַריטיוס איז פארשטיינערט געוואָרן. זיינע ליפּן האָבן קוים ארויסגעשטאמלט:

— וואוהין, דינה?

זי האָט מיט איר האַנט געוויזן אויף דער פינצטערער נאכט:

— איך גיי, מיט זיי דאָרט, מיט אונדזערע!

לאַריטיוס האָט געקוקט אין דער פינצטערער נאכט. שאָטנס האָבן זיך דאָרט באוועגט. שאָטנס פון באַזיגטע וואָס ווערן גע־פירט אויפן שקלאַפן־מארק. ער האָט אויסגערופן:

— ס׳איז אוממעגלעך, דינה! דו, א שקלאַפין! שווער איז מיר צו פארשטיין דיך, דינה! אָבער איך בעט דיך, שטויס מיך ניט אָפּ אצינד. דורך די אַלע יאָרן האָב איך שטיל געטראָגן מיין ליבע צו דיר, דינה. און איצט... איצט ווען דיין פאָטער און שמעון זיינען טויט, פיל איך אז צוליב דעם הייליקן ליבע־געפיל בין איך בארעכטיקט צו זאָרגן פאר דיר. קענען מיר דען ניט פארגעסן דעם תהום וואָס ליגט צווישן איד און רוימער? קענען מיר דען ניט געפינען א ווינקל, וואו מיר זאָלן קענען לעבן א פרייען לעבן?

האָט דינה אזוי געזאָגט:

— דיינע ווערטער מונטערן מיך, לאַריטיוס. איך דאנק דיר פון מיין טיפן הארצן. זיי ווייזן מיר אז די וועלט איז נאָך ניט אזוי שווארץ. אז נאָך זיינען פאראַן אזוינע גוטע, נאָבעלע מענ־טשען, ווי דו. כ׳וואָלט געבעטן גאָט, אז עס זאָל ניט זיין קיין תהום צווישן מענטש און מענטש. אָבער, לאַריטיוס, כל זמן עס זיינען דאָ אזוינע אומגליקלעכע אויף דער וועלט, ווי מיינע ברידער און שוועסטער, וועט מיין הארץ זיין מיט זיי.

זי איז שווייגנדיק א ווײַלע נאָך געשטאנען לעבן לאַריטיוס׳ן, נאָר אן אויסגעשריי פון א פארוואונדעט קינד האָט זי ארויסגע־פירט פון איר צושטאנד. זי האָט לאַריטיוס׳ן נאָך אמאָל דער־לאַנגט איר האַנט און איז ארויסגעגאנגען צו דער מחנה, וואָס איז פון די אַנטרייבער געפירט געוואָרן. דאָרט האָט זי דערזען דעם

קליינעם מנחמ׳ל און לאה׳ן וויינענדיקע. האָט זי זיי אָפּגעווישט די טרערן, גענומען לאה׳לען פאר א הענטל, צוגעטוליעט מנחמ׳ען צו זיך, און מיט זיי, און אינאיינעם מיט אלעמען, אוועק אין דער פינצטערער נאכט.

לאריטיוס איז געבליבן אליין. א ווײלע איז ער געשטאנען אָן באוועגונג, ווי פארשטיינערט. מיטאמאָל האָט ער זיך דערפילט אזוי איינזאם. זי איז אוועק. אוועק! און מורא׳דיק אומהיימלעך האָט ער זיך דערפילט אין דעם ארום. ער האָט געוואָלט אנט־לויפן. אָבער וואוהין זאָל ער גיין? קיינמאָל־קיינמאָל, האָט ער געפילט, וועט ער ניט קענען אליין גיין צוריק צו דעם אמאָליקן לעבן זיינעם. אָבער—וואוהין? וואוהין? דאָ האָט ער מיט שנעלע טריט געלאָזט זיך אהין, וואוהין דינה איז אוועק. ער האָט זי אָנ־געיאָגט, שווייגנדיק אנגענומען מנחמ׳לען פאר א הענטל, און אינ־איינעם מיט דינה׳ן אוועק אין דער לאנגער נאכט פון גלות.

——— סוף ———